# די משפחה ערליך

## קאַפּיטל איינס

דאָס שטיבל איז געווען ליידיק. ס׳איז געווען אין די שפּעטע נאַכט־שעהן. אין אַ ווינקל אין מזרח איז איינער אַליין געזעסן ר׳ יעקב ערליך אַריינגעטאָן אין לערנען.

אַ קוים באַמערקבאַרער שיין פון אַ קליין וואַקסן ליכטל, האָט ווי אַ צאַנקנדיקער אָטעם פון אַ גוסס, אַרויסגעשיינט פון דער פינצטערניש אַרויס.

ס׳האָט זיך אים היינט נישט געלערנט ר׳ יעקבן. אין דער אַליינ־קייט און שטילקייט פון דער נאַכט, וואָלט ער בעסער געקענט קאָנצענטרירן זיינע מחשבות.

די צרות הכלל אָבער האָבן זיך אים אַריינגעמישט און האָבן געשטערט די פריידן און קלאָרקייט פון זיין געדאַנק. און ס׳האָט זיך פון אים ווי פון אַ קראַנקן, פון צייט צו צייט אַ קרעכץ אַרויסגעריסן: „עד מתי, רבונו של עולם?... ווי לאַנג וועלן מיר וואַרטן אויף דער גאולה״?

„דאָס שלעכטס איז אַזוי גרויס, אַז מיר זענען עס נישט בכוח מתקן צו זיין. סיידן, סיידן, אַל תפתח פה... עס וועט שוין נישט זיין פאַר וועמען״... ביים דאָזיקן געדאַנק איז ער אַ פאַרמאַטערטער פון אַריינלאָזן זיך אין ענין פון „שבירת הכלים״ — אַנטדרימלט געוואָרן.

די צייט האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן. עבר און הוה האָבן זיך אויסגעמישט. זענען געוואָרן איינס. ער האָט זיך אַ צינד געפונען אינעם אַלטן אַלקסנדריה של מצרים. אינעם סאַמע מיטן פון אַ מורא־דיקן פּאָגראָם איבער די אַלכסנדרינער יידן.

די יידישע הייזער זענען צעפּלינדערט און דער יידישער קוואַרטאַל ברענט. אַן העליש פייער שפּרייט זיינע פונקען ווייט איבערן קוואַר־

טאָל. ס׳פייער איז אַזוי שטאַרק, אַז מען קען עס נישט צוימען. אַפּיונס באַנדעס (גריכישע אַנטיסעמיטן) בושעווען איבערן קוואַרטאַל.

יידישע פרויען אין פיין און צעמישונג, וואַרפן זייערע קינדער פון די הייזער. זיי ווערן אינדרויסן אויפגעכאַפּט פון די יידן־פיינט־לעכע שפּיזן. לעבעדיקע פאַקעלן לויפן פון די הייזער אונטער דעם בלוטיקן געלעכטער פון די יידן־פיינט, אַפּיונס אַנהענגער.

און שוין געפינט ער זיך אין טולטשין. די יידן זענען פאַרמאַכט אין דער טולטשינער פעסטונג, וואָס איז אַרומגערינגלט פון גאַנטעס באַנדעס. די פּאַליאַקן ברעכן זייער שבועה און גיבן אַרויס די זיך פאַרטיידיקנדיקע יידן, וועלכע ווערן דורך די היידאַמאַקעס פאַר־שניטן.

אַ שווייס־בעגאָסענער האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און האָט שוין נישט געקענט פאַרזעצן זיין לערנען. ער האָט זיך ענדלעך צונויפ־גענומען און האָט זיך אין דער שפּעטער נאַכט־שעה אַהיימגעשלייכט.

*

די נאַכט איז געווען אַ שטאַרק קאַלטע. דאָס פרעסטל האָט געקנאַקט אונטער די פיס, ווי טרוקענע צווייגן אין וואַלד־געטראָט. אַ פּראָסטיקע לבנה איז אַפּיר פון אונטער אַ וואָלקן און איז ווי אויף אַ ווייל געבליבן הענגען איבער אַ שניי־פאַרדעקטן קאַרשן־בוים. די דאָזיקע קרירה האָט פון אים פאַרטריבן אַלע זיינע פריערדיקע מחשבות און זאָרגן. ער איז צוריקגעקומען צום רעאַלן לעבן.

— אייגענטלעך האָט ער זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן. ער מעג פון זיך אַליין זיין צופרידן. זיין מצב איז אַ נישקשהדיקער. ער האָט דערצויגן אַ זון לחופה און מעשים טובים, ווען עס גייט מעלה, מעלה...

דער בראָנפן־מאַנאָפּאָל וואָס זיין שלמה האָט פון איוואַנאָוון געקראָגן, האָט אים געמאַכט פאַר אַ גביר. אָן זיין שאָדן אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן. און דאָס אייניקל בערעלע, וואַקסט אויך אַ ייד. ער גרייט זיך פאַר אַן עילוי. ער מוז שוין פאַר אים זוכן באַזונדערע רביים, אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, וועט ער מיט השם יתברכ׳ס הילף פון אים האָבן פיל נחת.

אמת, מער ווי שלמה׳ן דעם בן יחיד האָט ער נישט. נו, האָפּט

ער, אַז דער „כל יכול״, וועט אים דערפאַר ממלא זיין מיט אייניקלעך. ער אַליין, דאַרף צו קיינעם נישט אָנקומען. ער קען זיך שוין פאַר־גינען צו זיצן על התורה ועל עבודה.

איז אָבער „כל ישראל ערבים זה לזה״ און מען טאָר נישט טראַכטן בלויז פון זיך. בפרט ווען די רשעים האָבן זיך באַך אַלץ נישט באַרואיקט. זיי לאָזן דעם ייד נישט אָפּ.

די גזירות פאַרשטאַרקן זיך און מען קען נישט וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. און אַז ס׳איז אַזוי „כשהשנים כתיקונם״, ווי וועט שוין זיין אַז עפּעס זאָל זיך חלילה אַ דריי טאָן ?... דאַן זאָל ה׳ שומר ומציל זיין, זענען מיר אַפילו מיט די לעבנס נישט זיכער. אָט אַזוי איז דער גלות. ביזט „כחומר ביד היוצר״ תמיד ביים רשע אין דער האַנט.

ער האָט שטיל געעפנט די טיר פון זיין וווינונג נישט אויפצוּוועקן די אשה און האָט אַזוי שטיל זיך געלעגט שלאָפן. זייבע פריערדיקע זעאונגען האָבן זיך אים איבערגעחזרט.

ער איז אַרויס פון איין קאַשמאַר און איז אַריין אין אַ צווייטן. כוליגאַנעס שלאָגן און שטעכן ביז צום טויט יידן. עס דערנענטערט זיך צו אים איינער פון זיי מיט אַן אויפגעהויבענעם דראָנג און וויל אים פלעטן דעם קאָפּ. ער הייבט אָן שרייען, ביז זיין ווייב ברײנדל האָט הערנדיק די געוואַלדן אַ דערשראָקענע זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

זי איז אַראָפּ פון בעט, האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און אויס־שפּייענדיק אייניקע מאָל : „אויף אַלע וויסטע וועלדער און פעלדער״, איז זי צו צו איר מאַן און האָט אים אויפגעוועקט.

— וואָס איז יאַנקל, וואָס שרייסטו אַזוי ? עס טוט דיר חלילה עפּעס ווי ?

— ס׳איז גאָרנישט ברײנדל. עפּעס אַ נאַרישער חלום. האָט ער איר געפּרוווט באַרואיקן.

אויף צו מאָרגנס נאָכן דאַוונען, האָט ר׳ יעקב באַשלאָסן אַוועק־צוגיין צום זון מיט אים זיך אַ דורכצורײדן וועגן ליקווידירן דעם בראָנפן־מאָנאָפּאָל. ער האָט מורא געקראָגן פאַר שלמה׳ן און ער האָט געוואָלט ער זאָל אָפּלאָזן דאָס געשעפט. אין אַזעלכע צייטן האָט ער געטראַכט, איז אַ בראָנפן־געשעפט אַ „מקום מוכן לפורעניות״ און מען דאַרף דערפון וואָס גיכער פּטור ווערן.

ער האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז עס וועט פאַר שלמה׳ן נישט זיין אַזוי גרינג אויף אַ צייט צו בלייבן אָן אַ געשעפט. האָט ער דעריבער באַשלאָסן גלייך צו קומען מיט עפעס. — ער וועט אים פאַרלייגן אַ ניי געשעפט.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען טראַכטן וועגן אַ פּאַסיק געשעפט פאַר אים. ער האָט געוואָלט האָבן אַזאַ געשעפט, וואָס זאָל אי מיט דער הכנסה נישט אָפּשטיין פונעם פריערדיקן און אי ס׳זאָל פאַר אים אויך זיין פּאַסיק.

„יאָ", האָט ער געטראַכט. אויף פּרנסות און טויגנגען זענען פאַראַן פּאַסיקע און נישט פּאַסיקע. בפרט פאַר אַ ייד. אָט טאַקע אַזאַ בראָנפן־מסחר ווי שלמה׳ס, מעג עס אַפילו זיין בלויז אַן הורט־פאַרקויף וואָס האָט מיטן אייגענטלעכן שיכור נישט צו טאָן, איז פאַר זיין זון נישט קיין עסק. און ער האָט זיך דערמאָנט אין קליג־קעוויטשן, דעם ריבניקער פריץ.

אינעם געשעפט איז געווען לעבעדיק. ווי אויף אַ יריד. דאָס זשוּיבעכץ איז געווען אויסערגעוויינלעך. די אָנגעשטעלטע צוזאַמען מיט שלמה׳ן האָבן נישט געהאַט קיין הענט צו ענטפערן.

הורטאָווניקעס און לאַהדימניקעס האָבן די סחורה געריסן פון די הענט. וואָס מער דער ווינטער האָט זיך געשטאַרקט, אַלץ מער האָט מען געריסן דעם ביטערן טראָפּן. און אין מיטן דערינען, זענען אויך אָנגעקומען אַ פאָר הויכע „קנעפּלעך", מיט וועמען שלמה איז אַריין אין אַ חדר מיוחד.

ר׳ יעקב איז געווען אומגעדולדיק. ער האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן שלמה זאָל ווערן פריי. און אין שטוב האָט ער וועגן אַזעלכע זאַכן נישט געוואָלט ריידן.

ער האָט מיט אים געוואָלט זיין אויג אויף אויג. שלמה אָבער האָט דעם אָטעם נישט געקענט אָפּכאַפּן פון פאַרנומענקייט. נאָר דערזעענדיק דעם טאַטן, האָט ער צוליב דרך ארץ אַלץ איבערגעלאָזט און איז מיט אים אַריין אין קאַנטאָר.

— מיין זון, האָט ר׳ יעקב אָנגעהויבן. איך בין געקומען אין אַ וויכטיקן ענין. דאָס האַרץ זאָגט מיר נישט אָן קיין גוטס. איך האָב מורא פאַרן מאָרגן. „איזה חכם הרואה את הנולד" זאָגן אונדזערע חכמים. און ווער נאָך מער ווי אַ ייד, דאַרף זיין אַ רואה?... זיך פאַר־טראַכטן איבערן מאָרגן?

דאָס געשעפט איז טאַקע אַ גאָלדן געשעפט. נאָר אַ ייד דאַרף וויסן ווען זיך אָפּצושטעלן. מער ווי דיר האָב איך נישט און איך וויל דיר נישט פאַרלירן. דיין זיידע דער „בעל הכרם" זכותו יגן עלינו, איז אומגעקומען דורך די אכזרים און מען איז מיר ווי מרמז פון אויבן. איז בכן מיין עצה שלמה, פאַרקויף דאָס טרינק־געשעפט. לאָז זיך דערפון אַרויס.

עס דערטראָגן זיך צו מיר נישט קיין פריילעכע שמועות. ביזט דער איינציקער מאַנאָפּאָלטשיק אין דער גובערניע און דאָס רייסט אויף די אויגן. אַפילו דיינע אייגענע נאַטשאַלניקעס וואָס זויגן פון דיר דאָס בלוט, וועלן חלילה צולייגן אַ האַנט, דו קענסט נישט „פּאָניען". און ווער ווידער איז קעגן יידן נישט קיין „פּאָניע" ?...

שלמה'ן איז נאָך דעם טאַטנס רייד אַלץ געפאַלן פון די הענט. אַ קלייניקייט, אַוועקוואַרפן אַזאַ שמאַלץ גרוב. און וויפל אַזעלכע געשעפטן וואַלגערן זיך עס אין די גאַסן ?

ער האָט אָבער זיין טאַטן גוט געקענט. ר' יעקב איז געווען אַן אָנגעזעענער למדן. אַ בקי און חריף, האָט נישט איין קהילה אים געוואָלט האָבן פאַר איר רב. נאָר ר' יעקב האָט אַלץ אָפּגעזאָגט. ער האָט נישט געוואָלט לעבן פון רבנות.

ער האָט זיך צו זיין מעמד אַליין דערשלאָגן. און ווען ער האָט געזען אַז ער האָט שוין גענוג, האָט ער איבערגעריסן אַלע זייַנע מסחרים און האָט זיך אומגעקערט צו דער תורה.

און מיט אַלץ וואָס שלמה פאַרמאָגט, אויך מיט זיין בראָנפן־געשעפט, האָט ער נאָר דעם טאַטן צו פאַרדאַנקען. און אַז דער טאַטע עצה'ט אים עס צו פאַרלאָזן, איז עס נישט אַזוי פשוט.

און זיין טאַטע איז נישט נאָר אַ למדן, נאָר אויך אַ קלוגער ייד, צו וועמען אַ סך הערן זיך צו. און ער האָט זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטן אויפן אָוונט ווען ער וועט שליסן דאָס געשעפט און ער וועט זיך מיט זיך אַליין מישב זיין.

*

די שטוב אַן אָנגעהייצטע און די לאָמפּן העל צעצונדן, האָט שלמה'ן ביי זיין אַריינקומען אַרומגעכאַפּט אַ ליכטיק־פריידיקע וואַרעמקייט וואָס האָט געמילדערט זיין נישט צו גוטע שטימונג. ער

איז געווען צופרידן וואָס ער איז פריי פון געשעפט און ער וועט זיין מיט זיך אַליין.

אויפן טיש איז שוין דער אָוונט־ברויט געשטאַנען גרייט און האָט געוואַרט אויף אים. ביילטשע זיין יונג, שיין ווייבל, ביי וועמען אַלץ איז געווען אַזוי אויסגערונדיקט און רייף, ווי אַ רונדע רייפע פרוכט, האָט זיך אויף איר שטייגער שוין געוואָלט צו אים אַנהויבן לאַשטשען.

נאָר דערזעענדיק די געענדערטע מראה אויף זיין פנים, האָט זי זיך צוריקגעצויגן, — ווי איינער וואָס דערזעט מיטאַמאָל פאַר זיך עפּעס אַ סכנה.

זי האָט אים דערווייל אויסגעמיטן עפּעס צו פרעגן, נישט וועלנ־דיק שטערן דאָס עסן. אויך דער קליינער אומרו, בערעלע, האָט פאַרשטאַנען אַז אַצינד איז נישט קיין צייט צו שטיפן.

שלמה איז גלייך נאָכן עסן אַריין צו זיך אין קאַבינעט און האָט קודם גענומען באַטראַכטן דעם לעצטן געשעפטס־באַלאַנס. ער האָט ליב געהאַט קלאָרקייט. און ער האָט איידער וואָס ווען, — געוואָלט פאַר זיך אַליין האָבן אַ קלאָר בילד.

דער באַלאַנס האָט אַרויסגעוויזן אַ נאָך גרעסערע הכנסה ווי אין די פריערדיקע יאָרן. און ער האָט נאָכן אָפּשליסן דעם חשבון אויפסניי אָנגעהויבן באַטראַכטן די גאַנצע סיטואַציע.

ער האָט אויסגעלייגט ווי מען לייגט אויס אַ סחורה, אַלע זיינע געדאַנקען וועגן דער זאַך. אַלע פּראָ און קאָנטרעס: — געלד האָט ער גענוג. עס וועט אים קלעקן אויף אַ פיין געשעפט.

„נאָר וואָס דען, אַזאַ ריוח ווי דער מאָנאָפּאָל גיט וועט אים שווער זיין צו געפינען, וועט אָבער דערפאַר די ריזיקע זיין אַ קלענערע. ער קען נאָך ביי דעם פאַרלירן נישט נאָר דעם פּראָצענט מיטן קרן, נאָר אויך דעם נפש. און ער האָט פעסט אָנגענומען זיין באַשלוס.

אַצינד ערשט האָט ער אַריינגערופן ביילטשען און האָט איר אַלץ קלאָר געמאַכט. אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרץ. זי האָט געמיינט, ווער ווייסט וואָס...

— „נו, מילא, אויב דער שווער הייסט דיר אַזוי און דיר אַליין זעט עס אויך אַזוי אויס, איז וואָס איז שייך צו זאָגן, וואָס קען איך, אַ נאַרישע אשה, זיך אַריינמישן? טו ווי דו פאַרשטייסט.

„קיין מאַנאָפּאָלטשיק ביזטו נישט געבוירן געוואָרן. און איינ־שטעלן זיך דאַרף מען אויך נישט. ס׳איז אַלץ אַ גאָט־זאַך, מסתּם דאַרף עס אַזוי זיין". האָט זי פּרום פאַרענדיקט.

שלמה׳ן איז נאָכדעם געוואָרן גרינגער. ווי אַ גאַנצער באַרג וואָלט פון אים אַראָפּ. אָן אומגעדולדיקער, האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן קיין לאַנגע ישוב הדעתן. אַזאַ צייט איז פאַר אים געווען די ערגסטע. ערשט נאָכן באַשליסן וועגן עפּעס, איז ער געווען ווי ניי־געבוירן. ווי אַ נייער גייסט וואָלט אין אים אַריין.

ער האָט גלייך געוואָלט רופן משה־מענדלען, ער זאָל אים באַראַיען אַ ניי געשעפט. נאָר איידער נאָך ער האָט זיך אַ ריר געטאָן האָט ווער אָנגעקלאַפּט אין טיר.

זאָשע, די דינסט מיטן צעיורענעם גוף און ברייטע היפּטן, האָט געעפנט די טיר און ס׳איז אַריין איוואַנאָווס באַדינער, יעווגעני. ער האָט געבעטן מען זאָל אים אַריינלאָזן צו שלמה׳ן. ווי נאָר ער איז אַריין, האָט ער אונטערטעניק זיך אויסגעגלייכט און ווי פאַר זיין געביטער סאַלוטירט. ער איז געקומען מיט דער שליחות: אַז זיין האַר וויל שלמה׳ן מאָרגן דרינגנד זען.

גראַף איוואַנאָוו, אַ פּאָלקאָווניק און קרייז־נאַטשאַלניק, איז געווען דער האַר און געביטער פונעם גאַנצן קרייז. ער האָט געשטאַמט פון די אַלטע רוסישע באַיאַרן. דעם גוט וואָס ער האָט פון זיינע עלטערן געירשנט, האָט ער שוין לאַנג פאַרתכלעוועט. ער האָט אַצינד ווי די איבעריקע צאַרישע טשינאָווניקעס געלעבט פון זיין געהאַלט און פון זיינע זייטיקע פאַרדינסטלעך...

נאָר דאָס אַלץ האָט אים נישט געקלעקט פאַר זיין אויסקומעניש. ער האָט געהאַלטן אין איין שיכורן און הולטאַיעווען דער רויט־באַבערדלטער פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו. און דאָס פעלנדיקע, האָבן אים די יידן פון זיין קרייז געדאַרפט צושטעלן. וועגן דעם — איז זיין באַדינער געקומען צו שלמה׳ן.

יעווגעניס אַריינקום האָט שלמה׳ן צעמישט. פונקט אַצינד, ערב דער ליקווידאַציע פונעם מאָנאָפּאָל, שיקט ער נאָך אים. ווי ער וואָלט וויסן פאָראויס וואָס שלמה קלויבט זיך צו טאָן און וויל ביי אים אַרויסקריגן לעצטגעלד...

און אין דער אמתן, האָט איוואַנאָוו אין שלמה׳ס קאָנצעסיע אויך

געהאַט זיין חלק. שלמה איז אים אָבער נישט געבליבן שולדיק... און ער איז גאָרנישט געווען קיין שעמעוודיקער דער „גאָספּאָדין נאַטשאַל־ניק". ער וואָלט דעם טאַטן מיט דער מאַמען פאַרקויפט פאַר אַ פלעשל קאָניאַק, דער צאַרסקער פּאַטריאָט.

אויף צו מאָרגנס אין אָוונט איז שוין שלמה געווען ביי איוואַנאָוון. איוואַנאָוו, אַן אויסגעפּוצטער ווי צו אַ פּאַראַד, איז געווען אַליין אין זיין קאַבינעט. צו זיין רעכטער האַנט האָט געהאָנגען דעם קיסרס בילד און לינקס פון אים פון גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש.

שיכורלעך, האָבן זיינע באַטרונקענע אויגן יעדעס מאָל געכאַפּט אַ קוק צום קיסרס פּאָרטרעט. אָפּגעכריפּקעט — אַביסל רייד און אַן אונטערטעניקסטן קוק צום „באַטיושקאָ". ווי ער וואָלט וועלן ביי אים בעטן מחילה פאַר די זינד וואָס ער גרייט זיך צו באַגיין.

— איך וויל ביי אייך, „גאָספּאָדין" ערליך, בעטן פינף הונדערט רובל. איך דאַרף זיי זייער נויטיק האָבן.

— איך האָב מיט זיך נישט קיין געלד, הער נאַטשאַלניק. איך וועל זיך באַמיען אייך מאָרגן עס צו ברענגען. אגב, וויל איך אייך שוין מודיע זיין, אַז איך ציִ זיך אַרויס פונעם מאָנאָפּאָל. איך וועל אייך די באַלדסטע טעג אָפּשיקן די קאָנצעסיע.

— פאַרוואָס עפּעס? האָט איוואַנאָוו אַ דערשטוינטער געפרעגט.

— ווייל איך בין אַ ייד און איך וויל נישט אַז ווער פון מיינע — זאָלן צוליב מיר ליידן. עס טויג נישט אין אַזאַ צייט פאַר קיין ייד אָנצוגיין מיט אַ מאָנאָפּאָליזירטן בראָנפן־מסחר. זאָלן די כוליגאַנעס נישט האָבן קיין תירוץ צו שלאָגן יידן.

— דעם קיסרס מאַכט איז גענוג שטאַרק איינצוהאַלטן רו און אָרדענונג, הער ערליך. און איר דאַרפט זיך וועגן דעם נישט זאָרגן.

— יאָ, הער פּאָלקאָוניק. דעם קיסרס מאַכט איז גענוג צו שיצן זיינע אונטערטאַנען. און דאָך לערנט אונדז די דערפאַרונג צו זיין פאָרזיכטיק. און איך אַליין האָב פאַרלוירן אַ זיידן אין די פּאָגראָמען. אָפּזאָגנדיק דאָס, האָט ער זיך פאַרנויגט און איז אַוועק.

עס האָט נישט לאַנג גענומען, ווי שלמה האָט אויספאַרקויפט זיין גאַנצע סחורה. און האָט צוריק געגעבן די קאָנצעסיע. איז געוואָרן פריי פונעם מאָנאָפּאָל און דערווייל אויך פון יעדן מסחר.

**
*

וולאַדיסלאַוו קלינקעוויטש, אַ נידעריקער און פולער, וועמענס בויך און גוידער האָבן זיך ווי אַ שווערע משא געריסן נאָך אונטן און וועמענס גאַנצער גוף האָט זיך ווי אַ קאַטשקע געקייקלט אויף זיינע קרומלעכע פיס, איז געווען אַן אַלטער בחור.

ער איז געווען דער ריבניקער פּריץ, וועמענס גיטער זענען צו אים אַריינגעפאַלן פון זיינע עלטערן און וועלכע ער האָט גוט פאַר־וואַלטעט. האָט אָבער צוליב זיין אויסזען און קאַרגשאַפט, נישט געהאַט קיין דערפאָלג ביי פרויען.

דערפאַר אָבער האָט ער זיין גאַנצע צייט און ענערגיע אָפּגעגעבן זיינע גיטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ גוטן צושטאַנד און וואָס האָבן אים אַריינגעבראַכט מער ווי אַלע אַנדערע.

ער איז געווען דער איינציקער גוט־באַזיצער פונעם ראַיאָן, וואָס האָט נישט געדאַרפט באַצייטנס פאַרקויפן זיינע תבואות. פאַרקערט, ער האָט זיי געהאַלטן ביזן סאַמע נייעם שניט. און ער איז אויך נישט ווי די אַנדערע געווען פאַרשולדיקט, נאָר איז געווען רייך און האָט מיט זיין געלד נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

ער איז געווען אַ ליבעראַלער קריסט וואָס האָט ליב געהאַט צו פאַרקערן מיט יידן. איז אים אויף דער עלטער פאַרמיאוסט געוואָרן צו זיין אַליין און וויסנדיק אַז ער וועט ביי זיין לאַגע און זיינע קרייזן נישט קריגן קיין שידוך, האָט ער באַשלאָסן צו פאַרקויפן זיינע גיטער און זיך באַזעצן אין דער שטאָט ב.

דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, וועט ער פאַרלייגן אַ גרויסע אונטערנעמונג און וועט זיך אויך פאַרשאַפן אַ פריינדין. האָט ער אָנגעהויבן אַריינצוגיין צו מאַשע שיינמאַן, די אייגנטימערין פונעם שענסטן שטאָטישן געשעפט און זיך אָנגעהויבן צו איר דערנענטערן.

דער ביז היינט קאַרגער קלינקעוויטש, האָט מיט אַמאָל מאַשען גענומען פאַרוואַרפן מיט מתנות און האָט פאַרגרעסערט איר געשעפט. און ווען ער האָט איר איבערגעגעבן וועגן זיינע פּלענער, האָט זי אים גלייך רעקאָמענדירט ר׳ יעקבן.

ר׳ יעקב האָט זיך געזען מיט קלינקעוויטשן און האָט אים פאַר־געלייגט צו בויען אַ גרויסע שטיפטן־פאַבריק, צו וועלכער זייך זון וועט צוטרעטן פאַר אַ שותף און וועט אויך העלפן פירן דאָס געשעפט.

און נאָך איידער ר׳ יעקב איז געגאַנגען צום זון וועגן ליקווידירן

זיין פריערדיקן געשעפט, האָט ער שוין געהאַט פאַר זיך דעם פּלאַן פונעם נייעם געשעפט.

ווי גיך שלמה האָט ליקווידירט דעם בראָנפן־מסחר, האָט אים ר׳ יעקב פאָרגעלייגט אַלע פּרטים פון דער דער נייער אונטערנעמונג. ער האָט די איינצלהייטן מיט קלינקעוויטשן נאָך פריער פאַרהאַנדלט.

קלינקעוויטש האָט אויף זיך גענומען איינגאַנצן צו דעקן פאַרן פּלאַץ און די געביידעס, וואָס וועלן דערפאַר געהערן צו אים. שלמה האָט נאָר געדאַרפט געבן זיין גלייכן חלק פאַר די מאַשינען און אויף צו טרייבן די פאַבריק. און ער איז צו די מאַשינען און הכנסה געוואָרן אַ גלייכער שותף.

דער אָפּמאַך איז פאַר שלמה׳ן געווען גינסטיק. ער האָט אים באַפרייט פון אַריינלייגן איבעריקע געלד. און קלינקעוויטש, האָבנדיק געננוג געלד, האָט עס געזוכט אויף אַ זיכערן אופן צו פאַרווענדן.

מען האָט זיך גלייך געשטעלט בויען. מען האָט מיט דער אַרבעט צוגעאיילט. און ס׳האָט נישט לאַנג גענומען, ווי די פאַבריק מיט אַלע אירע איינריכטונגען זיינען געוואָרן פאַרטיק.

ס׳איז געווען די ערשטע פון דעם סאָרט פאַבריק נישט נאָר אין דער שטאָט, נאָר אינעם גאַנצן לאַנד. און אויך די ערשטע קריסטלעך־יידישע אונטערנעמונג אינעם ראַיאָן.

די שטאָט איז געווען צופרידן פון דער נייער אונטערנעמונג וואָס האָט אַריינגעבראַכט מער אַרבעט און לעבן. נאָר ערגעץ וואו האָט מען איר געזוכט צו שעדיקן. מען האָט נישט געוואָלט פאַרטראָגן קיין קריסטלעך־יידישע שותפות.

## קאַפּיטל צוויי

פורים האָט ר׳ יעקב אויך מצרף געווען די שמחה פון חנוכת הבית פון דער קלינקעוויטש־ערליך־שטיפטן־פאַבריק.

אינעם גרויסן עס־צימער ווו עס פלעגן פאָרקומען אַלע יידישע שמחות, זענען שוין אַלע טישן געווען באַזעצט פון חשובי העדה און חסידים. ר׳ יעקב מיט שלמה׳ן זענען געזעסן אויבן אָן און אַרום זיי זייערע נאָענטע.

פייוויש, דער שטענדיקער באַדינער פון די חסידישע שמחות,

איז דעם פּורים באַזונדער געווען אויפגעלייגט. זיין זון האָט אין דער נייער פאַבריק געקראָגן אַרבעט.

איז ער אַרומגעגאַנגען פּייוויש מיט זיין צינטער רויטער באָרד און מיט אַזאַ צעגאָסענעם שמייכל אויף זיין ברייטן פּנים, אַז עס האָט זיך געדוכט, אַז אויך זיין רויטע באָרד שמייכלט.

ער האָט אַרומגעשמאַיעט צווישן די טישן, דערלאַנגדיק חלה מיט הערינג, ביר, אַרבעס און ניס. און ער האָט זיך אויך מטפּל געווען מיטן צאַפּן דאָס ביר פון די פעסלעך.

דאָס צאַפּן דאָס ביר, איז געווען פּייווישעס אַ חזקה נאָך פון די אַלטע צייטן. ער האָט געקענט די קונץ פון אויסליידיקן די ביר־פעסלעך אָן איין טראָפּן צו פאַרלירן.

די סעודה איז דורך בריינדלען און ביילטשען געוואָרן צוגעגרייט מיט אַ ברייטער האַנט. און „כטוב לב״, — זענען די חסידים אַרויס מיט אַ שושנת יעקב, וואָס האָט די ווענט פון ר׳ יעקב׳ס הויז ווי־געשפּאָלטן. נאָר פּייוויש, האָט זיי נאָך אַלץ מיט זיין שטימע איבער־געשריגן.

פון צייט צו צייט נאָר, האָבן דאָס געזאַנג איבערגעריסן, די אָנקומענדיקע פאַרשטעלטע, וואָס זענען פאַרנוייז געקומען איינע נאָך דער אַנדערער.

זיי זענען געקומען אין פאַנטאַסטישע און אין אַלט־יידישע מלבו־שים און אין מונדירן און עפּאָלעטן פון גענעראַלן און פירשטן, וואָס האָבן דער טאָפּלטער שמחה צוגעגעבן פרייד און קאָליר.

ווען דאָס קומען פון די פאַרשטעלטע האָט אויפגעהערט, איז פּייוויש אַפּיר פון אונטערן טיש, האָט פאַרקאָטשערט די פּאָלעס פון זיין קאָפּאָטע און מיטשלעפּנדיק מיט זיך יואלן און יצחקלען איז ער מיט זיי אַרויס אין אַ פּייערדיקן טאַנץ.

די טאַנצנדיקע ראָד האָט זיך פאַרגרעסערט. און וואָס גרעסער די ראָד איז געוואָרן, אַלץ מער האָבן זיך די טאַנצנדיקע זיך צעוואַ־רעמט. אויסגעטאָן פון דער וועלט, פון אַלע וואָכעדיקייטן און פּיינען, — זענען זיי אַצינד, געוואָרן איין טאַנצנדיקער פלאַם.

פּייוויש איז אַרויס פון ראָד און האָט אין איר אויך אַריינגעשלעפּט שלמה׳ן און אַלע איבעריקע. און אַלע צוזאַמען האָבן זיך אַ צינד געפונען אין איין געשלאָסענעם רינג.

דערנאָך האָט פּייוויש דעם רינג פונאַנדערגעשפּרייט, זיך געמאַכט אַן אָרט, און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ „קאַזאַטשאָק".

און האַנט אויף האַנט פאַרלעגט, פיס אויף פיס פאַרוואָרפן, איז ער אַריין אין אַ ווילדן עקסטאַז. ער האָט געשפּרונגען, געהאָפּקעט, זיך געהויבן, אַראָפּגעלאָזט, ביז ער האָט ווי אַ סאַטעליט זיך גענומען דרייען אַרום זיך אַליין.

ער וואָלט ווייטער געטאַנצט, געטאַנצט, „עד כלות הנפש", נאָר דאָ איז פּלוצלינג אָנגעקומען דער ריבניקער פּריץ קלינקעוויטש.

שיכור פון ביר און טאַנץ, האָבן אים די חסידים לכתחילה נישט באַמערקט. געמיינט, אַז עס איז עפּעס אַ פאַרשפּעטיקטער פאַר־שטעלטער, ערשט פון זיין כריפּקן ברייטן „גוטן אָוונט", האָט זיך שלמה געכאַפּט, אַז דאָס איז זיין שותף צו דער פאַבריק.

דער פאַרמאַטערטער עולם האָט איבערגעריסן דאָס טאַנצן און האָט זיך לכבוד דעם גאַסט צוריקגעזעצט צו די טישן. מען האָט אויפסניי גענומען מכבד זיין מיט ניס און ביר. און ברײַנדל האָט קלינקעוויטשן געבראַכט פון קיך אַן עקסטרע פאַרציע פיש.

קלינקעוויטש האָט וואָס מער אין זיך גענומען אַריינגיסן. און וואָס מער ער האָט אין זיך אַריינגעגאָסן, אַלץ רויטער און פריילעכער איז ער געוואָרן. ער האָט זיך געפּאָכעט און געבלאָזן און אין קאָפּ האָט זיך אים גענומען מישן. און באַטרונקען, האָט ער ווי אַמאָל אין ריבניק אין זיך דעם פּריץ דערפילט — און האָט אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען מען זאָל אים דערלאַנגען המנען.

„גיט מיר המנען", האָט ער אויף זיין אויפן געכריפּקעט. „איך וועל אים צערייסן ווי אַ הערינג, ווי אַ הערינג וועל איך אים צערייסן, ווי איך ליב גאָט". שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך די שמחה פאַרענדיקט. און שלמה האָט קלינקעוויטשן געמוזט אָפּפירן אַ היים.

די פירמע איז גוט אַוועק. די הילצערנע שטיפּטן זענען געוואָרן פאַרשפּרייט איבערן לאַנד און איבער גאַנץ רוסלאַנד. זיי האָבן אַרויסגעשטויסן די פריערדיקע טשוועקלעך און ס'איז אַריין אין דער מאָדע צו מאַכן שיך מיט הילצערנע שטיפּטן.

ס'איז נישט געווען קיין איין קראָם פון שיך־צודאַטן וואָס זאָל נישט האָבן די שטיפּטן פון דער קלינקעוויטש־ערליך־פירמע. אויך

מיט אירע הילצערנע קאַפּיטעס האָט מען זיך אומעטום אָנגעהויבן באַנוצן.

און אין די שיך־מאַגאַזינען פון די גרויסע שטעט האָט מען צו יעדער פּאָר שיך און שטיוול צוגעגעבן אַ פּאָר הילצערנע קאַפּיטעס פון שלמה׳ס פאַבריק.

די פאַבריק האָט געאַרבעט אויף דריי שיכטן. די מאַשינען האָבן געקלאַפּט און דער פּלאַץ איז געוואָרן פול מיט געהילץ פאַרן רוי־מאַטעריאַל.

קלינקעוויטש, אַ קאַטאָליק, איז געווען אַן אָרנטלעכער קריסט און גרינגער מענטש. און מען האָט מיט אים אין אַלע געשעפטס־ענינים געקענט דורכקומען. ס׳רוב אַרבעטער זענען געווען קריסטן. עס זענען אָבער געווען אַ צאָל אַרבעטער, בפרט אָנגעשטעלטע, אויך יידן.

ווי פריער איז קלינקעוויטש געווען אַליין. ער האָט דעם רוב טאָג פאַרבראַכט אין פאַבריק. און אין די אָוונטן ביי דער שיינער מאַשע, אין וועמענס עלעגאַנטן גאַלאַנטעריע־קראָם עס פלעגן ארייַנ־קומען אָפיצירן פון היגן גאַרניזאָן און סתם לעב־יונגען.

נאָר וואָס מער דערפאָלג די פאַבריק האָט געהאַט, אַלץ מער האָבן זיך אַרום איר גענומען יאָווען פאַרשידענע פאַרשוינען. אין אָנהויב איז פון ריבניק געקומען קלינקעוויטשעס געוועזענער עקאָנאָם.

דערנאָך האָט זיך גאָר געיאַוועט איינער מיט פאַרשידענע פּרעטענזיעס. ער פלעגט אָפט קומען אויפן פּלאַץ פון דער פאַבריק כלומרשט נאָך אינפאָרמאַציעס פאַר שטודיר־צוועקן.

ער האָט געוואָלט וויסן דעם ווערט פון געהילץ וואָס די פאַבריק פאַרנוצט און דעם ווערט פון די סחורה וואָס זי אַרבעט אויס. וויפל אַרבעטער זי באַשעפטיקט און וויפל אָנגעשטעלטע. בכלל אַלץ וואָס האָט אַ נאָענטע שייכות מיט דער פאַבריק.

לכתחילה האָט שלמה געמיינט, אַז דאָס איז אַן אומשולדיקער נייגעריקער וואָס האָט ליב אַלץ צו וויסן. ווען ער׳ האָט אָבער אָנגעהויבן צו קומען אָפטער און איז געוואָרן צודרינגלעכער, האָט זיך שלמה געכאַפּט אַז דאָס וועט נישט פירן צו קיין גוטס.

ער האָט אָנגעזאָגט דעם וועכטער דעם פרעמדן נישט אַרייַנ־

צולאָזן. און ווען דער וועכטער האָט אים מער נישט געוואָלט אַרייג־
לאָזן, האָט ער שלמהן גענומען דראָען.

שלמה האָט דעם שותף איבערגעגעבן די געשיכטע. נאָר קליינ־
קעוויטש האָט זיך אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער מעשה און האָט
געהאַלטן אַז שלמה טרייבט איבער מיט זיינע חשדים.

* * *

דער ריבניקער פריץ וואָס האָט זיך פריער פאַרנאַכלעסיקט,
און איז צוליב זיין מיסערפאָלג ביי פרויען געוואָרן ווי רעזיגנירט,
האָט אַ צינד אין דער שטאָט אויפגעלעבט.

דאָס באַקענען זיך מיט דער שיינער יידישקע און דער דערפאָלג
פון זיין אונטערנעמונג, האָבן אים געגעבן מוט. ער האָט זיך אָנגעהויבן
צו פוצן און פראַנטעווען און איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערער.

און אויפגעמונטערט, האָט ער מיט דער לייכזיניקער מאַשען
גענומען וועבן זיינע האָפענונגען. נישט קיין איבערגעשפיצטער, האָט
ער מאַשעס פריינטלעכקייט און געפילן נישט פאַרשטאַנען און איר
געשמאַק אונטערשאַצט.

ער האָט געמיינט אַז ער וועט איר מיט זיין געלד און גוטסקייט
קענען קויפן. און ער האָט איר צוגעלאָזנקייט צו מענטשן אָנגענומען
פאַר גאָר אַ באַזונדערן סימן.

דער זעכציק־יאָריקער פריצל האָט אין זיין פאַרליבקייט גאָר
נישט געזען די אַנדערע, יונגערע און שענערע פון אים, וואָס האָבן
ווי פלאַטערלעך אַרום איר אַרומגעטאַנצט.

דערווייל האָט ער אויף אַ צייט אויפגעבליט. ער האָט אין איר
אָנוועזנהייט באַקומען אַ בייעם חיות. זיין האַרץ, גאָר זיין לייב און
לעבן, האָבן זיך אָנגעטרונקען מיט נייע זאַפטן וואָס זענען אין אים
אַריין.

די טעג נאָך פורים זענען דאָס יאָר געווען די שענסטע. דער
פרילינג האָט זיך גיך געשטעלט. נאָך איידער מען האָט זיך אומ־
געקוקט, איז שוין פון ווינטער קיין זכר נישט געווען.

די לעצטע וואַסער־ריטשקעלעך זענען שוין פון די גאַסן געווען
פאַרשוואונדן. אַ פייערדיקע קויל האָט זיך באַוויזן אויפן האָריזאָנט,
וואָס איז אַלע מאָל געוואָרן גרעסער.

וואָלקנדיק ווי פעלעכלעך פון ווייסע באַראַנעס, האָבן אַרומ־

געשוועבט איבער אַ ראָז צעשטרייפּטן ים, וועמענס צעגאָלדיקטע ראַנדן האָבן זיך געקושט מיט דער ערד. און גאָר דער הימל וואָס האָט מיט אַ מילדער וואַרעמקייט אַרומגענומען די ערד, איז געווען צעזוניקט און צעשמייכלט.

קלינקעוויטש אַן אויסגעפּראַנטעוועטער, איז דעם אָוונט געגאַנגען צו מאַשען. פון לעבן אַ באַטרונקענער, איז ער געווען פול מיט פרייד און מוט. ער האָט אין איר קראָם, ס'ערשטע מאָל זיך באַגעגנט מיט אַן עלעגאַנטן, שלאַנקן, רוסישן אָפיציר.

זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און פון פּלוצימדיקייט האָט זיך קלינקעוויטש פאַרלוירן און זיינע וואַסערדיקע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פינטלען. און נאָך איידער ער האָט עפּעס אַרויסגעזאָגט, האָט אים מאַשע פאַרלאָפן דעם וועג:

— באַקענט זיך מיינע הערן: אַרמיי־קאַפּיטאַן אַנדריי פּיאָדאָראָוו, וולאַדיסלאַוו קלינקעוויטש, גוטס־באַזיצער און איצטיקער מיט־אייגענטימער פון דער גרויסער שטיפטן־פאַבריק.

— „אָטשען פּריאַטנאָ״ (זייער אַנגענעם), האָבן זיי ביידע, נישט קוקנדיק אויף זיך — מיט איין מאָל אַרויסגערעדט און זיך געגעבן די הענט.

— אַ פּרעכטיקער טאָג הייַנט געווען, נישט אמת? איך געדענק שוין לאַנג נישט אַזאַ טאָג, האָט מאַשע זיי געוואָלט אַרייַנציִען אין אַ פריינטלעכן געשפּרעך.

— יאָ, צו אַזאַ שיינעם טאָג אַז מען האָט נאָך אַזאַ באַרישניע ווי שיינמאַן, דאַרף מען זיך קיין בעסערס נישט ווינטשן. האָט קלינקעוויטש ווי אַ יונגער פּראַנט איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט.

— גאַנץ ריכטיק, מיין „באַרישניע״, האָט פּיאָדאָראָוו אָפּמעסטנדיק פון אויבן אַראָפּ קלינקעוויטשן, נישט געוואָלט אָפּשטיין. נאָר זאָגט מיר, איך בעט אייך, „גאָספּאָדין״ קלינקעוויטש, ווי גייט עפּעס אייער פאַבריק? איז כדאי צו פאַרלאָזן די אייגענע, דורות־דיקע ערד און זיך נעמען צו אַ... איך מיין אַזאַ נישט־קריסטלעכע פּרנסה פון פאַבריצירן שטיפטן מיט קאָפּיטעס?

— ס'איז נישט פאַראַן קיין קריסטלעכע און נישט קריסטלעכע פּרנסות. אַלץ וואָס דער מענטש טוט, אויב ער טוט עס נאָר ערליך,

רוט אויף אים גאָטס גייסט. — האָט קלינקעוויטש אים צוריק־געשליידערט.

— פונדעסטוועגן, וועט אַ פּראַוואָסלאַוונער נישט אויסבייטן זיין גוט אויף עפּעס שטיפּטן מיט קאָפּיטעס. אַפילו אַ פּויער וועט עס ביי אונדז נישט טאָן. ערד, איז ערד, און שטיפּטן זענען שטיפּטן.

— נו, בין איך נישט קיין פּראַוואָסלאַוונער און נישט קיין רוס, און איך האָב זיך מיינע אייגענע אָפּשאַצונגען וואָס ס׳איז רעכט און אומרעכט.

— די רעכט אויף אייערע מיינונגען קען ביי אייך קיינער נישט צוגעמען. נאָר צי איר זייט אַ פּראַוואָסלאַוונער, צי אַ פּאָליאַק, ענדערט עס נישט די זאַך. מיר געהערן אַלע צו איין „מאַטושקע״ רוסלאַנד אונטערן שוץ פון צאַר. האָט דער קאַפּיטאַן זיך נישט געלאָזט.

מאַשען האָט פאַרדראָסן פּיאָדאָראָוס טענות קעגן קלינקעוויטשעס פּרנסות. זי האָט אין דעם געזען אַן אַנטי־יידישן שטאָך. און זי האָט געפונען פאַר נויטיק זיך אַריינצומישן:

— און איך האָב געהערט, אַנדריי אַנדרעיעוויטש, אַז דער גרויסער רוסישער שרייבער לעוו טאָלסטאָי, פאַריכט גאָר שיך.

— לעוו טאָלסטאָי, איז טאַקע אונדזער גרויסער שרייבער, ער איז אָבער צעקריגט מיט דער קירך און דער הייליקער סינאָר האָט אים אַריינגעלייגט אין חרם. און אַלץ וואָס ער טוט, טוט ער להכעיס.

אין קראָם איז אַריין ניקאָלאַי מאַראָזאָוו, אַ פּאָלקאָווניק פון היגן סטאַציאָנירנדיקן מיטאַוועך פּאָלק. ער איז אַריין מיט אַ פרייליכן גוטן־אָוונט. נאָר וועמענס פרייד האָט זיך באַלד אָפּגעקילט. דער־זעענדיק פּיאָדאָראָוון.

פּיאָדאָראָוו, ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט, האָט זיך אויסגעגלייכט, אים סאַלוטירט, צוקלאַפּנדיק מיט די שפּאָרעס פון זיינע שטיוול.

— אָ, וועגן וואָס רעדט מען דאָ? ביטע, זעצט פאָר, האָט מאָראָ־זאָוו געוואָלט פאַרגלעטן זיין קאָליע געוואָרענע שטימונג.

— מיר האָבן גערעדט וועגן וועטער און וועגן דעם הערס בייער פאַבריק וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ ניי לעבן אין שטאָט, האָט מאַשע אָנגעוויזן אויף קלינקעוויטשן. דער פּאָלקאָווניק האָט אים שאַרמאַנט דערלאַנגט די האַנט.

פּיאָדאָראָוו האָט זיך דערפילט אומבאַקוועם. — און אַ זאָג

טוענדיק: „ס'איז צייט פאַר מיר צו גיין", האָט ער זיך אַנטשולדיקט און איז אַוועק.

פטור ווערנדיק פון זיין ריוואַל, איז דער פאַלקאָווניק אַריין אין זיך. —

— אַ, איר זייט עס סאַלאָמאָנס שותף, הער קלינקעוויטש?

— יאָ, הער פאַלקאָווניק.

— אויב אַזוי, גראַטולירט איך אייך. איר האָט אַ פיינעם שותף סאַלאָמאָן יאַקאָוולעוויטש איז אַן אָרנטלעכער ייד. זיינס אַ וואָרט איז טייערער ווי געלד. איך האָב זיך מיט אים באַקענט ביים גראַדאָ־נאַטשאַלניק איוואַנאָוו.

— אַ דאַנק! הער פאַלקאָווניק. און ווייסט איר וועמענס אויס־וואַל דאָס איז? דאָס איז אירס, מאַשעס. דאָס האָט זי, די פרוי שיינמאַן, מיר אים רעקאָמענדירט.

— בראַוואָ, די באַרישניע שיינמאַן האָט אַ גוטן חוש און די יידן זיינען אַ פּיאַיק פאָלק. האָט מאַראָזאָוו אויסגערופן.

— איך מיין אויך אַזוי, האָט קלינקעוויטש צוגעגעבן.

ס'איז געוואָרן שפּעט. מאַשע האָט זיך פאַרנומען צו פאַרמאַכן די קראָם, און די געסט זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

***

מאַשע שיינמאַן, אַ יונגע שיינע אלמנה נאָך אין די צוואַנציקער, איז געווען די שיינקייט אַליין. איר שלאַנקע פיגור, דער אויסגערונ־דיקטער אַלבאַסטער־פּנים מיט די חן־גריבעלעך, וואָס פלעגן זיך ווי צווייַ בלומען איןביידע זייטן צעעפענען — און באַזונדער אירע גליענדיקע אויגן, האָבן יעדן איינעם געקענט פאַרכאַפּן.

אירע חסידישע עלטערן, באַזונדער איר פאָטער ר' משה ראָזען, האָט זיין בת יחידה פּרי חתונה געמאַכט. זי האָט זיך נאָך אַלס יונג מיידל אויסגעבראָכן פון איר סביבה און אָנגעהויבן אַרויסווייזן איר לייכטזיניקייט. און נישט ווי פון איר גלייכן. — האָט זי זיך יעדן איינעם געוואָרפן אין די אויגן.

האָט זיך אָנגעהויבן טרעפן מיט דאָן־זשואַנען און לעב־יונגען און אויך פאַרקערן מיט קריסטן. און זי האָט אין גיך נאָך פאַרווייילונג, קיינעם נישט אויסגעבראַקירט.

לכתחילה האָט איר פאָטער וואָס איז געווען צופיל פאַרנומען מיט לערנען און געשעפטן, עס נישט באַמערקט. נאָר אַז עס איז שוין דערגאַנגען צו מענטשן וועלכע האָבן אים אויף דעם געמאַכט אויפמערקזאַם, האָט ער איר אויף גיך חתונה געמאַכט.

ער האָט דעם איידעם, אַ בלאַסן יונגערמאַן און לערנער, נישט געשפּאָרט קיין געלד. האָט אים אַריינגענומען צו זיך און אים איינ־געאָרדנט אַ גרויס גאַלאַנטעריע געשעפט אויפן שענסטן שטאָטישן פּונקט.

עס האָט אָבער לאַנג נישט גענומען, ווי מאַשעס מאַן, נאָך פון פריער אַ חלוש, איז קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן.

מאַשע האָט אויף אים לאַנג נישט געטרויערט. — זי האָט זיך נישט פאַרלוירן און האָט זיך נאָך מער אַריינגעוואָרפן אין איר שטייגער־לעבן. זי האָט די קראָם אינגאַנצן גענומען אויף זיך.

און איר קראָם, אַ שיינע, אַן אויסגעפּוצטע, און נאָך מער, זי אַליין, — האָט גענומען צוציען פאַרשידענע מענטשן. עס האָבן זיך אַרום איר, ווי בינען אַרום אַ קעניגין, גענומען קלעפּן אירע אַלטע און נייע פאַרערער.

און פון אירע גרעסטע פאַרערער וואָס האָבן איר גענומען ערנסט — און האָבן צווישן זיך קאָנקורירט, זענען געווען דער יונגער פּיאַדאָראָוו, עלטערער מאָראָזאָוו און דער פּריץ קלינקעוויטש.

זיי האָבן איר פאַרוואָרפן מיט מתנות און איר פאַרזאָרגט מיט גאַנצע שטויסן אַרטיקלען. און זי אַליין, מאַשע, האָט זיך פון איר נעץ שוין נישט געקענט אַרויספּלאָנטערן.

איר פאָטער ר' ישראל, איז אַרומגעגאַנגען אַן אַ קאָפּ. — ער איז מער נישט געווען בלינד. — נאָר וואָס האָט ער געקענט טאָן? ווען זי איז נאָך געווען אַ יונג מיידל, איז זי געווען אין זיין רשות. אַצינד אָבער, איז זי דאָך שוין אַרויס פון זיין רשות.

און גיין קעגן איר מיט תקיפות, טויג אויך נישט. ער קען איר נאָך אינגאַנצן פאַרטרייבן פון זיך און ס'וועט נישט זיין צו וועמען צו ריידן. און די ריזיקע איז גרויס.

ער גלויבט נישט, זי זאָל זיך קוואַפּן אויפן אַלטן פאַלקאָווניק. און אַוודאי נישט אויפן צעיורענעם, קייקלדיקן קלינקעוויטש. פאַר וועמען ער האָט מורא, איז פאַרן יונגן קאַפּיטאַן. מען קען אָבער ווי

לאַנג זי לייקנט שטיין און ביין און קיין באַזונדערס זעט מען אויך נישט, — גאַרנישט טאָן.
דאָס איינציקע נאָר וואָס עס בלייבט אים דערווייל צו טאָן, איז אכטונג געבן. שטיל וואַכן איבער איר און איר היטן די טריט...

## קאַפּיטל דריי

אינעם שטאַטישן פּאַרק איז שוין כמעט קיינער נישט געווען. ס׳איז געווען אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה. אין אַ ווינקל אין פּאַרק, זענען ביידע, אַנדריי און מאַשע, געזעסן אויף אַ באַנק.
אַ לינד ווינטל האָט געקילט זייערע צעהיצטע פּנימער און האָט מחיהדיק אַריינגעבלאָזן אין מאַשעס צעשפּיליעט בלוזקעלע.
— מאַשענקאַ, האָט איר פּיאָדאָר גענצערטלט, ווי לאַנג וועסטו נאָך מיר אַזוי פּייניקן מיט דיינע פּאַרערער? מילא, מיטן פּאַלקאָווניק איז נאָך צו דערליידן.
— כאָטש אַ זיידע, — איז ער נאָך אַן „אַסאַבע" און האָט אַ מענערישן אויסזען. נאָר פּאַרוואָס רייצטו מיר נאָך מיט דיין פּוילישן פּריצל, מיטן ריבניקער פּאַרזעעניש ?...
איך שעם זיך פּשוט ער זאָל זיין מיין ריוואַל. ס׳איז דאָך נישטא מיט וועמען צום טיש צו גיין. —
— אַנדריי, פּאַרוואָס רעדסטו אַזוי? איך האָב אים ווי די איבעריקע צו מיר נישט גערופן. ס׳איז ביי מיר אַן אָפּן געשעפט און וועמער עס וויל קען אַריינקומען. איך קען קיינעם נישט פּאַרטרייבן. ער איז אגב, אַ ווויליער מענטש און האָט ליב צו טאָן אַ טובה. און איך בין פּאַר קיינעמס איינרעדעניש נישט פּאַראַנטוואָרטלעך.
נאָר אויב דו מיינסט עפּעס מער ווי דאָס, — באַליידיקסטו מיר מאַלע וואָס עמעצער רעדט זיך איין ?...
— זיי מיר מוחל, מאַשענקאַ. די אייפערזוכט פרעסט מיר אויף. ווען דו וואָלסט וויסן ווי איך האָב דיך ליב, וואָלסטו מיט מיר אַנדערש געהאַנדלט. ער האָט אַנטבלויזט איר לייב און מיט די ליפּן אין דעם זיך איינגעפרעסט.
— וואָס טוסטו, ליבינקער, האָט זי זיך ווי נישט געלאָזט. — איך

בין אַ יידישע טאָכטער. און איך וועל זיך נישט קענען אַריינפּאַסן אין דיין פּראַוואָסלאַוויע. מיינע עלטערן וועלן אויך נישט לאָזן.

— מיר אינטערעסירט נישט וואָס דו ביזט. איך קען אָן דיר נישט לעבן. וועסט מיט מיר אַוועקפאָרן אויפן אוראַל און מיר וועלן דאָרטן חתונה האָבן. אונדזער גוט איז גענוג גרויס און די משפּחה גענוג ברייטהאַרציק, דיר אַריינצונעמען אין איר.

— ס'איז אַ שווערער ענין, אַנדריי. קענסט פאַר קיינעם נישט ריידן און גאַראַנטירן. מענטשן ענדערן זיך. — און איך וועל קיין פּראַוואָסלאַוונע נישט ווערן. וועלן מיר בלייבן צוויי באַזונדערע וועלטן.

— און אַ קאַטוילישע וואָלסטו יאָ וועלן ווערן?

— ניין! אַנדריי. איך וויל בלייבן דאָס וואָס איך בין. און צו־וואָס זאָל איך פאַרלאָזן מיינע עלטערן און פאָרן אַזש אויפן אוראַל?

— האָסטו מיר נישט ליב, אַ נישט וואָלסטו אַזוי נישט גערעדט.

— ליב, האָב איך דיר יאָ. נאָר איך האָב אויך מיינע עלטערן ליב. און איך האָב מורא צו מאַכן אַזאַ שריט.

— פאַר וועמען האָסטו עס אַזוי מורא, פאַר דיינע עלטערן און אפשר אויך פאַר דיין קהל? וועלן מיר דאָס מאַכן אַזוי, אַז זיי וועלן דערפון נישט וויסן. איך וועל דיר שוין פון זיי באַפרייען.

מיטוואָך קריג איך מיין „אָטפּוסק". וועסטו זיך אין אָוונט מאַכן גרייט און וועסט מיט מיר אַנטלויפן. נאָר קיינער דאַרף דערפון נישט וויסן.

— אַנדריי, האָט זי אים אָנגעכאַפּט ביים מויל. דאַכט זיך אַז עס האָט זיך ווער אונטערגעהערט.

ער האָט זיך געוואָלט אויפהויבן און זיך נאָכיאָגן נאָכן אומ־באַקאַנטן. נאָר מאַשע האָט אים נישט געלאָזט.

— עס טויג נישט אַנדריי. עס וועט ווערן אַ סקאַנדאַל. און עס האָט זיך מיר זיכער אויסגעדאַכט. האָט זי זיך צוריקגעכאַפּט. פונ־דעסטוועגן, וועלן מיר זיך הייבט פריער פונאַנדערגיין. מיר וועלן זיך נאָך טרעפן.

* * *

ר' ישראל ראָזען איז ביי זיך אַרומגעגאַנגען אַ צעררודערטער.

ער ווייסט שוין אַלץ. ער האָט אָבער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן קעגן דעם...

די סכנה קלאַפּט שוין אין טיר. און די צייט איז קורץ. ס'איז „עת לעשות". ער שלאָגט זיך אָבער מיט דער דעה, צי זאָל ער דאָס דערציילן דער ווייב מיט די קינדער, צי נישט?

פון איין זייט איז בעסער, וואָס ווייניקער מענטשן זאָלן דערפון וויסן. עס פעלט אים מערנישט, די זאַך זאָל נאָך איידער וואָס ווען, צעפויקט ווערן איבערן שטאָט. אָבער „מאידך גיסא", צו וואָס זאָל ער אַלץ אויף זיך אַליין נעמען?

און אַז עס וועט חלילה נישט געלונגען, וועט דאָך אַלץ פאַלן אויף זיין קאָפּ. זיי וועלן אים אויפעסן אַ לעבעדיקן. — און ער וועט סיי ווי נישט באַוויזן אַלץ אַליין אָפּצוטאָן.

ער האָט אַריינגערופן דאָס ווייב מיט די ביידע זין און ווי צו אַ שווערע צרה, איז ער אַרויס מיט אַ קרעכץ:

— דאָס וואָס איך האָב זיך געריכט איז געקומען. הלואי וואָלט איך דאָס נישט דערלעבט. דיין בת יחידה, זלאַטע, האָט ער זיך געוועגדעט צום ווייב, קלייבט זיך צו אַנטלויפן מיט איר רוסישן ליובאָווניק, דעם קאַפּיטאַן פיאָדאָראָוו.

ווי מען וואָלט איר דערלאַנגט מיט אַן האַמער איבערן קאָפּ, איז זלאַטע שיעור נישט אַוועקגעפאַלן. זי איז אויף אַ מאָמענט געוואָרן צעמישט און האָט נישט געוואוסט וואָס מיט איר טוט זיך. זי איז אָבער געקומען צו זיך און איז אַרויס מיט אַ ביטער געוויין:

— ס'איז דיין שולד ישראל. וואָלסט איר נישט מיט געוואָלט חתונה געמאַכט מיט דעם קראַנקן שלים מזל, וואָלט צו דעם נישט געקומען. די שטאַרקסטע כילה, ווען מען דריקט איר אָן צו פיל, פּלאַצט. —

וואָלט זי געהאַט אַ געזונטן מאַן און אויך קינדער, וואָלט זי קיין צייט נישט געהאַט צו פירן ליבעס און זיך נאָך צו פאַרפלאָנטערן מיט גוישקע אָפיצירן. וויגד און ווי איז מיר, צו וואָס איך האָב גאָר דערלעבט. איז זי אַרויס קעגן איר מאַן.

— יאָ, זלאַטע. אַ צינד לייג אַלץ אַרויף אויף מיר. אויב נאָר עס מאַכט דיר גרינגער. אויף דעם האָסטו דאָך אַ מאַן. האָסט אָבער פאַרגעסן, אַז נאָך דאָן, פאַר דער חתונה, האָבן מיר פון איר געהאַט הוילע צרות.

און דערפאַר טאַקע האָבן מיר זיך צוגעאײַלט מיט איר חתונה און מיר האָבן איר קיין געלד און קיין אויסשטײַער חלילה נישט געזשאַלעוועט. נאָר ווער האָט געזאָלט וויסן אַז אַנשל איז אַזאַ קראַנקער? קיין דאָקטאָר בין איך נישט.

ס׳איז אָבער אַצינד נישט קיין צײַט אויף קיין טענות. מען דאַרף טאָן. און גיך טאָן. איך האָב געוואוסט אַז איך וועל אײַך דערמיט קיין נחת נישט פאַרשאַפן. איך וויל אָבער די צרה אויף זיך אַליין נישט טראָגן. זי איז אויך דײַן טאָכטער און אײַערע שוועסטער.

איז וואָס עצהט איר צו טאָן? איר זײַט דאָך די יונגערע און איר ווייסט אַוודאי ווער פון דער „חברה״ — וואָלט אין דעם געקענט העלפן. נאָר שאַ שטיל דאַרף אַלץ זײַן. האָט ער זיך שוין געווענדעט צו די זין.

— טאַטע, האָט זיך דער עלטערער נחום אָנגערופן. צוויי זאַכן דאַרפן באַלד געטאָן ווערן. מען דאַרף איר קודם פונדאַנען צונעמען. מיט געוואַלט איר אָוועקפירן קיין וואַרשע, „עד יעבור זעם״. —

און כדי דער קאַצאַפּ זאָל אויף איר מער נישט האָבן קיין שליטה, דאַרף מען זיך זען מיט שלמה׳ן, צו אינטערוועניר ן ביי איוואַנאָוון מען זאָל אים, פּיאַדאַראָוון, צונעמען פון שטאָט.

זאָל מען אים איבערשיקן אין אַן אַנדער פּאָלק. עס פעלן ביי „פּאָניען״ נישט קיין פּאָלקן. זאָל ער זיך דינען לעבן זײַן אוראַל און נישט פאַרפירן קיין יידישע טעכטער. נאָר קודם דאַרף מען איר אַליין פונדאַנען צונעמען ביז די סכנה וועט אַריבער.

— יאָ נחום, דײַן פּלאַן געפעלט מיר. איך האָב וועגן דעם אַליין געטראַכט. נאָר די שוועריקייטן הייבן זיך ערשט אָן. און דערפאַר טאַקע האָב איך אײַך גענומען צו הילף.

הערט זשע זיך צו מיט קאָפּ: מיט שלמה׳ן וועל איך ריידן. ער איז אַ ווױלער ייד און ער וועט העלפן. עס וועט מסתם קאָסטן גענוג. איוואַנאָוו וועט זיך הייסן גוט באַצאָלן. נאָר זאָל שוין אויסגיין צו געלד. וועט די חצופה האָבן וויניקער צו ירשענען.

דער עיקר אָבער דאַרף מען האָבן איינעם פון די ווױלע יונגען וואָס זאָל איר מיט געוואַלד אַרײַנזעצן אין אַ פאַרמאַכטער קאָטש און היידאַ קיין וואַרשע צום פעטער בן ציון.

איר דאַרפט אָבער ביידע מיט איר מיטפאָרן קיין וואַרשע און

דאָרט בלײַבן ביז איך װעל שפּעטער אונטערקומען און איר װעט דאַן צוריק פאָרן אַהײם.

— איך װעל רופן מנשה׳ן, האָט זיך שױן דער יונגערער ראובן אַרײַנגעמישט. ער איז טאַקע אַ געמײנער יונג. נאָר פאַר אַ ייד, װעט ער גײן אין פײַער אַרײַן.

— ברענג אים אַהער. נאָר דערצײל אים דערװײל גאָרנישט. זאָג אים נאָר, אַז איך רוף אים אין אַ זײער נױטיקן ענין. ער װעט האָבן אַ מצװה און װעט אױך גוט פאַרדינען.

***

אַ געזונטער, הױכער יונג, אין שטיװל און אין אַ לאַקירענעם דאַשעק, איז אַרײַן צו ר׳ ישראל מיט אַ ברײטן גוטן אָװנט.

— שלעכטע צײַטן ר׳ ישראל, האַ? — װען װעט שױן פאָניע אײַנ־נעמען אַ מיתה משונה און אױפהערן פּײַניקן יידן? האָט מנשה געװאָלט געבן זײַן צושטײַער...

— זעץ זיך, מנשה. האָט אים ישראל אַצינד אױפגענומען װי אַ געהױבענעם גאַסט. איך האָב דיר גערופן אין זײער אַ װיכטיקן ענין. און איך האָף אַז דו װעסט מיר העלפן. ס׳איז טאַקע מײַנע אַן אײגענע צרה, נאָר ס׳איז נישטאָ קײן באַזונדערע יידישע צרות. יעדע יידישע צרה איז אַ צרה פונעם כלל. —

מנשה, האָט זיך ר׳ ישראל נישט געקענט באַהערשן. עס ברענט אַ פײַער אין מײַן הױז. מען דאַרף ראַטעװען אַ יידישע נשמה פון שאַנד און אױך פון שמד חלילה. דאָס אומגליק האָט מיר אַלײן געטראָפן. די חצופה איז מײַן אײגענע טאָכטער.

עפּעס אַ קאַפּיטאַן האָט איר איבערגערעדט מיט אים צו אַנטלױפן. זײ האָבן זיך אָפּגערעדט אױף מיטװאָך אין אָװנט. האָבן מיר באַשלאָסן אים צו פאַרלױפן דעם װעג און נאָך זונטיק איר פונדאַנען מיט געװאַלד אַװעקפירן קײן װאַרשע.

אַלץ איז גרײט. מען װעט איר דאַרפן אַרײַנזעצן אין אַ פאַר־מאַכטער קאַטש און איר אָפּפירן. דײַן זאַך איז, איר אַרײַנצוזעצן אין קאַטש און צוזאַמען מיט מײַנע זין איר באַגלײטן. אױב זי װעט זיך נישט לאָזן, מעגסטו איר אַ סטראַשע טאָן, נאָר זע, ריר איר נישט אָן. דײַן שליחות מנשה, איז אַ גרױסע און הײליקע. איך װעל דיר

דערפֿאַר גוט באַצאָלן און וועסט זיך אויך איינקויפֿן עולם־הבא. נאָר אַלץ מוז זײַן שאַ שטיל, אַפֿילו אויך נאָכדעם. — ביזטו מסכים?

— וואָס פֿרעגט איר? ר׳ ישׂראל. אַ ייִד צו׳ העלפֿן, בין איך שטענדיק גרייט. אָזאַ זאַך, אַפּצוראַטעווען אַ ייִדישע טאָכטער פֿון גוישקע הענט, זאָל איך נישט וועלן? זאָל איך איינגעמען אַ מיתה משונה דאָ אויפֿן אָרט, אויב איך פֿיר נישט אויס אַלץ וואָס איר זאָגט.

און אַ רוח אין זײַן קאַצאַפּישן טאַטן אַריין, דעם קאַפּיטאַן. איך מאַך אים קאַלט. — ווי איר זעט מיר אַ ייִד. קאַלט, מאַך איך אים...

— חלילה, מנשה, מען דאַרף נישט, ייִדן פֿאַרגיסן נישט קיין בלוט. עס וועט אויך נישט זײַן וועמען קאַלט צו מאַכן. מײַן טאָכטער וועט זײַן אין וואַרשע, ביז זי וועט זיך אים אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ. און פּיאַדאַראָוו וועט אָהער מער נישט צוריק קומען.

*

דער אָוונט איז געווען אַ מילדער און שיינער. מאַשע, פֿריי פֿונעם זונטיקן טאָג, האָט זיך אָן אויסגעפּוצטע און אויסגעצירטע געגרייט אַרויסצוגיין. ווי מיט אַמאָל האָבן זיך אין איר צימער באַוויזן ר׳ ישׂראל מיט די זין און מנשה.

— מאַשע, האָט דער פֿאָטער אָנגעהויבן: מיר האָבן באַשלאָסן דו זאָלסט תיכף ומיד פֿאָרן מיט די ברידער צום פֿעטער בן ציון קיין וואַרשע. וועסט דאָרט בלײַבן מיט די ברידער ביז איך וועל קומען.

— וואָס עפּעס פּלוצלונג קיין וואַרשע? — און בײַ מיר פֿרעגט מען שוין גאָרנישט?

— מיר וועלן דיר דאָס אַלץ שפּעטער דערקלערן. דערווײַל מאַך נישט קיין לייטיש געלעכטער און זעץ זיך גלײַך אַריין אין קאָטש. אַ נישט וועט מען דיר מיט געוואַלד אַרײַנזעצן.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ רייד? איך בין שוין נישט קיין קליין מיידעלע מען זאָל מיר צווינגען. איך פֿאָר נישט און שוין.

— מנשה, נעם איר!

ערשט איצט האָט זי דערזען מנשה׳ן. און נאָך איידער מנשה האָט זיך צו איר דערנענטערט, איז זי אַליין אין קאָטש איינגעשטיגן. זי האָט באַנומען איר לאַגע — און האָט זיך אונטערגעגעבן...

יאָסל דראַשקאַרזש האָט אַ שמיץ געטאָן די צוויי קאַרע „אַדלער" און שוין זענען זיי געווען אויסערן שטאָט. זיי זענען אַריין אין וואַלד, און האָבן זיך פאַרנומען מיט די טונקעלע וואַלד־וועגן.

אַרומגענומען פון דער נאַכט און וואַלדיקע טונקלעניש, איז מאַשע אַנטשלאָפן געוואָרן. אַ סקעלעט האַלט איר מיט זייַנע ביינער־דיקע הענט ביים האַלדז און שרייט: פאַרשעם נישט דייַנע אבות, חצופה. זוך נישט דיין לוסט ביי די, וואָס האָבן פאַרגאָסן מיין בלוט...

אַ צום טויט דערשראָקענע, האָט זי פון שלאָף גענומען רופן נאָך הילף. און נאָך איידער מען האָט איר אייַנגעשטילט, האָט זי זיך אַליין פון אירע געשרייען אויפגעכאַפּט.

אין אַנגסטן און אַ שוייס־באַגאָסענע, האָט זי זיך גענומען אַרומ־קוקן. ס'איז געווען נאַכט און פון אַלע זייטן האָט אַ מיסטעריעזע פינצטערניש געהויהערט איבער איר.

ווי אַ שיף אויפן ים, האָט די קאָטש זיך געשניטן איר וועג אין דער פינצטערניש. פון הימל נאָר האָבן אַראָפּגעקוקט פינקלדיקע אויגן וואָס האָבן אַ ביסל באַלויכטן די אַרומיקע חשכות.

לעבן איר זענען געזעסן אירע ברידער און געשלאָפן. נאָר מנשה האָט געוואַכט איבער איר. ער האָט זיין זאַך גענומען ערנסט...

זיי זענען אין אַפרימאָרגן אָנגעקומען קיין וואַרשע. דער אַלטער בן־ציון האָט דערזעענדיק מיט אַמאָל זייַנע ברידערס דריי קינדער, האָט ער זיי גאָרנישט געפרעגט.

ער האָט פאַרשטאַנען אַז ס'איז עפּעס געשען. און ער האָט נישט געוואָלט אין קעגנוואַרט פונעם פרעמדן פרעגן קשיות. האָט ער זיי אויפגענומען הגם אָן באַזונדערן ענטוזיאַזם, אָבער דאָך משפּחהדיק.

מאַשע האָט זיך שוין מער נישט געפרוווט ווערן. זי איז דורך דער צייט געוואָרן אַן אַנדערע. האָט זי ווי נאָר די קאָטש האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים פעטערס הויז, מיט דער פלינקייט פון אַ ייִנגל די ערשטע פון איר אַראָפּגעשפּרונגען און זיך גלייך אַרייַנגעשאַרט אין פעטערס שטוב.

די לופט און דאָס קאָכעדיקע לעבן פון דער מעטראָפּאָליע, האָט מאַשען גוט געשמעקט. זי האָט אָנגעהויבן פאַרגעסן אין פּיאַדאַראָוון און איז געווען צופרידן וואָס לענגער דאָ צו זיין.

און ווען איר פאָטער ר' ישראל איז געקומען, האָט ער שוין

אַרום איר נישט געהאַט וואָס צו טאָן. זי איז פון איר „מחלה" אינ־גאַנצן געוואָרן אויסגעהיילט און איז אין אַ צייט אַרום צוריקגעקומען אין איר שטאָט.

שלמה'ס אינטערווענץ ביי איוואַנאָוון איז געלונגען. און אַלע זענען געווען צופרידן: — דער גראַדאָ־נאַטשאַלניק מיטן פּאָלקאָווניק און אויך קלינקעוויטש, און ווען פּיאַדאָראָוו האָט זיך פאָרן גיין אויף אורלויב אויף מאַשען נישט געקענט דערוואַרטן, האָט ער געביסן די ליפּן און געשווירן זיך נוקם צו זיין אין זיי ביידע. אין שלמה'ן און אין זיין יידישן „פּאַכאַלעק"...

אַלע האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן אין פּיאַדאָראָוון. די שטיפטן פאַבריק האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט. מען האָט צוגעבויט אַ נייעם פליגל מיט נייע מאַגאַזינען און די פירמע האָט דעראַבערט נייע מערק.

ר' יעקב האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זיין לערנען און האָט אויך געהאָלפן דעם זון אין זיינע יום־טובדיקע און שטיבלדיקע שמחות. נאָר פלוצלינג איז אין איינע אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט אויסגעבראָכן אַ מהומה אין שטאָט.

מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן רייסן צו די פענצטער. זען, וואָס עס קומט דאָ פאָר. „עס ברענט, עס ברענט", זענען מענטשן געלאָפן און געשריגן. און עס זעט אויס ווי די גאַנצע שטאָט זאָל ברענען. אַזאַ העליש פייער איז.

— „וואו ברענט, וואו?" — האָט זיך אויך שלמה געריסן צום פענצ־טער. די מענטשן האָבן נישט געהאַט קיין האַרץ אים צו זאָגן. נאָר אין איין רגע איז ער שוין געווען אינדרויסן. אַלע לויפן אין דער ריכטונג פון דער שטיפטן־פאַבריק און אויך ער איז אַהין געלאָפן.

ביי דער פאַבריק איז שוין געווען שוואַרץ פון מענטשן. די פּאָליציי האָט זיי געפּרוווט צוריקשטויסן און מאַכן צווישן זיי און די פייערלעשער אַ מחיצה. נאָר יעדעס מאָל האָט מען זיי געדאַרפט אַלץ צוריקשטויסן.

ווי מיט אַ ווולקאַנישער קראַפט האָבן די פלאַמען אַרויסגעפּלאַצט און זיך געריסן אַלץ העכער צום הימל. זיי האָבן מיט זייערע פייער־

דיקע פינגער אַרומגעכאַפּט אַלץ מער געביידעס. דאָס לייכט־ברענענ־דיקע מאַטעריאַל האָט געקנאַקט ווי קין. און גאָרנישט האָט שוין געקענט העלפן צו ראַטעווען די פאַבריק.

שלמה און אַלע איבעריקע זענען געשטאַנען און האָבן געבראָכן מיט די הענט. „אַ קוואַל פון פּרנסה גייט אונטער״, האָבן מענטשן געיאָמערט. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען די שריפה געלאָשן. מען האָט צו די מאַשינען נישט געקענט צוקומען. פון יעדן ווינקל האָט ווי פון בענזין אַ פייער אַרויסגעפּלאַצט. און אַלץ איז ביזן גרונט געוואָרן פאַרשרפעט.

די אויספאָרשונג האָט קלאָר באַוויזן צייכנס פון אונטערצינדן און אויך שפּורן וועגן די אונטערצינדערס, פון וועמען שלמה און קלינקעוויטש זענען געוואָרן דער קרבן.

שלמה איז אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקער, אַ דענערווירטער. „אָט האָסטו דיר, געביטן איין גליק אויפן צווייטן. פון איין פייער אַרויס — און אינעם אַנדערן אַריין״.

און ער האָט נאָך אויך מיטגעשלעפּט קלינקעוויטשן. כאָטש קלינקעוויטש קען אַפילו צו אים קיין טענה נישט האָבן. ער איז דאָך אויך געווען פאַראינטערעסירט אַוועקצושיקן פיאָדאָראָוון. — דאָך, איז ער פאָרט אַלס ייד געווען דער גורם אויך פאַר קלינקעוויטשן.

ווען ער וואָלט נישט אינטערוועניִרט קעגן פיאָדאָראָוון, וואָלט אפשר צו דעם נישט געקומען, פאַלט אים איין. כאָטש סיי ווי וואָלטן זיי נישט פאַרטראָגן קיין יידיש־קריסטלעכע שותפות. און וואָס ווידער קענען זיי ביים ייד יאָ פאַרטראָגן ?...

און וואָס האָט ער געקענט טאָן ? טראַכט ער צוריק. האָט ער זיך נישט געדאַרפט אָננעמען פאַר אַ ייד, נישט העלפן ראַטעווען אַ יידישע טאָכטער ? דאָס וואָלט דאָך פאַר זיין שטאָט געווען אַ „בכיה לדורות״. — און ער וואָלט די יידן נישט געקענט קוקן אין די אויגן.

אַ צינד איז אַלץ אויס. אויס מיט דער שטיפטן־פאַבריק און אויס מיט דער ערליך־קלינקעוויטש־פירמע. אויס לעולם ועד. זיי האָבן איר אַזוי באַוואָרנט. — אַז ס׳איז פון איר קיין שריד און פּליט נישט געבליבן. און ווען אַפילו קלינקעוויטש זאָל איר וועלן צוריקבויען, וועט ער, שלמה, שוין פאַר קיין שותף נישט צושטיין. ער טאָר מער מיט קיין קריסט נישט אָנהייבן.

אויך ר׳ יעקב איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצערטער. כאָטש זיין נאַראַיעט געשעפט איז נישט געווען קיין דורכפאַל, פאַרקערט, עס איז ווי דער מאַנאָפאָל געווען אַ גאָלדן געשעפט. און פאַר די רשעים קען זיך קיינער נישט באַוואָרענען. פונדעסטוועגן איז ער פאַר אַזאַ סוף צו מזלדיק אויך נישט געווען.

ער האָט אָבער דעם זון נישט געוואָלט לאָזן אין זיין געדריקט־קייט . פאַרפאַלן, דעם שאַדן וועט מען שוין נישט גאַנץ מאַכן. און מיטן בלויזן ברעכן די הענט, אַוודאי נישט. און ער האָט פאַר אים געשיקט נאָך משה־מענדלען.

## קאַפּיטל פיר

משה־מענדל, אַן הויכער מיטל־יאָריקער ייד מיט אַ שיטער בערדל און רויטע אויגן, איז געווען דער גרעסטער פאַרמיטלער פונעם ראַיאָן. ער איז געווען דער מעקלער פון יידן און קריסטן.

האָט געהאַט צו טאָן מיט יידישע סוחרים, פּאָדריאַטשיקעס, פוילישע פריצים, רוסישע טשינאָווניקעס און האָט זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט פון אַ דורכפירן אַ רייכן שידוך. ער איז געווען דער פאַרמיטלענדיקער כל בוניק.

דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון דער פעסטונג־שטאָט, אַלץ וואָס לאָזט זיך קויפן און פאַרקויפן, איז געווען אין זיין קאָפּ. — ער האָט נישט געדאַרפט קיין ביכער און קיין נאָטיצן. זיין קאָפּ איז געווען ווי אַן אָפענער בוך, אין וועלכן מען קען צו יעדער צייט אַריינקוקן.

איז ער אין איינעם אַן אָוונט געקומען צולויפן אַ פאַרשוויצטער אַ פאַרסאָפּעטער. איז אַריין צו שלמה׳ן מיט אַ פריילעכן, ברייטן גוטן אָוונט, ווי פורים צו דער סעודה.

אַ צעפלאָשעטער, מיט צעפלויגענע פאָלעס פון דער טוכענער קאַפּאָטע און מיטן דענקע־היטעלע אויף אַזייט, איז ער ווי אַ וויכער אַריין אינעם צימער וואו עס האָבן פאַרבראַכט שלמה׳ס היימישע יידן, אַוועקשלעפנדיק שלמה׳ן און אַ חדר מיוחד.

— איך האָב פאַר אייך ר׳ שלמה, אַ געשעפט, אַזוינס און אַזע־לכעס, ס׳איז ברויט מיטן מעסער צו שניידן... אַ גאָלדן געשעפט. איר וועט נישט דאַרפן באַדויערן נישט דעם מאַנאָפאָל און נישט די

שטיפטן־פאַבריק. איר וועט נישט זיין אָפּהענגיק פון קיינעם און נישט דאַרפן מורא האָבן פאַר שיכּורים און אַנטיסעמיטן.

קויפט איר דאָס געשעפט, זייט איר איבער דעם דער גאַנצער בעל הבית. עס געהערט צו אייך, צו אייערע קינדער און קינדס־קינדער. און איך האָב פאַר דעם די נויטיקע סחורה אויך. פאַרלאָזט זיך אויף משה־מענדלען. מען קען שוין שרייבן דעם קאָנטראַקט. אגיל ואשמחדיק... „איך ווייס", האָט ער שוין מיט אַ מינע צוגעגעבן, „בעלנים אויף דעם פעלן נישט".

שלמה איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס. ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו הערן אַזוי פיל רייד און ווייסט נאָך אַלץ נישט וואָס פאַר אַ געשעפט דאָס איז און וואָס עס דאַרף קאָסטן. האָט ער אים איבערגעריסן און געזאָגט:

— זייט מוחל משה־מענדל, צו וואָס מרבה בדברים זיין, לאָמיר שוין הערן וואָס פאַר אַ געשעפט דאָס איז און וואָס עס דאַרף קאָסטן? לאָמיר קומען צו אַ טאָלק. און וועגן די מעלות טובות וועלן מיר שפּעטער זען. קיין קאַץ אין זאַק קויפט מען נישט...

— ס'איז ר' שלמה, דעם פריץ יוזעף ליפּיעצקיס גרויסער טאַר־טאַק און וואַלד. דער פּיאַניצע זיצט זיך אין פּאַריז, און דעם טאַרטאַק מיטן וואַלד האָט ער געלאָזט אויף הפקר.

איר פאַרשטייט דאָך אַליין, וואָס פאַר אַ לאַד עס קען זיין פון אַ געשעפט, ווען מען לאָזט עס אויף פרעמדע הענט. נישט אומזיסט זאָגט מען „מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרן"...

אַזאַ געשעפט אָבער אַז עס וועט אַריינקומען צו אייך אין די הענט וועט עס וואַקסן ווי אויף הייוון. איר וועט שוין פון דעם מאַכן דעם אמתן תכלית. איר קענט קויפן דעם טאַרטאַק צוזאַמען מיטן וואַלד און אים שוין נעמען האַקן. און דאָס אַלץ פאַר מקח השווה.

— און וויפל הייסט ביי אייך דער מקח השווה? האָט שלמה נאָך אַלץ פון אים זיך נישט געקענט דערוויסן.

— ער בעט צוזאַמען פערציק טויזנט רובל. פאַר הכל שבהכל. — און איך זאָג אייך ר' שלמה, אַז עס איז אַ מציאה גדולה. ווען דאָס וואָלט געווען ביי מיר אין די הענט, קויפט איר עס נישט אַפילו פאַר קיין אַכציק.

נו, אויף דעם איז ער דאָך דער „יאַסנע וויעלמאָזשנע", — אַ פּאַריסענע וואָנצע — און אַן הולטאַי; און וואָס טוט נישט אַ פּריצישער

בעל גאווהניק ווען עס פעלט אים אויס די קלינגערס ? וויל ער דאָס צוקלאַפּן פּאָר אַ האַלבן פּרייז, אַבי צו קענען ווייטער זיצן אין פראַנקרייך און רולעטקעווען אין די קאַסינאָס. האָט משה־מענדל פאַרענדיקט.

זאָשע האָט אויף אַ זילבערנעם טאַץ אַריינגעבראַכט משקה מיט צובייסעכץ און מען האָט אָפּגעשמועסט דאָס געשעפט קודם צו באַטראַכטן. און וועגן פּרייז וועט מען שפּעטער ריידן. דערווייל האָט משה־מענדל מאַכנדיק אַ לחיים, אַראָפּגעלאָזט דאָס גלעזל אויפן דיל און אַרויפטרעטנדיק אויף דעם מיטן פוס, אויסגערופן: „זאָל זיין מיט מזל שלמה, און אַ מזלדיקער שעה. ס'איז אַ גוטער סימן".

*
* *

אין אַ טרוקענעם ווינטער־טאָג, וואָס האָט געשימערט מיט פראָסטיקער, בלאַנקענדיקער ווייסקייט, האָבן שלמה און ר' יעקב מיט אייניקע פּאַכלייט באַזוכט ליפּיעצקיס טאַרטאַק, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן שטאָט. זיי האָבן באַטראַכט די מאַשינען, געביידעס און גאַנצן פּלאַץ.

די איינריכטונגען זיינען געווען אין אַ גוטן צושטאַנד. דער פּלאַץ אַ גרויסער, אויף וועמענס שטח מען האָט געקענט אויסלעגן בישט נאָר צענדליקער וואַגאָנעס ברעטער צום טריקענען, נאָר מען האָט אויך געקענט אויף אים אויפשטעלן אַ ריי פאַבריקן.

און אין אַ צווייטן אַזאַ ליכטיקן טאָג, זיינען זיי באַפּוטערט און באַפּעלצט אין זייערע היטלען און סאָבלענע פּעלצן, געווען אין ליפּיעצקיס וואַלד. דער וואַלד האָט זיך געפונען ביי אַ צען וויאָרסט פונעם טאַרטאַק. ער איז געווען אַ געדיכטער, נאָר פּייכטלעכער.

די גראָבע שטאַמען זענען געווען גענוג פּאָר ברעטער און באַלעס און די צווייגן און קרוינען, פּאָר ברען־האָלץ. דאָס געשעפט איז אין קורצן געוואָרן געשלאָסן. ליפּיעצקי איז געקומען פון פּאַריז, און האָט זיך געלאָזט דינגען. דערפּאַר איז שלמה באַשטאַנען איבער־צונעמען דעם לעשניק מיט די וועכטער. און שלמה איז געוואָרן דער אייגנטימער פונעם טאַרטאַק און פון דיביימער פון ליפּיעצקיס וואַלד.

אינעם טאַרטאַק איז אַריינגעטראָטן אַן אויפלעבונג. די זעגן זיינען געוואָרן געלאָזט אין גאַנג און עס זיינען נאָך געוואָרן איינ־

געשטעלט נייע זעגן. און עס האָבן אויפגעלעבט נישט נאָר די נאָענטע שכנים, נאָר אויך די פּויערים פון די אַרומיקע ישובים.

מיעשטשאַנסקע און פּויערישע וועגעלעך האָבן ווי צו אַן אָטפּוסק, גענומען פון אַלע זייטן ציען צו שלמה'ס טאַרטאַק. זיי האָבן געפירט קלעצער פאַר די זעגן און צעהאַקטע פּערטעלעך — וואָס זענען אינעם זעלביקן טאַרטאַק־פּלאַץ געוואָרן אויסגעלייגט.

דאָס האַקן דעם וואַלד, אַרויספירן דאָס געהילץ און שניידן — האָט געפאָדערט אַ צוגאָב צום פריערדיקן אַריינגעלייגטן קאַפּיטאַל מיט מער אַרבעט און אָנשטרענג.

האָט שלמה'ן אָצינד די אַרבעט אינגאַנצן פאַרכאַפּט. מער ווי אינעם מאַנאָפּאָל. זי האָט אים אַזוי פאַרשלונגען, אַז ער האָט אַ גאַנצע וואָך ווי זיך אויפגעהערט צו פילן. און ער האָט אויסגעקוקט און גענומען בענקען נאָכן שבת קודש, נאָך זיין שבתדיקער מנוחה. ערשט נאָך זיינע ששת ימי המעשה, האָט ער דערפילט דעם אמתן טעם פון אָפּרו.

ביילטשע און בערעלע זענען ביידע נישט געווען שטאַרק צופרידן פון זיין נייעם מסחר. ביילטשע האָט אַ ציִנד נישט געהאַט ווען צו לאַשטשען און פּיעשטשען זיך. און בערעלע, פאַר וועמען צו ווייזן זיין קענטעניש. ווייל שלמה פלעגט אַהיים קומען אַ מיד:ר און שפּעט.

דער סעזאָן פאַר בוי־מאַטעריאַל איז געווען אַ גוטער. די פּרייזן האָבן זיך געהויבן און פון דייטשלאַנד זענען אָנגעקומען פיל באַשטע־לונגען. אויך אינעם לאַנד אַליין איז די נאָכפראַגע געוואָקסן.

האָט שלמה זיך געאיילט וואָס מער סחורה צו צוגרייטן און עס אויסלייגן צום טריקענען. ער האָט געוואָלט אַריינקריגן וואָס מער מזומנים צו דעקן די לויפנדיקע הוצאות.

ר' יעקב זעענדיק די צעוואַקסנקייט פון דער אַרבעט און שלמה'ס פאַרמאַטערטקייט, האָט אויך אים רחמנות געקראָגן און אים געוואָלט העלפן. האָט אויך געהאַלטן, אַז מען טאָר זיך נישט צופיל פאַרלאָזן אויף פרעמדע.

און כאָטש קיין סך קען ער שוין סיי ווי סיי נישט אויפטאָן, וואָלט נישט געווען קרום, ער זאָל זיך אַפּאָר מאָל אַראָפּכאַפּן אינעם וואַלד. ער וועט בייטן די טעג, כדי דער לעשניק זאָל נישט וויסן ווען ער קומט.

און שוין בלויז מיט זיין אָנוועזנהייט וועט ער אַ סך אויפטאָן.

ס'איז געננוג זיי זאָלן וויסן אַז ס'איז פאַראַן אַן אויג וואָס זעט. און מען קען דאָך סוף כל סוף נישט לאָזן אַלץ אויפן חסד פון פרעמדע.

ער וועט צוואַרטן ווען די פּרעסט וועלן לאָזן און דער ווינטער וועט גיין צו זיין סוף. עס וועט זיך שטעלן פרילינג אויף דער וועלט, און דאַן, וועט ער מיט השם יתברך'ס הילף פון צייט צו צייט זיך אַראָפּכאַפּן אין וואַלד. און ער וועט שוין ביי דעם אויך געניסן פון פרישע לופט.

באַלד נאָך שלמה'ס אַריינטרעטן אינעם נייעם געשעפט, האָט זיך די לאַגע אויף דער וועלט געענדערט. די פּאָליטישע אַטמאָספערע איז געוואָרן אַן אָנגעצויגענע און געשפּאַנטע.

די געהיימע אינטריגעס וואָס האָבן זיך געוועבט אין די קיסר־לעכע הויפן פון אייראָפּע, זענען ווי פּאַרטאַיעטע שלאַנגען אַ צינד אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און האָבן זיך געזוכט אַרום וועמען צו פאַרוויקלען. —

עס האָבן זיך גענומען בילדן שותפותן און בלאָקן, און איין בלאָק קעגן אַנדערן און אַלע צוזאַמען, זענען געווען גרייט צו מעשים. און דער צוטרוי פון איינעם צום אַנדערן איז געפאַלן.

אויך אינעם צאַרישן הויף האָט זיך די שפּאַנונג געשטאַרקט. זי האָט זיך געשטאַרקט ווי אַ רעזולטאַט פון דער אונטעריאָכונג פון די פעלקער און צוליב די אינערלעכע און אויסערלעכע אינטריגעס. און דאָס אַלץ איז מען געווען גרייט צו ווענדן אויפן יידנס קאָפּ.

און אויך דאָס אַליין אונטערדריקטע פוילן, באַזונדער דמאָוסקיס אָנהענגער, האָבן נישט גערוט. זיי האָבן גאָר זייער נעץ געשפּינט קעגן די יידן. און צוזאַמען מיט די רוסישע שוואַרץ־מאהניקעס, האָבן זיי קעגן זיי געפירט אַ קאָנצענטרירטע אַטאַקע.

נאָר שלמה זייענדיק פאַרטאָן אין זיינע געשעפטן, האָט קיין צייט נישט געהאַט דאָס אַלץ צו באַמערקן. ער איז ווי די אַנדערע געוואָרן פאַרכאַפּט פונעם טאָג־טעגלעכן לעבנס־ריטעם און איז פונעם דאָזיקן שטראָם געוואָרן אינגאַנצן געפאַנגען.

און ווען ער האָט יאָ געהאַט זיין פרייעם, שבתדיקן טאָג און האָט אין אים געוואָלט מאַכן זיין חשבון, — האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין בן־יחיד, אין בערעלען. ער האָט פאַר זיך אַליין נישט וויסנדיק, מיט אים זיך באַזונדער געאיילט.

בערעלע אַליין איז שוין אויך נישט געווען דער זעלבער. ער איז

געוואָקסן אין לערנען און האָט אויך אַזוי איילִיק זיך געגרייט צו זיין בר מצווה. ער איז געוואָרן רייפער און צוזאַמען מיט זיין רייפקייט איז אין אים אַ באַזונדערע ערנסטקייט אויפגעגאַנגען.

ר׳ יעקב איז פון שלמה׳ס נייעם מסחר אויך נישט געווען צופרידן. עס האָט אים פאַרדראָסן אויף זיך אַליין, וואָס ער איז פאַר דעם געווען דער גורם. דער גורם פון אַ נייער האַוועניש. כאָטש אַרויסגייען פונעם מאַנאָפאָל האָט מען געדאַרפט און די שטיפטן־פאַבריק האָט אַליין פאַרטריבן פון זיך, — האָט מען אָבער ביים מאַנאָפאָל געקענט פאַרלירן דעם גוף — און דאָ ווידער די נשמה.

— „וואָס הייסט עס אַ מענטש האַלט אין איין האַוועץ און האָט נישט קיין איין פרייע מינוט פאַר זיך? איז דאָס דער תכלית פונעם לעבן? — אַ ייד דאַרף טאַקע האָבן פרנסה, ער דאַרף אָבער אויך קענען זיין אַ „קובע זמן לתורה״. און אַז דאָס האַוועניש אַליין ווערט אַן עיקר, אַז מען פילט אין זיך נישט דעם ייד, איז עס גלייך צו עבודה זרה ר״ל.

„אַ ייד, דאַרף האָבן צייט מפשפש במעשים צו זיין. ער דאַרף זיך קענען אָפּשטעלן און פאַרטראַכטן. פאַרטראַכטן פאַר זיך און פאַרן כלל. בפרט אין צייטן ווען די יאָרן זענען נישט כתיקונם.

„און ער האָט נישט קיין צייט אַפילו אויפן קדיש זיינעם אַ קוק צו טאָן. און ער אַליין, ר׳ יעקב, מוז נאָך זיין אייגענע צייט פאַר אים אָפּגעבן. ער מוז צוליב אים האָבן ביטול תורה. און ווי קען מען דאָס זיין אַזאַ אַכזר קעגן אַן אייגענעם זון און אים נישט אַרויסהעלפן״?

ער האָט די נאַכט ווידער זיך אָפּגעזונדערט אין שטיבל און אַליין אין זיין ווינקל געלערנט. ער האָט זיך ווי געוואָלט אָפּנעמען פאַר זיין שפּעטערדיקן ביטול תורה. מען טאָר די צייט נישט מדחיק זיין״, האָט ער געהאַלטן.

„אַ מענטש איז נישט קיין בעל הבית איבער זיין צייט. אַלץ איז דעם באַשעפערס. ער האָט געגעבן און קען צו יעדער צייט אַלץ אָפּנעמען. דאַרף דעריבער דער בן אדם גאָרנישט אָפּלייגן, נאָר יעדע רגע אויסנוצן פאַר תורה״.

אַ פרישקייט איז אין אים אויפגעקומען, און ער איז צוריקגעקומען צום פריערדיקן ענין פון „שבירת הכלים״, וואָס ער האָט אין יענער נאַכט געמוזט איבעררייסן.

„די גרויסע שפע״, האָט ער זיך אין דער נאַכט־שטילקייט

צעזונגען. „דער שטראָם פונעם געטלעכן ליכט איז געווען אַזוי גרויס, אַזוי אָן סופיק, אַז די כּילים האָבן עס אין זיך נישט געקענט אַריינ־נעמען. און זיי האָבן זיך צעבראָכן.

„די עולמות זענען נתקלקל געוואָרן, זענען געוואָרן אויס־געקרומט. — און די ניצוצות פונעם געטלעכן ליכט־שטראָם זענען אַראָפּ אין שאול תחתיה און זענען געוואָרן געפאַנגען פון די פינצטערע כּוחות, פון די קליפּות של טומאה.

„דאַרפן מיר, בני אדם, דעם חסרון מתקן זיין. מיט גאָר אונדזער לעבן מתקן זיין. מיר דאַרפן גאַנץ מאַכן דעם בראָך. און דורך תורה, תּפילה און מעשים טובים, דאַרפן מיר אויפכאַפּן די מאורות פונעם אין סוף און זיי צוריק ברענגען צו זייער שורש. און ווען אַלע זאַכן וועלן ווערן אויסגעלייזט פון זייער פּגם, וועט קומען די גאולה, די גאולה שלימה.

„און אַז כּביכול אַליין, דער מלא כל הארץ; האָט זיך מצמצם געווען כּדי צו מאַכן אָרט פאַר דער יצירה. פאַר אונדזערטוועגן; ווי דאַרפן מיר זיך שוין מצמצם זיין, אין זיך אַליין אַריין; — כּדי צו מאַכן אָרט פאַר אונדזער אייגענעם און דער וועלטס תּיקון?...

און דאָס מיינט: „בהעלותך את הנרות", ברענג אַרויף די ליכטער. נישט בלויז זיי אָנצינדן דאַרפן מיר, נאָר זיי אויך אַרויפברענגען מעלה, מעלה, ביז צו די העכסטע הייכן, צו זייער שורש"...

ער איז אַ צינד געווען צופרידן פון זיך, ר' יעקב. ער האָט אין דער שטילקייט זיך צוגעהערט צו זיינע אייגענע ווערטער און ער איז ווי פון זיך אַליין געווען פאַרכישופט.

עס האָבן אים פאַרכאַפּט די איידלקייט פון געדאַנק און עס האָט אים באַצויבערט די באַהאַרצטע, ציענדיקע זיסקייט פון אייגענעם ניגון. און די האַרמאָניע פון פאָרעם און אינהאַלט האָט זיך אין אים ווי אין איינס צוזאַמענגעגאָסן.

* * *

באַלד נאָך פּסח איז ר' יעקב אַוועק אין וואַלד. דער פרילינג האָט זיך דאָס מאָל פרי געשטעלט. דער הימל אַ העל צעלויכטענער, מיט טונקל־בלאָ־צעגאָלדיקטע שטרייפן, האָט באַלד גענומען שפּריצן מיט פייער.

אַ פֿייערדיקע קויל האָט זיך אויפֿגעהויבן אַלע מאָל העכער און העכער, אַריינרייסנדיק זיך אין די וואַלד־געדיכטענישן. די ביימער אַדורכגענומען פֿונעם זוניקן גלי, האָבן מיט זייער פֿלאַמיקן „אָטעם" — אויסגעזויגן יעדע געבליבענע פֿייכטקייט.

און מיט דער אַזוי אויפֿגעגאַנגענער זוניקער פֿרייד, האָבן זיי זיך פֿרייגיביק געטיילט מיט אַלע פֿייגל און בעלי חיים, וואָס האָבן צווישן זיי גענעסטיקט. און בוים און פֿויגל, דער גאַנצער וואַלד, האָט זיך אין איין שירה צעזונגען.

## קאַפּיטל פֿינף

ר' יעקב האָט זיך באַזעצט אינעם גרינעם וואַלד־הייזל וואָס האָט זיך געפֿונען אין די וואַלד־געדיכטענישן, ביי דער זייט פֿונעם גרויסן הויפּישן שליאַך.

דאָס הייזל איז געווען אַ קליין הילצערן הויז נאָך געבויט פֿון ליפּיעצקיס זיידן יאַן. ס'איז געווען באַשטימט פֿאַרן לעשניק צו היטן דעם וואַלד. נאָר איצט מיטן איבערגיין פֿונעם וואַלד צו שלמה'ן, איז אויך דאָס הייזל אַריבער אין זיין רשות.

ווישניעצקי, ליפּיעצקיס לעשניק, אַן עלטערער באַבייכלטער קריסט מיט קרומלעכע פֿיס, וואָס האָט נאָך געדינט דעם איצטיקן ליפּיעצקיס טאַטן און האָט געדענקט זיין זיידן יאַן, איז פֿון דער גאַנצער מעשה פֿון פֿאַרקויפֿן דעם וואַלד צו שלמה'ן נישט געווען צופֿרידן.

ער איז ערשטנס נישט געווען צופֿרידן וואָס אַ קריסטלעך גוטס איז אַריבער צו אַ ייד. און גאָר האָט אים נישט געשמעקט, וואָס דער אַלטער ייד האָט זיך דאָ באַזעצט אינעם שליאַכעצקן הייזל און וואַכט איבער אים.

ס'איז אים בעסער געווען ניחה, ווען די „יאַסנע ווּיעלמאָזשנעס" האָבן געהוליעט אין אויסלאַנד און האָבן דעם וואַלד געלאָזט אויף זיין, ווישניעצקיס באַראָט. ער איז איבער אים געווען גאָר דער בעל הבית און האָט פֿון דעם קיינעם נישט געדאַרפֿט אָפּגעבן קיין חשבון.

איז ער אַרומגעגאַנגען ווישניעצקי זייט ר' יעקב איז אַהער געקומען, פֿאַרקרומט און פֿאַרסודעט. און כאָטש ער איז מיט אַ

געמאַכטער רוהיקייט ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט, האָט זיין אינערלעכע פּאַרטאַיעטקייט אַרויסגערופן אַ פּאַרדאַכט.

די ערשטע טעג איז ר' יעקב פון זיין קומען געווען צופרידן. די לופט אַ פרילינגדיק־באַלאַנסירטע, — אַ טרוקענע און אַן אָנגע־פילטע מיט וואַלדיקע ריחות, האָט צוזאַמען מיטן אַרבעטס־אימפּעט וואָס איז דאָ איינגעטראָטן זייט ער איז אַהער געקומען, אים מונטער און שטאַרקער געמאַכט. און ס'איז געווען ווי אַ ניי געזאַנג וואָלט אין אים אויפגעקומען.

דעם טאָג האָט ער פאַרבראַכט צווישן די העקער און די אָפּ־געדעקטע וואַלד־שטיקער, — וואו ער האָט צווישן פויגלען־געזאַנג אויך פאַרנומען דעם געמורמל פון די צום אויבערפלאַך זיך רייסנדיקע וואַסער־שטראָמלעך. און אין די אָוונטן האָט ער זיך אָפּגעשלאָסן אינעם וואַלד־שטיבל אונטערן שוץ פון די הויכע ביימער־קרוינען און איז געזעסן און געלערנט.

אַז ס'איז אָבער אַריבער די ערשטע טעג און ער האָט געזען ווישניעצקיס פאַרשלאָסנקייט, — איז אין אים אַן אומרוהיקייט אויפ־געקומען. ער האָט אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן וועגן דער סיבה. נאָר דער לעשניק האָט זיך באַמיט אים צו באַרוהיקן.

ס'איז געווען אין די לעצטע טעג פון ספירה. ר' יעקב, אַ באַנייטער און אָפּגעפרישטער, האָט זיך שוין געגרייט צוריק צופאָרן אויף שבועות.

די זון האָט זיך נאָך העכער אויפגעהויבן אין הימל און פון ערגעץ וואו האָט זיך אינעם וואַלד אַריינגעריסן אַ ריח פון יונג־בעז און ערשטע פרילינגס־בליטן.

די ריחות האָבן זיך אויסגעמישט און זיך מיט די צעדופטע סאָסנעס און נאָדל־ביימער באַהעפט אין איין וואַלדיקן רוח ניחוח. ער האָט היינט געהאַט פיל צו טאָן, ר' יעקב. האָט געדאַרפט אָפּציילן די צוגעגרייטע קלאַפּטער מיט די אַראָפּגעלאָזטע ביימער, און זיי נומערירן. —

ער האָט אָבער ווי דעם לעצטן אָוונט אינעם וואַלד, זיך נאָך מער גענומען צום לערנען: „כשעלה על דעתו"... ווען גאָט האָט באַשלאָסן די מענטשן צו געבן די תורה, האָט ער זיך פריער געווענדעט צו די בני עשו און האָט זיי געפרעגט: „וועט איר אָננעמען די תורה"?

האָבן זיי געזאָגט: „און וואָס שטייט אין איר“? האָט ער זיי געענט־פערט: „לא תרצח!“ זאָלסט נישט מאָרדן!...

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. קיין איין שטערן האָט זיך אויפן הימל־געוועלב נישט באַוויזן. דער הימל, אַדורכגענומען מיט אַ נעץ פון געדיכטע, שוואַרצע וואָלקנס, האָט זיך געגרייט מיט שטורעם צונעמען דאָס הייזל.

נאָר נאָך איידער דער שטורעם־געפלייץ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן הייזל, האָט זיך ווער באַוויזן ביים קליינעם פענצטערל. און ר׳ יעקב פאַרגאַפּט און פאַרכאַפּט פון די אייגענע רייד, האָט גאָרנישט געזען און געהערט. ער איז געווען ווי אויסגעטאָן פון זיך. דאָס פענצטערל האָט זיך לייכט אונטערגעגעבן און שוין איז דער פרעמדער געווען אין דער כאַטע.

ר׳ יעקב האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט. ער האָט דער־זעענדיק דעם פרעמדן, אַ דערציטערטער, אים געוואָלט פרעגן וואָס ער וויל. נאָר איידער נאָך ער האָט ס׳מויל געעפנט, איז שוין זיין האַלדז געווען איינגעקלעמט אין די שטאַרקע הענט פונעם מערדער.

אויף צומאָרגנס האָט ווישניעצקי וועגן דעם צוויסן געגעבן דער מאַכט. ער האָט אים געפונען, האָט ער דערקלערט, אַ דער־שטיקטן אינעם הייזל, בעת אַ באַאומרוהיקטער צוליב זיין נישט באַווייזן זיך מער ביי דער אַרבעט, איז ער אים געגאַנגען זוכן.

קראָפּאָוו, דער פּאָליציי־נאַטשאַלניק פונעם ראַיאָן, האָט פאַר־אָרדנט אַ שטרענגע אויספאָרשונג. מען האָט חושד געווען אים אַליין, דעם לעשניק. נאָר צו קיין רעזולטאַט איז נישט געקומען. עס זענען נישט געווען קיין עדות און קיין גענוגנדיקע באַווייזן.

אין שלמה׳ס הויז איז אַנטשטאַנען אַ בהלה. ס׳איז געווען ערב שבועות. און ער איז אַרומגעגאַנגען שלמה, פאַרביטערט און פאַר־טרויערט. האָט זיך געפילט שולדיק אינעם טאַטנס טויט.

„זע“, האָט ער זיך אַליין אַ לעבעדיקן געגעסן. „מיר האָט ער געהיט און געוואָרנט. ער האָט מיר געוואָרנט איך זאָל אַוועקגיין פון מאַנאָפּאָל. און דאָס האָט מיר דערפירט צום טאַרטאַק און וואַלד. — נאָר זיך אַליין, האָט ער נישט אָפּגעהיט.

און פון צופיל זאָרגן זיך איבער מיר, איז מיין טרייער פאָטער ווי אַליין געגאַנגען צום טויט. ער איז מיר געגאַנגען העלפן. אַרויס־

העלפן האָט ער מיר געוואָלט. און איך וועל אים שוין אַ גאַנץ לעבן האָבן אויף מיין געוויסן״.

— ברײנדל, זיין מאַמע, האָט אים געפּרוּווט טרייסטן. זי, וועמען דאָס אומגליק האָט צומיינסטן געטראָפן, האָט איר אייגענעם צער אין זיך דערשטיקט, כדי אים דעם זון צו מונטערן. נאָר שלמה האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן.

נאָך די שלושים האָט אים דער רבי ר׳ יאַנקעלע אַרויסגערופן און אים באַפוילן אויפצוהערן זיך און דער מאַמען פּייניקן מיט איבעריקן צער.

„צו פיל טרויער שלמה״, האָט ר׳ יאַנקעלע איין אים אַריינגעטענהט. „איז נישט יידיש״. ס׳איז ווי אַ בונט „כלפּי מעלה״. „הוא נתן והוא לקח״... „מען דאַרף מצדיק את הדין זיין״ און נישט פאַרקערט. און מען טאָר אויך קיין מאַמען נישט מצער זיין.

נישט דו שלמה, ביזט געווען דער גורם פון ר׳ יעקב׳ס טויט. די וועגן פון „מסבב כל הסיבות״, זענען פאַר אונדז שטערבלעכע פאַרהוילן. און דאָס וואָס דיר זעט אויס פאַר אַ גורם, — קען גאָר זיין די באַהאַלטענע שליחות פון זיין רצון. און ווער קען זיך עס קעגנשטעלן קעגן זיין גרויסן רצון, ישברך...

***

שלמה׳ס טרויער איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן און דאָס לעבן האָט אָנגענומען זיין פריערדיק געשטאַלט. עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון בערעלעס בר מצווה און אַ נייער גייסט איז אין שלמה׳ן אַריין וואָס האָט גאָר דעם פריערדיקן טרויער פון אים פאַרטריבן.

ווי אַ גערטנער וואָס גרייט זיך פאַר זיין ערשטן פרוכט־אָראָפּנעם, אַזוי האָט זיך שלמה׳ס הויז אַ צינד געגרייט פאַרן טאָג פון בערעלעס ייד־רייף־ווערן. —

דאָס גרייטן זיך פאַרן דאָזיקן מאָמענט, האָט נישט נאָר באַווירקט שלמה׳ס לעבן, נאָר עס האָט אין אים אַ גאָר נייעם חיות אַריינגעגעבן. עס האָט אים געגעבן מוט און כוח אָנצוגיין מיט אַלע זיינע אַקטיוויטעטן.

ר׳ הירש־חיים, בערעלעס רבי, האָט שווער געהאָרעוועט. ער האָט פון זיין פעאיקן תלמיד וואָס מער געוואָלט אַרויסבאַקומען. ער האָט

געוואָלט, ר׳ הירש־חיים, אַז בערעלעס דרשה זאָל איבערשטייגן אַלץ וואָס אַ בר־מצווה־בחור האָט ביז אים באַוויזן צו זאָגן.

דאָס עילוישע בערעלע, וועמען דער רב מיט די דיינים האָבן מקנא געווען, ווייל ער האָט שוין איבערגעוואָקסן זייערע אייניקלעך אין לערנען, האָט אויך ביי דעם נישט געטאָרט בלייבן שטיין. און ס׳איז דער לעצטער שאַנס וואָס איז הירש־חיימען געגעבן געוואָרן צו באַווייזן זיין כוח...

ער קען אייביק נישט זיין קיין מלמד. איז שוין ווייס ווי אַטויב. עס רוקט זיך אויף אים אָן די זקנה און די כוחות פאַרלאָזן אים. ער קען נישט און טאָר נישט מער רייסן דאָס שוואַכע האַרץ.

מיט דער ישיבה „עץ חיים" פירט אָן אַ קלענערער למדן פאַר אים. איז שוין צייט, אַז מען זאָל זיך אויך אויף אים אומקוקן. איינ־מאָל, אָדער צוויי מאָל אַוואָך צו זאָגן אַ שיעור פאַר עלטערע בחורים, וואָלט ער זיך נישט געדאַרפט אַזוי אָנשטרענגען.

אויך בערעלע האָט געוואָלט ווייזן וואָס ער קען. ער האָט מיט־אַמאָל אין זיך דערפילט אַ דראַנג צו ווערן זעלבשטענדיק און האָט אויך באַכן אומגעריכטן קלאַפּ וואָס זיינע עלטערן האָבן באַקומען, געוואָלט פאַר זיי זיין צו אַ טרייסט.

דער געגאַרטער טאָג איז געקומען. די גרויסע סאַליע איז געווען פאַרצירט און פאַרפּוצט ווי צו אַ חתונה. דער מעשענער הענגלאָמפּ מיט די קאָנדעליאַברעס, אַרומגענומען ווי מיט אַ קראַנץ פון צעפּיג־קלטן קרישטאָל, זענען געווען צעצונדן.

און דער שיין פון דער צעשפּיגלטער קאַפּע צוזאַמען מיט די אַראָפּהענגענדיקע פאַרביקע פּרענדז, האָט שימערירט און געמיניעט מיט אַ פאַנטאַסטישער קאָליריקייט.

אַרום די בלאָ־פּלושענע שטולן פונעם גרויסן טיש, זענען געשטאַ־נען באַזונדערע שטולן־רייען פאַר די געסט. און אין סאַמע אויבן אָן זענען געווען דריי הויכע פאָטער־שטולן פאַרן מרא דאתרא ר׳ יחיאל, פאַר ר׳ הירש־חיימען און פאַר אים אַליין, דעם בעל־השמחה.

די סאַליע מיט די דערבייאיקע צימערן זענען געווען געפּאַקט פון שלמה׳ס משפחה, חסידים און באַקאַנטע. ביילטשע מיט דער צעיורענער זאָשע, האָבן נישט געהאַט קיין הענט פון דערלאַנגען דעם כיבוד.

אויך בערעלעס שוועסטער האָבן געפּרוווט העלפן, דערהויפּט

די עלטערע חנה׳לע, נאָר גאָר באַזונדער האָבן ביילטשע און ר׳ יעקבס אַלמנה, בריינדל, געשטראַלט פון פרייד.

ביידע זיינען געווען ווי איבערגליקלעך. זיי זיינען געווען צופרידן פון דער בר־מצווה־פייערונג, און נאָך מער זענען זיי געווען צופרידן, וואָס שלמה, פאַר וועמענס צו טיפן טרויער זיי האָבן זיך געשראָקן, איז געקומען צו זיך און וועמענס ערשטער נחת פון בערעלען איז פאַר אים ווי אן היילנדיקער באַלזאַם.

אַ שטילקייט פול מיט שפאַנונג און דערוואַרטונג איז איינגעטראָטן, ווען בערעלע האָט אָנגעהויבן זיין דרשה. מיט אַ קלאָר און הויך קול האָט ער אָנגעהויבן דעם פלפול וועגן חנוכה.

ער האָט גערעדט וועגן די דינים פון הדלקה, וועגן „כבתא זקוק לה״, און „אין זקוק לה״, וועגן שיעור ווי לאַנג די ליכט דאַרפן ברענען און וועגן נס פון קריגעלע בוימל.

אָנגעהויבן שטיל, האָט ער זיך צעוואַרעמט און ווי מען וויקלט פונאַנדער אַ מגילה, האָט ער פונאַנדערגעוויקלט דעם גאַנצן ענין. האָט געוואָרפן מיט פירושים און חידושים פון ראשונים און אחרונים איבערן באַהאַנדלטן ענין און האָט אויך צוגעגעבן פון באַקאַנטע חסידישע רביים.

מיט דער געניטקייט פון אַ דערפאַרענעם תלמודיסט, האָט ער געשליידערט מיט סוגיות און פלפולים. האָט אויפגעבויט וועלטן גאַנצע פון געדאַנק, זיי צעוואָרפן און זיי דערנאָך צוריק אויפ־געשטעלט.

די לומדים האָבן זיך צוגעהערט און האָבן געגאַפט. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן זיי געשלונגען זיין יעדעס וואָרט, אויפגעכאַפּט זיין יעדן געדאַנק און תנועה. און ביי שלמה׳ן און ביי הירש־חיימען, זיינען די הערצער ווי זונען אויפגעגאַנגען פון תענוג.

די מאַמע מיט דער באָבען האָבן זיך געפרעגלט פון נחת. בערעלעס גלאַטער זאָגן — און די באַגייסטערונג פאַר אים פון די מסובים, האָט זיך אויך צו זיי איבערגעגעבן. און זיי האָבן מיט זייער מאַמעשן חוש אַרויסגעפילט דעם קינדס כוח...

אויך זאָשע, אויף וועמענס הענט בערעלע האָט זיך געהאָדעוועט, האָט זיך אויף איר שטייגער משמח געווען. זי האָט ערשטנס ווי תמיד ווען זי איז גוט אויפגעלעגט, אָנגעהויבן היפּקען און אונטער־טאַנצן אויף אירע ברייטע היפטן און זי האָט צווישן איין גאַנג צו

דער סאַליע און צווייטן, אין זיך אַריינגעוואָרפן אין גלעזל נאָכן אַנדערן.

משה־מענדל, דער שטענדיק צעטראָגענער און פאַרנומענער מיט זיינע ווינט־געשעפטן, האָט דאָ אויף שלמה׳ס סעודת מצווה אינ־גאַנצן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם עול פון דער וואָכן.

פאַרגעסן אין די פּריצים און נאַטשאַלניקעס און ווי פרייטיק צונאַכט צו דער סעודה, האָט ער זיך דערפילט אינגאַנצן שבת־יומטובדיק. ער האָט גלייך נאָכן עסן צוגעלעגט אַ האַנט צום רעכטן אויער און איז דער ערשטער אַרויס מיט אַ זמרל, וועלכן די איבעריקע האָבן אונטערגעכאַפּט. און פון שלמה׳ס הויז האָט זיך מיט אַמאָל ווי אַ כוואַליע אַ פריידיק געזאַנג אַרויסגעריסן.

משה־מענדל איז באַזונדער געווען צופרידן זיך צו באַטייליקן אין שלמה׳ס שמחה. ער האָט זיך צוליבן מאָרד פון ר׳ יעקבֿ׳ן און דורך אים באַראַיעטן וואַלד, געפילט ווי אומדירעקט שולדיק. און אַז דער טרויער איז ווי רויק צעגאַנגען און שלמה׳ס הויז האָט צוריק אָנגענומען דעם נאָרמאַלן גאַנג, איז ער ווי געווען צופרידן.

די בר־מצווה־שמחה האָט זיך געענדיקט. און בערעלע איז אויף צו מאָרגן אַוועק אין שטיבל פאַר זיך אַליין לערנען.

***

אין שטיבל איז צווישן די יונגע לערנער אַ נייער גייסט אויפ־געקומען. ס׳האָט קיינער נישט געוואוסט פונוואַנען ער האָט זיך גענומען. נאָר ווי אַן אונטערערדישער קוואַל וואָס געפינט זיין וועג צום אויבערפלאַך, אַזוי האָבן ביי די לערנער געפונען זייער וועג, די ניי־דערוואַרטע האָפענונגען. —

די בחורים האָבן ביז דאַן פון קיין ציוניזם נישט געהערט. ווי זייערע עלטערן האָבן זיי זיך געפילט באַהעפט צום לאַנד פון זייערע אָבות און אין זייערע תפילות פאַר ציון האָבן זיי גאָר זייערע בענקענישן אויסגעגאָסן.

נאָר די דאָזיקע ציון־באַהעפטונג איז פאַר זיי נישט געווען קיין רעאַלע. גאָרנישט האָט דעם גאָרענדיקן נאָך ציון מחייב געווען. — ער האָט אין זיין פאַנטאַזיע בלויז געזען אַן איבערערדישע דערלייזונג, וואָס וועט שוין פאַר אים טאָן די גאַנצע אַרבעט.

זי וועט שוין אַלץ צורעכט מאַכן און אַלע פּגמען פון מענטש און וועלט אויסגלייכן. וואָס ער דאַרף בלויז טאָן, איז גלויבן און וואַרטן. וואַרטן אויפן קץ...

און מיט אַמאָל איז צווישן די דאָזיקע יונגע, אַ נייער גייסט אויפ־געגאַנגען. אַ גייסט, וואָס האָט די אַלטע פאַרנעפּלטע האָפענונגען, אַ נייע פאָרעם געגעבן. אַ פאָרעם, אַ קאָנקרעטע, אַ רעאַלע. —

די באַזעצונג פונעם לאַנד איז געווען דער נייער אידעאַל, צו וואָס די פרומע בחורים האָבן אַ צינד געשטרעבט. און אין זייער זיס־האַרציקן תורה־געזאַנג, איז א נייער ניגון אַריינגעקומען. אַ ניגון פון מעשים, פון זעלבסט־פאַרווירקלעכונג.

בערעלע האָט נאָך פון פריער אין זיך דערפילט אַ באַדערפעניש אינעם אַלטן חשבון אַריינצוקוקן. — פעסט אינעם גלויבן פון זיינע אָבות, האָט ער אָבער אינעם יידישן מויער דערזען לעכער און שפּאַלטן, וועלכע מען דאַרף פאַרשטאָפּן.

זייט ער געדענקט, האָט ער אין זיין פאָטערס הויז געהערט לויטער קרעכצן. קרעכצן פון געזונטע, צעוואָקסענע יידן, איבער יידישע צרות. און ער, נאָך דאַן דאָס קליינע יינגעלע, האָט זיך געוווּנדערט און געשעמט.

ער האָט זיך געשעמט, וואָס אַזעלכע ברייט און הויך צעוואָקסענע מענטשן, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר גאַנצע גבורים, זאָלן בלויז אָפּקומען מיט קרעכצן.

און כאָטש ער אַליין האָט נאָך דאַן נישט געוואוסט וואָס אַזוינס מען דאַרף טאָן אויף צו ענדערן דעם מצב, האָט ער אָבער געפילט, אַז אַזוי ווייטער קען עס נישט גיין.

און ער האָט זיך דעריבער אַ צינד צווישן די יונגע לערנער, דער־פילט ווי ניי געבוירן. ער איז געוואָר געוואָרן פון זאַכן וואָס ער האָט ביז דאַן נישט געוואוסט. און ער האָט אין דעם מאָמענט די נויטן פון זיין פאָלק אַנדערש באַנומען.

און מיטן דאָזיקן נייעם פאַרשטייַן איז אין אים אַ קלאָרקייט אויפגעגאַנגען און זיין לעבן האָט באַקומען אַ נייעם זין.

ער האָט זיך מיט די איבעריקע אין איין געדאַנק באַהאָפטן. אינעם געדאַנק פון דער באַפרייאונג פון זיין פאָלק און לאַנד. און ער האָט צוזאַמען מיט זיינע חברים, די אָרגאַניזאַציע פון „צעירי־מזרחי" געגרינדעט.

*
* *

בערעלע האָט שוין ווייניקער געלערנט. האָט אָנגעהויבן אָפּרייסן צייט פון לערנען, כדי זיך צו באַקענען מיט דער יידישער און וועלט־לעכער ליטעראַטור.

ער האָט שוין זיין התמדה געטיילט אויף טיילן. און מיטן זעלבן עקסטאַז וואָס ער האָט ביז היינט אויפגעכאַפּט יעדן נייעם תורה־געדאַנק, האָט ער שוין אויך אָנגעהויבן אויפכאַפּן יעדן געדאַנק בכלל.

מרדכי, זיין צו אים נאָענטסטער לערנער, האָט אים באַזאָרגט מיט די גויטיקע ספרים און טריף־פסולס, וועלכע ער האָט אין אָנהייב געלייענט באַהאַלטענערהייט.

נאָר צום בעסטן האָט ער זיך געפילט אינעם נייעם לאָקאַל, ווען ער האָט צוזאַמען מיט מאָטעלען געלייענט דעם „המזרחי". דאַן, האָט ער זיך גאָר געפילט דערהויבן.

יעדעס וואָרט און שורה האָט פאַר אים געהאַט אַ באַזונדערן טעם. מער ווי די אייגנטלעכע באַדייטונג פון די ווערטער, האָט ער אין זיי געזען זיינע אייגענע ווונטשן און פאַרלאַנגען.

ער האָט זיך מיט די ווערטער געקוויקט מיט דער ערשטקייט פון אַן אָנהייבער, וואָס אַלץ איז נאָך פאַר אים אַזוי ניי און פריש ווי מעשה בראשית...

פון טאָג צו טאָג איז אין לאָקאַל געוואָרן לעבעדיקער. עס זענען צוגעקומען נייע חברים און נייע אַרבעטן. און בערעלע האָט זיך שוין קוים געקענט דערוואַרטן אויפן אָוונט. ער זאָל זיך קענען פון דער היים אַרויסגנבענען.

שלמה איז וואָס מער געוואָרן אַריינגעצויגן אין זיינע געשעפטן. ער האָט זיך אָבער געשראָקן פאַרן אָנקומענדיקן שטורעם וואָס האָט ווי געהאָנגען אין דער לופטן. האָט ער דעריבער געוואָלט וואָס מער מזומנים פונעם געשעפט אַרויסקריגן.

האָט נישט געהאַט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט בערעלען און אויף אים אַכטונג צוגעבן. ער האָט זיך אַפילו אָנגעשטויסן אויף די ענדערונגען וואָס זיינען אין בערעלען פאָרגעקומען, ווי ער האָט בכלל אויפגעכאַפּט אַלע ענדערונגען אַרום אים.

און וואָס מער פאַרנומען שלמה איז געוואָרן, אַלץ אַקטיווער

איז בערעלע געוואָרן. און צום מערסטן צופרידן פון זיין פאָטערס פאַרנומענקייט, איז בערעלע אַליין געווען.

## קאַפּיטל זעקס

יידל באַנק, אַן הויכער, ברייט־פּלייציקער מאַן מיט אַן אַרויס־רופערישן בליק און פעסטן טריט, איז געווען אַ ייד אַ גבר. ער איז געווען דער עלסטער פון די „בלאַטע" און זייער פירער.

ער האָט געהאַט פיל צו טאָן יידל דער רויטער. האָט געדאַרפט אויסגלייכן די מאַרוויכערישע „דין תורות", האַלטן די פּראָפעסיע אין צוים. — און אויך זאָרגן פאַר די אין תפיסה אַריינגעפאַלענע.

נאָר דער עיקר האָט ער געהאַט צו טאָן מיטן שטאָטישן שפּיצל, דעם פּרישצעוואַטן באַרטאַש מיט די באַקן־בערד און לאַנגע פיס, וואָס האָט זיך פאַרלעגט אויף זיינע אָרימע יאַטן, ווי אויך מיטן אייגענעם מסור בייניש בוראַק.

באַרטאַש האָט זיך גאָר אָנגעזעצט אויף זיין חברה. ער לאָזט זיי נישט צו רו און רק ער האַלט זיי אין איין שלעפּן אין צירקל און צום סלעדאָוואַטעל (ריכטער). און וויפל מען גיט אים איז אַלץ פאַר אים ווייניק.

כאַטש נעם און האַלט אים אויס, אים מיטן צירקל און מיט אַלע שפּיקעס. ווי אַ פּיאַווקע זויגט ער פון זיי דאָס בלוט. באַרטאַש האָט שוין אַפילו נישט איינמאָל געקראָגן געבראָכן די ביינער. ס'האָט שוין אפילו אַמאָל מיט אים געהאַלטן גאָר שמאָל. —

ווי נאָר אָבער ער איז אַרויס פון דער צרה, האָט ער זיך צוריק גענומען צו זיינע פריערדיקע עסקים. ער ווייסט וועמענס אַרבעט דאָס איז, זאָגט ער.

און וולאַדימיראָוו, דער הויפּט פונעם צירקל, האָט זיי שוין אַפילו אַרויסגערופן צו „זינגען". — נאָר ווער וועט עס אים נעמען בלעקן — אַז קיינער פון זיי האָט נישט געזען און געהערט?

„מיר זענען בלויז אָרימע יאַטן וואָס זוכן אַ שטיקל ברויט פאַרן ווייב און קינד און נישט קיין שלעגער. און אַוודאי הייבן מיר נישט קיין האַנט אויפן קיסרס מענטשן. און מער ווייסן מיר גאָרנישט", האָבן זיי געטענהט.

וולאַדימיראָוו האָט זיי אָבער געגעבן אָנצוהערן, אַז ער ווייסט וועמענס אַרבעט דאָס איז. „ער וועט אַריינפּאַלן, וועט אַריינפאַלן אייער שטאַרקער, „יעי באָגו״. האָט ער זיך געשוווירן און געקריצט מיט די ציין.

און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק, האָט זיך צו וולאַדימיראָוון מצרף געווען דער פרומער מסור בייניש. ער האָט מיט אים געמאַכט יד אחת בייניש. ער טראָגט אויף יידלען אַן אַלטן כעס. אַ כעס, פאַר אַן אַמאָליקער פאַרשפּילטער „דין תורה״, וואָס קען זיך ביי אים נישט איינשטילן.

בייניש, וואָס האָט זיך אַמאָל אַליין פאַרנומען מיט די זעלבע עסקים וואָס יידלס יאַטן און ס׳האָט אים אָפּגעגליקט, ער איז רייך געוואָרן, איז אַליין אויך נישט קיין מלופּים־קינד.

ער איז רייך און איז אַרומגערינגלט מיט אייגענע „שפּיקעס״ און שטאַרקע. ס׳איז שווער מיט אים אָנצוהייבן. און זייט ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, האָט ער גענומען מאַכן אַ פרומען אָנשטעל און האַנדלען מיט מצוות.

און רק ער זוכט יידלען אונטערצושטעלן אַ פיסל. ער וואָלט אים וועלן באַגראָבן, צום טויט באַגראָבן, אַז עס זאָל פון אים קיין זכר נישט בלייבן. און יידל ווייסט דאָס.

* *
*

דער רעוואָלוציאָנערער גייסט וואָס האָט זיך געשטאַרקט איבער רוסלאַנד, האָט אויך דאָ אַהער דערגרייכט. און ווי אַלאַווינע האָט זיך דער האַס קעגן צאַר און זיינע אַרויסהעלפער פאַרשפּרייט.

האָבן זיך די אַרבעטער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן, אין אָנהייב צו פאַרהייכערן די אייגענע בויטן. נאָר מיטן וואַקסן פון זייערע כוחות איז אויך געוואַקסן זייער רעוואָלוציאָנערער אימפּעט.

איז אויף אַ בוידעם־שטיבל פון אַן אָפּגעלעגן געסל פון שטאָט, פאַרגעקומען אַ היציקע פאַרזאַמלונג. די יונגע פונעם קרייז, האָבן פאַר זיך געהאַט צו לעזן אַ שווער פּראָבלעם.

ס׳איז געשטאַנען די פראַגע פון אָפּרוימען דעם פרישצעוואַטן באַרטאָש וואָס האָט זיך אויך זיי איינגעגעסן אין די ביינער. האָבן אים אַטייל געוואָלט באַזייטיקן ווי אַ צאַרישן קנעכט.

נאָר פאַר די אַנדערע איז ער בלויז געווען ווי אַ מיטל, ווי שמיר־אייל פאַר די רעדער פון דער רעוואָלוציע. „רעוואָלוציאָנערן״ האָט זייער וואָרט־פירער, יאַנטשע דאָס הערבעלע, געטעהנט, „דאַרפן כדי אונטערצוהאַלטן דעם גייסט פון דער רעוואָלוציע, זיך יעדעס מאָל אָפּפרישן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן אַקט״.

— מען דאַרף אָבער פריער גוט אויסרעכענען, חברים, כדי עס זאָלן פאַר אונדזערע מעשים קיין אַנדערע נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך. עס דאַרף קיינער צוליב אונדז נישט ליידן, האָט זיך ח. נחום אַריינגעמישט.

— דאָס איז בירגערלעכע רייד, חברים, האָט דאָס הערבעלע דערווידערט. דער צוועק הייליקט די מיטלען. — און מיט קיין זיידענע הענטשקעס פירט מען נישט אויס קיין אַטענטאַט.

און אפשר וויל דער חבר נחום די זאַך אַליין אַדורכפירן און דערנאָך זיך אַרויסשטעלן און דערציילן ווי אַזוי דאָס איז געוואָרן אַ דורכגעפירט? — איך בין אַזוי נישט גרייט צו האַנדלען, האָט ביי אַפּלאָדיסמענטן פון די פאַרזאַמלטע פאַרענדיקט דאָס „הערבעלע״.

***

ס'איז געווען אַ פינצטערע, רעגנדיקע נאַכט. באַראַטש, אַ באַטרונקענער, האָט אין די שפּעטע נאַכט־שעהן פון ערגעץ זיך אַהיימגעשלעפּט. ער איז קוים געגאַנגען, האָט זיך געוואַקלט אויף זיינע לאַנגע פיס און צו זיך אַליין געמרוקעט.

נאָר אין איינעם פון די טונקעלע געסלעך דורך וועלכע באַרטאַש האָט געדאַרפט אַדורכגיין, איז אין אַ ווינקל אַ פאַרטאַיעטער געשטאַנען דאָס „הערבעלע״ מיט אַן אָנגעצילעוועטן רעוואָלווער.

ער איז געווען איין שטיק נערוו דער חבר יאַנטשע. ער האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן. נאָר זיך איינגאַנצן קאָנצענטרירט אויפן קומענדיקן אַקט. און ער האָט מיט די פלאַכן פון זיין רעכטער האַנט, מיט אַלע כוחות צו זיך געדריקט דעם רעוואָלווער, ווי מורא האָבנדיק עס זאָל אים וועו פון זיין האַנט נישט אַרויסנעמען.

און ווי נאָר באַרטאַש איז צוגעקומען צום אָרט וואו יאַנטשע איז געשטאַנען, האָבן דריי קנאַלן אָפּגעהילכט אין דער נאַכטיקער פינצטערניש. די קוילן זענען מיט אימפּעט אַריין אין באַרטאַשעס

פלייצע און ער איז אַ בלוט־פאַרגאָסענער אומגעפאַלן און שוין געבליבן אויפן אָרט.

אויף צומאָרגנס איז אין שטאָט אויסגעבראָכן אַ מהומה. קראַפּאָוו, דער פּאָליציי־נאַטשאַלניק, האָט אויפגעפאָדערט וולאַדימיראָוון מיט אַלע מיטלען צו געפינען די שולדיקע. און וולאַדימיראָוו האָט אין אָנהייב פאַרהאַלטן יאַנטשעס חברים, אויף וועמען עס זענען געפאַלן אַלע פאַרדאַכטן.

עס האָט אָבער לאַנג נישט גענומען ווי ער האָט זיי באַפרייט און האָט דאַקעגן אַרעסטירט יידלען. יידל האָט דערקלערט אַז ער ווייסט פון גאָרנישט. ער איז טאַקע דער ראש פון די מאַרוויכער, און ער קען זיך שלאָגן, — נאָר דערלאַנגען מיט עפּעס פון אונטן, בפרט מאָרדן, דאָס טוען נישט זיינע מענטשן.

זיינע רייד האָבן נישט געהאָלפן. וולאַדימיראָוו האָט דערקלערט אַז ער האָט קעגן אים באַגלויבטע עדות, בכבודיקע בירגער. און ס'האָט נישט לאַנג גענומען ווי יידלס משפט איז פאָרגעקומען. ער האָט זיך דערקלערט אומשולדיק. נאָר אין אַ קאָנפידענציעלע דער־קלערונג איז בייניש אַרויסגעטראָטן קעגן אים.

ס'האָט נישט געהאָלפן קיין טענות און מענות. אויך נישט די רייד פון זיינע פאַרטיידיקער. און טראָץ דעם וואָס ס'איז נישט געווען קיין באַווייזן, האָט אים דאָס געריכט פאַרמשפט אויף פופצן יאָר שווערע קאַטאָרגע. און יידל „באָנק" איז געוואָרן אָפּגעשיקט קיין סיביר, אָפּצודינען זיין סראָק.

נאָכן אָפּפאַרטיקן זיך מיט יידלען, האָט זיך די פּאָליציי צוריק־גענומען צו יאַנטשעס קרייז. דאָס בוידעם־שטיבל איז געוואָרן פאַר־חתמעט. די חברים האָט מען אַרעסטירט און מען האָט זיי געפייניקט מיט אויספאָרשונגען. די פּאָליציי האָט געוואָלט וויסן וועגן זייער טעטיקייט און וועגן די מיטהעלפער פון באַרטאָשעס מאָרד. נאָר יאַנטשע איז שוין אין שטאָט נישט געווען.

דער דרוק פון דער פּאָליציי האָט אָבער באַלד אָנגעהויבן נאָכלאָזן. אַנדערע געשעענישן, מער וויכטיקע פאַר דער אימפּעריע האָבן אָנגעהויבן אַנלויפן.

דער רוסישער אָדלער וואָס האָט געוואָלט אַרונטערנעמען אונטער זיינע פליגל אַלע פּראַוואָסלאַוונע, איז זיך אַ צינד געגאַנגען אָננעמען פאַר זיין סערבישן, קלענערן פּראַוואָסלאַוונעם ברודערל.

די גרויסע אַוואַנטורע איז געווען גרייט. גאַרנישט האָט איר שוין געקענט אָפּהאַלטן. די פעלקער פון אייראָפּע האָבן דאָס געזען און באַגריפן. נאָר ווי תמיד איז זייער ווילן געווען געליימט קעגן די אַמביציעס פון זייערע געקרוינטע הערשער און די רייד פון זייערע בעלי יועצים.

* * *

דער פרימאָרגן איז געווען אַ זוניקער, אַ שיינער. כאָטש ס׳איז שוין געווען שפּעט־זומער, האָט נאָך דער הימלשער פלאַם וואָס איז געהאָנגען איבערן מענטשנס קאָפּ, גאָרנישט געהאַט פאַרלוירן פון זיין שיין און קראַפט.

ער האָט ווי תמיד אָנגעטרונקען דעם באַשטאַנד מיט זוניקער פרייד און האָט מיט אַ פרייער האַנט געשפּרייט פון זיין גאָלדיקער שפּע פאַר אָרעם און רייך. ווי נאָר אָבער די איינוווינער פון שטאָט זענען אַרויס אין די גאַסן, האָבן זיי מיט אַמאָל דערזען אויף אַלע ווענט פון די הייזער הענגען גרויסע פּלאַקאַטן, מיט אַ רוף פאַר מאָביליזאַציע.

„מאָביליזאַציע, מאָביליזאַציע״, האָבן ווי בלוט, רויטע אותיות אַראָפּגעשריגן פון אַלע פּלעצער פון שטאָט. און ווי נאָר דער מענטש האָט זיין טריט געשטעלט, האָט אים אין די אויערן געגרילצט דאָס געשריי פון בלוט. „בלוט, בירגער, גיב! גיב דיין בלוט פאַרן פאָטער־לאַנד״ !...

און פינצטער איז פאַרן גרעסטן טייל מענטשן געוואָרן דער זוניקער שיין. נישט מער אויפגעגאַן איז די זוניקע פרייד אין זייערע הערצער. גיך זענען די מענטשן אַוועק אין זייערע הייזער, אויפ־צונעמען די ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלענע פרישע זאָרגן.

און אויף די שטאָטישע פרייע פּלעצער און געמאַרקן האָבן פון אַלע זייטן גענומען ציען פויערישע וועגעלעך מיט רעקרוטן און זאַפּאַסנע. פול איז מיט זיי געוואָרן די שטאָט. דאָס האָבן זיי זיך אַזוי געאײַלט צו דער פּאָוויאַטאָווער און שטאָטישער וואָיענער קאָמיסיע.

די יונגע נישט־דערפּאַרענע פויערים זענען געווען פריילעך. ווי אַ פריילעכע אַוואַנטורע האָט זיי געלאָקט די פּאָבאָראָווע קאָמיסיע.

נאָר די עלטערע, זאַפּאַסנע, זענען ווי ווילענלאָזע מעכאַניזמען געגאַנגען אָפּגעבן זייער חוב פאַרן פּאָטערל פון גאַנץ רוסלאַנד. אוןביידע האָבן גלייך נאָך דער קאָמיסיע געאיילט אין די שענקען.

אַ באַזונדערע זאָרג האָט זיך געלעגט אויף די יידישע הייזער פון שטאָט. אַ שווערקייט איז אויף זיי געפאַלן ווי ערב תשעה באב. און אויך שלמה׳ס הויז איז נישט געווען פריי פון זאָרג.

ביילטשע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטע. זי האָט מורא געהאַט פאַר שלמה׳ן. כאָטש שלמה האָט געהאַט אַ בלאָען בילעט, ווען מען האָט דערווייל נישט גערופן, איז זי פונדעסטוועגן נישט געווען פריי פון זאָרג. „מען קען נישט וויסן וואָס עס וועט שפּעטער זיין", האָט זי געטראַכט.

ערשט אַז מען האָט שלמה׳ן אַנשטאָט אין דער אַרמיי, גאָר גערופן צו גראָבן אָקאָפּעס, האָט זיך ביילטשע באַרוהיקט. ער האָט קיין אָקאָפּעס אויך נישט געגראָבן, ווייל ער האָט געהאַט רעכט צו דינגען אַן אַנדערן אויף זיין אָרט.

פון דער באַלדיקער סכנה האָט זיך ביילטשע באַרוהיקט, נאָר אינגאַנצן רוהיק זענען זיי שוין אויך נישט געווען. די מלחמה האָט צעשטערט אַלע זייערע האָפענונגען און דערוואַרטונגען.

זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די מלחמה מיט דייטשלאַנד וועט אָפּשטעלן זייער גאַנצן מסחר מיט די דייטשן, וועלכע זענען געווען די בעסטע אָפּנעמער פון זייער סחורה.

און זיי האָבן אינעם טאַרטאַק גאָר זייער פאַרמעגן אַריינגעלעגט. און אַ חוץ דעם, קען נאָך דער טאַרטאַק אַליין מיט אַלץ וואָס אין אים, אינגאַנצן ווערן צעשטערט.

דער קרייז־נאַטשאַלניק איוואַנאָוו, האָט געהאַט אַ גוטן סעזאָן. ער האָט אויף זיין אופן געדינט דאָס מאַמעלע רוסלאַנד... האָט זיך געצלמט, געמורמלט, געקוקט צום קיסרס בילד, און האָט פון די מיליטער באַפרייטע, געצויגן קנאַקעדיקע קאַנשינס הונדערטער...

גאָר אינגאַנצן האָט ער דאָס פּאָטערלאַנד אַפילו נישט באַעוולט. פאַר יעדן געזונטן באַפרייטן, האָט ער צוגענומען אַן אָרימען קראַנקן. און דער חשבון האָט זיך אויסגעגלייכט...

אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה. די משפחות פון די קראַנקע זענען געקומען צולויפן צו שלמה׳ן ער זאָל העלפן ראַטעווען זייערע נאָענטע פון איוואַנאָווס הענט.

און שלמה האָט צוזאַמען מיט די אַנדערע זיך געמוזט אַריינלעגן צו פאַריכטן די עוולה און אויפסניי אויסלייזן פון איוואַנאָווס הענט די אומגערעכט צוגענומענע.

אויך משה־מענדל האָט אויף אַ צייט אויפגעלעבט. ער האָט נאָך מער ווי פריער געהאַוועט און געשוויצט. האָט אַוועקגעלעגט אַלע זיינע מעקלערייען און האָט זיך אַריינגעוואָרפן פאַרמיטלען צווישן די פריזיוויניקעס און איוואַנאָוון מיט זיינע מענטשן. און איוואַנאָוו האָט גענומען פון אַלע זייטן...

* *
*

אין שטיבל איז אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטער שמועס צווישן די מתפללים. ס׳איז געווען פאַר מנחה אין איינעם פון די ערשטע מלחמה־טעג.

אין אַ ר׳עדל זענען געשטאַנען די שטענדיקע „פּאָליטיקער" און האָבן ווי דאָס „בית דין של מעלה" אַרויסגעגעבן זייער פּסק: „מי לחיים ומי למות". וואָס פאַר אַ מדינה אין דער אַנטיילנעמענדיקער מלחמה, וועט זיגן, אָדער וועט אַרויס אַ גאַנצע מיט די ביינער — און וועלכע וועט זיך צעפאַלן ווי אַ קאָרטן־הייזל.

אַרום די „פּאָליטיקער" האָבן געקלעבט זייערע שטענדיקע צו־הערער, וואָס האָבן אַליין קיין מיינונג נישט געהאַט, אָדער וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין ד׳רייסטקייט איר אַרויסצוזאָגן. און יעדער פון די צוהערער האָט זיך געהאַט זיין צד, פאַר וועלכן ער איז געווען גרייט צו גיין ביזן פייער אַריין.

— און איך זאָג אייך יידן, אַז מען וועט דעם טערק צערייסן אויף שטיקער. דאָס כפּרה־הינדל פון די אַנטאַנט־מלוכות וועט ער זיין. אַן אָפּקומעניש זאָל ער זיין פאַר כל ישראל.

האָט זיך יצחקל חיה שרה׳ס, אַ זיידענער יונגערמאַן וואָס האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו עסן קעסט, זיך געקאָכט, לויט די תנאים, האָט יצחקל פונעם שווער׳ס קעסט שוין לאַנג געדאַרפט אַראָפּ. נאָר וואָס האָט זיין שווער, ר׳ יוסיל טענענבוים, דער שטענדיקער דאָזאָר און באַזיצער פון דער גרעסטער שטאָטישער קאַמיעניצע, געקענט טאָן?

ער האָט אים נאָך דער חתונה טאַקע ביי זיך אין מויער איינ־

געאָרדנט אַ געשעפֿט און אים געגעבן אַן אײביקע דירה. און ס'איז נישט געגאַנגען, װײל נאָך אײניקע יאָר פֿירן דאָס געשעפֿט דורך זײן פֿרוי, װײל ער אַלײן, יצחקל, איז געזעסן אין שטיבל און האָט געלערנט, האָט זי עס געמוזט פֿאַרמאַכן און דער שװער האָט אים װײטער געמוזט קאָרמען. —

איז ער װײטער געזעסן אויפֿן שװערס קאַרק און איז געװען פֿונעם שטיבלס עשרה בטלנים. — ער איז אָבער אין פּאָליטיק קײן בטלן נישט געװען. און ער איז געװען באַרײדעװדיק, יצחקל. װײל ער פֿלעגט אום שבת אינגאַנצן קײן דברי חול נישט רײדן.

און יצחקל האָט אויף זײן האַנט װי אויף אַ מאַפּע, אָנגעװיזן, װאָס אַלץ מען װעט בײם טערק צונעמען. „אָט, אָ, דאָ, זעט איר, איז דער באַלקאַן, אָט, אָ, דאָ, אַראַביע; און אָט, אָ, דאָ, איז סיריע און ארץ ישראל. און אָט דאָס אַלץ װעט ער פֿאַרלירן".

— און פֿראַנץ יוזעף? — האָט מאָטעלע פֿאַרמאַכט די גמרא און זיך צוגעשאַרט צום רעדל.

— אויך ער װעט אַרויס מיט „ריסוק איברים", — נאָר דער טערק װעט אָפּשנײדן צום ערגסטן.

— „גזלן אײנער, דו לאָזט דאָך אים גאָרנישט איבער, דעם טערק, האָט זיך אַרײנגעמישט יואל זינגער, אַן הױכער ייד, מיט אַ שיטער בערדל, װאָס האָט זיך פֿאַרנומען מיטן ברענגען סחורה פֿאַר די קרעמער.

— װען איך האָב דאָס װאָס עס װעט אים נאָך בלײַבן, װאָלט איך געװען אַ ביסל רײכער פֿון שלמה'ן, האָט זיך אָנגערופֿן דוד די פּרוטה, אַ פֿאַרבטלטער שיך־קרעמער, װאָס האָט געהאַלטן אין אײן זאָגן פּירושים אויף דער תורה.

— זעסטו, יצחקל, דאָס מאָל רעדט ער גאָרנישט װי קײן בטלן. ער װאָלט נאָך מיטן טערקס איבערבלײַבעכץ געקענט פֿאַרפּלײצן גאַנץ פּױלן מיט זײַנע פּױערישע יוכטענע שטיװל, האָט אים צוגעהאָפֿן יואל.

און אַז עס װעט נאָך בלײַבן אַ שטיקל טערק, װעט ער דען נישט ליגן דער סולטאַנטשיק מיט זײַנע װײַבער אין דער אדמה? האָט זיך יצחקל נישט געלאָזט.

— און װאָס װעט זײן מיט אונדזערן? האָט זיך װי מן הצד אָנגערופֿן בונעם מלמד.

— שאַ, רעדט שטילער, ער איז דאָך נאָך אַ מושל בכפה, — אַ קלייניקייט, אַ מלך איבער אַ זיבעטל וועלט. האָט זיך אַריינגעמישט זבולון פּעשיכעס.

— ער וועט אויך קריגן זיינס. ווי שטייט: „די וואָס וועלן דיר שלאָגן, וועלן אויך געשלאָגן ווערן". אויך זייער צייט וועט קומען. האָט זיין צושטייער־געגעבן מרדכי־דוד קאָביליאַנער, אַ שאַרפער קאָצקער חסיד.

— און איך זאָג אייך, אַז אין דער אונטערשטער שורה וועלן זיי אַלע כאַפּן קלעפּ. עס וועט כאַפּן דער טערק, פראַנץ־יוזעף, דער „קאַיזער" און אויך דאָס בערדל...

אַרויס מיט גאַנצע ביינער, וועט נאָר ענגלאַנד. זי וועט אָפּנעמען פונעם טערק דעם גאַנצן נאָענטן מזרח מיט ארץ ישראל. און צוליב דעם דאַרפן מיר שוין פאַרשטאַרקן די אַרבעט. האָט בערעלע דעמאָנ־סטראַטיוו אַריינגעוואָרפן.

— אָט האָסטו דיר דעם ציצעליסט, דעם נייעם משיח־ברענגער. אם ה' לא יבנה בית, שו... דו זיץ בעסער און לערן און זיי נישט קליגער פאַר דיין טאַטן.

און איך זאָג אייך יידן, אַז אָט די חברה, ווי רופן זיי זיך ? אזרחים, מזרחים, וועלן נאָך ברענגען אַ פרישן אומגליק אויף יידן. דער רבי האָט אָנגעזאָגט, מען זאָל זיי אַרויסטרייבן פון שטיבל, אָט די יונגאַטשעס, האָט זיך געקאָכט דוד די „פרוטה".

— דו קאָך זיך נישט אַזוי, פרשן מיינער. מיט דעם וואָס דו גיסט פאַרן שטיבל, וואָלט מען עס שוין לאַנג געדאַרפט פאַרמאַכן. און וואָס ווילסטו פון בערעלען, ער איז אַזאַ שומר מצוות ווי דו.

און אַז הרב ריינעס און ר' שמואל מאָהילעווער שטייט אָן צו אַרבעטן פאַרן ישוב ארץ ישראל, מעג ער אויך אַרבעטן. האָט אים דערלאַנגט זיין גאַב יצחקל.

— און וואָס האָט איר געוואָלט, אַז יידן זאָלן זיצן מיט פאַר לעגטע הענט און בלויז וואַרטן אויף משיחן ? „לאו בכל יומו רוחשא ניסא". נישט יעדן טאָג געשעט אַ נס. — אויף זוכה צו זיין צו אַ נס דאַרף מען זיך גוט אָנשטרענגען.

און טאַקע אַ צינד, איז די בעסטע צייט זיך צו צוגרייטן. מען דאַרף זיין גרייט פאַרן מאָמענט ווען ארץ ישראל וועט זיין פריי. עס

דאַרפֿן זיך דאָרט געפינען וואָס מער יידן. האָט דערווייל מאַטעלע געכאַפּט דעם מאָמענט. —

— און איך האָב געהערט, אַז די גערער — גרייטן זיך קעגן די ציוניסטן. זיי ריידן אַפילו אַן דעם רבֿ, נישט צו לאָזן די יונגאַטשעס גיין אין „בית עם". האָט צוגעשמאָלצן די „פרוטה".

— עס גלוסט זיך אים אַזוי, דעם „פרשנדתא". „היה לא תהיה" אונדזער רבס כבוד „במקומו מונח", נאָר אין מילי דעלמא, — וועט אונדז קיינער נישט זאָגן קיין דעה און פאַר אונדז נישט פסקענען. האָט שטרענג דערווידערט מאַטעלע.

— אוי יידן, איר קריגט זיך שוין אָרום וועגן טערקס ירושה, ווי ער וואָלט שוין געלעגן ביי אייך אין וועסטל־קעשענע. דערווייל, איז אָבער „עוד הכנעני יושב בארץ"...

דער טערק איז נאָך געזונט און פריש. זיינע שותפים זענען אויך נישט קיין מלופים־קינדער, און לגבי ארץ ישראל, האָט נאָך אויך אונדזערער עפּעס צו זאָגן.

און ס'איז דערווייל נאָר אַן אָנהויב פון קריג און קיינער ווייסט נישט מיט וואָס אַזאַ פייער וועט זיך ענדיקן. און ווייסט איר ווער עס כאַפּט דערווייל די ערשטע קלעפּ, מיר יידן.

שטענדיק און אומעטום זענען מיר די ערשטע. און צי האָט איר נישט געהערט אַז מען גרייט זיך אַרויסצוטרייבן די יידן פון די גרענעץ־געביטן ? און וואָס מיר דאַרפן איז רחמים. רחמים דאַרפן מיר. און נישט קיין פירוד הלבבות, בפרט אין אַזאַ שעת חירום. האָט זיי ר' הירש־חיים געפּרוווט אָפּקילן.

ר' הירש־חיים איז פון זיי אַוועק. האָט זיך געזעצט צום טיש און האָט אָנגעהויבן פאַר זיך צו לערנען. די שמועסערס האָבן אים מיט דרך ארץ און באַדויער — נאָכגעקוקט.

ער איז אַ צינד געוועזן אַ מרא נפש ר' הירש־חיים. זיין זון האָט מען צוגענומען צו די זעלנער און ער איז אַוועק אויפן פראָנט. און פון דאַן אָן הערט מען נישט פון אים.

## קאַפּיטל זיבן

די מלחמה מיט די דייטשן האָט זיך פאַרשטאַרקט. דער דייטש, אַ פּינקטלעכער און אָרגאַניזירטער, איז כסדר געגאַנגען פאָראויס.

די רוסישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן צוריקטרעטן.. און וואָס מער מפּלות זי האָט געכאַפּט, אַלץ מער האָט זי איר כעס אויסגעלאָזט צו די יידן.

האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן נייע גזירות אויף יידן. און פון אַ טייל ערטער האָט מען זיי גאָר גענומען אַרויסטרייבן. און אין שטאָט זענען אָנגעקומען פיל פּליטים וואָס האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם פּחד.

די שטאָט האָט זיך געגרייט צו איר פאַרטיידיקונג. די בריקן זענען געוואָרן אויפגעהויבן און פון די פעסטונג־בערגלעך האָבן אַראָפּגעקוקט די שטאָלענע מיילער פון די האַרמאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט דראָען דעם שונא מיט פאַרניכטונג.

דער גאַנצער אַרום איז שוין געווען צעגראָבן ווי מיט אַ נעץ פון קאַנאַלן. און אויף אַלע וועגן פון שטאָט, זיינען געווען צעלעגט שטערונגען פון אָפּגעהאַקטע ביימער און צווייגן.

איוואַנאָוו מיט זיינע מענטשן זענען שוין אין שטאָט נישט געווען. די מאַכט האָט איבערגענומען דאָס מיליטער און דער גאַרני־זאָן וואָס האָט געדאַרפט האַלטן די שטאָט. ווי נאָר אָבער מען האָט אין שטאָט אָנגעהויבן הערן דעם אָפּהילך פונעם שונאס האַרמאַטן, אַזוי איז באַלד דער כוח און די דיסציפּלין פון דער אָרטיקער אַרמיי געפאַלן און זי האָט זיך געגרייט אָפּצוטרעטן פון שטאָט.

נאָר דערווייל, איידער זי האָט גענומען אָפּטרעטן, האָבן גרופּעס קאָזאַקן זיך גענומען שפּרייטן איבער די יידישע גאַסן, וועלנדיק זיך אַריינרייסן אין יידישע הייזער און געשעפטן.

דער אָפּהילך פון דער דייטשער אַרטילעריע האָט זיך געשטאַרקט. ס'האָט אויסגעזען ווי דער שונא איז שוין גאָר נאָענט. און דער טעראָר פון די קאָזאַקן איבער די אייגענע אונטערטאַנען ווי איבער פיינטלעכע בירגער, האָט זיך פאַרגרעסערט.

שלמה איז אין די טעג אינגאַנצן אַוועק פונעם הויז. ער האָט מיט זיך מיטגענומען זיינע לעצטע רובלס און האָט זיך געשטעלט היטן זיין טאַרטאַק מיטן געהילץ.

האָט מורא געהאַט, די קאָזאַקן זאָלן אים אין דער לעצטער מינוט נישט פאַרברענען. איז ער גרייט געווען זיי צו געבן לעצט געלד, — אַבי אָפּצוראַטעווען זיין שארית הפּאַרמעג.

ער האָט זיי געטיילט גאַנצע רוסישע הונדערטער. האָט זיך ביי זיי קוים אָפּגעבעטן צו לאָזן צורו דעם טאַרטאַק. און ער האָט

געזען ווי זייערע לעצטע רייטער פאַרשווינדן צו מזרח. נאָר דערווייל האָט ער אָנגעוווירן זיין פאַרבינדונג מיט דער היים.

קיין קאָזאַקן זענען שוין אין שטאָט נישט געווען. זייערע לעצטע רייטער האָבן שוין באַוויזן אויפצורייסן אייניקע יידישע קראָמען און פון זיי אַרויסשלעפן טאַבאַק און פּאַפּיראָסן.

און באַלד זענען אויף דער שטאָט געפאַלן אַרטילעריע קוילן מיט אַ פּאָר באָמבעס פון עראָפּלאַנען. די דאָזיקע דייטשע קאַנאָנאַדע וואָס האָט צום טויט דערשראָקן די באַפעלקערונג, האָט די יידן אַריינגעטריבן אין די קעלערס.

אויך ביילטשע איז מיט די קינדער אַריין אין איינעם פון די קעלערס. זי איז געווען שטאַרק צעטומלט ביילטשע. ס׳איז געווען איר ערשטע מלחמה־דערפאַרונג. און זי האָט ביים אַנטלויפן פון הויז פאַרגעסן מיטצונעמען דאָס קאָסעטקעלע. נאָר בערעלע האָט זיך שפּעטער געכאַפּט — און האָט עס אַ הערגעבראַכט.

ווען ביילטשע איז געקומען צו זיך, האָט זי דערזען אַז שלמה איז נישטאָ. זי האָט אינעם טומל אין אים אינגאַנצן פאַרגעסן. פאַר־געסן אַז ער פעלט שוין אַ צייט. איז זי ווי אַ קינד ווען עס פאַר־שווינט פּלוצלונג די מאַמע, אַרויס מיט אַ ביטער געוויין. ביז די מענטשן אין קעלער האָבן איר איינגעשטילט.

די שיסעריי האָט לאַנג נישט געדויערט. די דייטשן האָבן שוין נישט געהאַט מיט וועמען צו קעמפן. ליידיק איז די שטאָט שוין געווען פון יעדן רוסישן סאָלדאַט. און גלייך האָבן זייערע פאָרפּאָסטנס געבומען אַריינמאַרשירן אין שטאָט.

דערווייל זענען אַלע אינעם האַלב־פינצטערן קעלער געווען אין איין טויט־שרעק. אַנגסטן זענען זיי אַרויס ביי יעדן שאָס. די מענער האָבן געזאָגט ווידוי און די פרויען האָבן אַזוי צעשראָקן און פאַר־שעמט — זיי אין דער שטיל נאָכגעזאָגט. און אין זיך האָבן אַלע געבעטן די שלאַכט זאָל וואָס גיכער אַריבער און זיי זאָלן פונדאַנען אַרויס מיט גאַנצע ביינער.

און ביינקע די „קאָזעכע״ האָט מיט איר חוש דערשפּירט אַז אַלץ איז שוין פאָראיבער. און ווען דער לעצטער דייטשער שאָס האָט אויפגעהערט, האָט זי זיך אויפגעשטעלט, איז צו צום קעלער־פענצטערל און דערזעענדיק די אַריינמאַרשירנדיקע דייטשן, האָט זי מיט פרייד אויסגערופן: „יידן, די דייטשן זיינען שוין דאָ״!

די „קאָזעכע" איז געווען אַן אשת חיל. איר מאַן, מאיר־דוד אַ שוואַכער און אַ שטילער, וואָס פלעגט אַנטלויפן פון קריגערייען און אַלץ איז ביי אים אַרויסגעקומען מיט תחנונים, אויך דאָס וואָס אים איז געקומען, האָט צוגעמעקלט מיט האַלץ.

ער איז קיין גרויסער מעקלער אויך נישט געווען. צווישן די האָלץ סוחרים און די דייטשן, איז ער געווען ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן. די פאַרמיטלערין איז געווען די קאָזעכע. מאיר־דוד איז נאָר געווען איר שליח, איר שיק־יונגל. די שליחותן וואָס האָט פאַר קינקען ווי פאַר אַן אשה, נישט געפּאַסט, פלעגט מאיר־דוד אין איר נאָמען אַדורכפירן.

איר חיונה האָט זי געצויגן פון די דייטשן. און זי האָט דערפאַר „פאָניען" מער ווי אַלע אַנדערע פיינט געהאַט. און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און די דייטשע האָלץ־סוחרים האָבן אויפגעהערט קומען, איז איר הויז געווען בחוסר לחם (אָן ברויט). האָט זי אַ צינד מיטן דייטשן אַריינקום, פאַרבונדן אַלע אירע האָפענונגען.

**
*

די דייטשן האָבן באַזעצט די שטאָט. זיי האָבן איינגעפירט זייער אָרדענונג פון צוקער־קאַרטן, מאַרמעלאַדע און קאַפע־הייזער. די די פאַרבינדונג פון פוילן מיטן רוסישן הויפּט־לאַנד איז געוואָרן איבערגעריסן. און אין שטאָט איז געוואָרן אַ מאַנגל אין שפייז.

שלמה האָט נאָך איניקע טעג היטן דעם טאַרטאַק, אַ טרויעריקע־ און איינגעשלאָסענער אין זיך, זיך געקליבן אַ היים צוגיין. ער האָט דעם טאַרטאַק מיטן געהילץ אָפּגעראַטעוועט. נאָר נישט פאַר זיך, ווייל נאָך זיין ערשטער שמחה פון אויסלייזן אים פון די רוסן, האָט ער ערשט באַקומען זיין אַמתע אַנטוישונג.

ער איז טאַקע פון די אונטערצינדער פון פרעמדן פאַרמעג, פטור געוואָרן. און ער איז אויך אַרויס אַ גאַנצער פון דער שיסעריי. און געמיינט האָט ער, אַז די גאַנצע וועלט איז שוין זיינע. כאָטש עס האָט אים געגוג געקאָסט.

האָבן אָבער די דייטשן ווי נאָר זיי זענען אַריין אין שטאָט, אַוועקגעשטעלט אַ וואַך אויפן פּלאַץ פונעם טאַרטאַק, האָבן אָנגעהויבן

אַרויספירן די ברעטער מיט די באַלעס און אים ווי אַ פרעמדן אַראָפּטרייבן פון פּלאַץ.

און ווען ער איז צום צווייטן מאָל געקומען, איז שוין קיין ברעט און פון קיין שטיקל האָלץ קיין זכר נישט געווען. און דער גאַנצער טאַרטאַק איז געווען אונטער אַ דייטשער פאַרוואַלטונג.

ער האָט געפּרווווט שרייען, פּראָטעסטירן; איז געלאָפן צום שטאָט־קאָמענדאַנט, הויפּט פּאַן גערץ, ער האָט אָבער באַקומען איין ענטפער: „ניקס צו מאַכן, יודע, ס'איז קריג"!...

און ווען ער האָט אין זיין פאַרביטערונג אַרויסגייענדיק פון דער קאָמענדאַטור ,זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, האָט אים דער אײַנ־דרויסן שטייענדיקער וועכטער מכבד געווען מיט אַ קאָלבע אונטערן האַרץ.

ער איז אַהיימגעקומען אַ רעזיגנירטער און פאַריאושטער, שלעפּנדיק פון ערגעץ עפּעס אַן האַנט־וועגעלע מיט קאַרטאָפל.ביילטשע האָט אים באַגעגנט מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין.

דאָס אומגעריכטע צוריקקומען און דאָס שלעפּן אַליין דאָס וועגעלע קאַרטאָפל, האָט איר צענומען ביז טרערן. זי האָט אָבער דערזעענדיק זיין מראה, נאָך מער געוואָרן צעשראָקן און צעווייטיקט. איר האַרץ האָט עפּעס אַרויסגעפילט.

— שלמה, האָט זי געכליפּעט, האָסט ביי מיר שיעור נישט דאָס לעבן צוגענומען. איך האָב נאָר איין מאַן און די קינדער איין טאַטן. און דו שטעלסט זיך איין און צעפּטרסט דיינע כוחות. און אַז עס גייען נישט אַזוי די געשעפטן, דאַרף מען זיך ס'לעבן נעמען? זע נאָר ווי דו זעסט אויס?

אירע רייד האָבן אויף אים, דעם פאַרשלאָסענעם אין זיך, נאָך ערגער געווירקט. ער האָט פון זיי אַרויסגעפילט, אַז זי שטויסט זיך אין עפּעס אָן. און ער האָט אַלץ פון איר געוואָלט אויסבאַהאַלטן.

ער האָט נישט ליב געהאַט זיך צו טיילן מיט מיסדערפאָלגן. ער האָט פאַר זיין ביילטשען, געוואָלט האָבן נאָר גוטס. בפרט, אַז סיי ווי סיי קען זי אים נישט העלפן. ס'איז גענוג, אַז ער אַליין עסט זיך אויף. — און זי דאַרף דאָך זיין אַ מאַמע צו זיינע קינדער.

שלמה איז פון דעם טאָג געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. ער דער מאמין און שטענדיקער אומרו, האָט זיך אַצינד ווי פון אַלץ צוריק־געצויגן. און ער האָט פאַר זיך אַליין, ווי שוין נישט עקזיסטירט.

אָפּגעזאָגט זיך פון אַלץ, פון אַלע זיינע האָפענונגען. און ווי אַ מענטש וואָס שטייט פאַר זיין אייגענעם סוף, האָט ער שוין וועגן זיך גאָרנישט געטראַכט.

זיין איינציקע דאגה איז נאָר געווען, ווי צו באַוואָרענען די משפּחה און דעם אייגענעם נאָמען. — און ער האָט גאָר זיינע אויגן אָנגעהאַנגען — אין בערעלע און חנהלען. ער האָט אויך די איבעריקע נישט פאַרזען. האָט אָבער אויף אָט די צוויי זיך אינגאַנצן קאָנצענ־טרירט. האָט אָבסערווירט זייער יעדן ריר און באַוועג. זיך צוגעקוקט מיט אויגן, וואָס הגם פאַרבאָרגן אין זיך, האָבן זיי אָבער אַ סך צו דערציילן...

חנהלע איז נאָך געווען יונג. נאָר ווי יונג זי איז נישט געווען, האָט זיך שוין ס'לעבן אויף איר געלייגט ווי אַ לאַסט און זי איז ווי געבוירן געוואָרן די דאָזיקע לאַסט אויף זיך צו שלעפּן.

איר קינדהייט איז נישט ווי ביי די אַנדערע געווען אַ שפּילעוודיקע, נאָר איז באַלד געווען באַגלייט מיט אַן ערנסטקייט ווי פון אַ רייפן מענטשן ווי נאָר שלמה איז אַריין אין זיין האַלץ־געשעפט, האָט זי אָנגעהויבן צו העלפן אין שטוב.

כאָטש שלמה איז נאָך געווען אין די פעדערן — און זאָשע האָט דאָס הויז באַדינט, האָט זי זיך געשטעלט צווישן דער שוואַכער מאַמען און זאָשען און האָט ווי אַ שוין גענוג דערוואַקסענע, דעם גאַנצן עול אויף זיך גענומען.

זי האָט אַפילו צוגעהאָלפן דעם טאַטן אין זיינע אָפּרעכענונגען מיט די פּויערישע פורמאַנעס. איז תמיד געווען גרייט אירע עלטערן אַרויסצוהעלפן און האָט שפּעטער שוין אויך געהאַט פאַרזוכט פון אַ דורכפאַל אין לעבן.

שלמה, פון דאַנקבאַרקייט צו איר און עפּעס נישט זייענדיק זיכער מיט זיך אַליין, — האָט איר פרי געוואָלט חתונה מאַכן. געוואָלט אין איר זען זיין ערשטן נחת. דעם נחת פונעם ערשטן צווייג־אַרויס־שפּראָץ. — און ער האָט פאַר איר קיין געלד נישט געזשאַלעוועט.

ער האָט אָבער צוליב זיין איבערטריבענער איבערגעגעבנקייט צו די וועגן פון זיינע עלטערן, צופיל מקפיד געווען אינעם התנס־לומדות. און ווען ר׳ הירש־חיים האָט דעם בחור פאַרהערט און איז נישט נתפעל געוואָרן פון זיין לומדישער חריפות, האָט ער אָפּגעלאָזט דעם שידוך.

ס׳איז נאָך אמת קיין וואָרט און קיין תנאים נישט געווען. נאָר געזען זיך האָבן די קינדער שוין יאָ. און די שוין רייפע חנה׳לה, האָט שוין טועם געווען פון איר ערשטע לעבנס־ביטערקייט.

* * *

ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון קעלער, האָט חנה׳לע אויף זיך גענומען דעם גאַנצן עול. ס׳איז דאַן געווען שווערע טעג פאַר שלמה׳ס הויז.

דער טאַטע איז נאָך נישט געהאַט צוריק געקומען, און די מאַמע, ביילטשע, איז געווען אין אַנדערע אומשטענדן. און זי, חנה׳לע, האָט מיט איר חוש באַלד באַנומען די גאַנצע לאַגע. באַנומען, און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

זי האָט געעפנט אַ פענצטער אין איינעם פון די הייזער אויף דער הויפּט־גאַס פון שטאָט, און האָט אים אויסגעשטעלט מיט אַלערליי נאַשוואַרג און דעליקאַטעסן. און ס׳איז ביסלעכווייז דערפון געוואָרן אַ גאַנצע קראָם.

און ווען שלמה איז צוריקגעקומען פון טאַרטאַק און האָט דאָס דערזען, איז זיין דאַנקבאַרקייט צו איר געווען אין לשער. אַזש טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. „אַ, ווי זי טראָגט דעם עול. און אויפן ווינק פאַרשטייט זי זיך. איר דאַרף מען גאָרנישט דערציילן״. האָט ער אין זיך געטראַכט.

ס׳האָרץ האָט אים אויף איר וויי געטאָן. זיין בכורה האָט נאָך קיין אמתע יוגנט נישט פאַרזוכט. זי גייט שוין ווי אַן אָקס אין שפּאַן. און וועט נאָך שפּעטער דעם עול מער דאַרפן טראָגן.

נאָר וואָס קען ער טאָן? ס׳איז אַלץ מן השמים. ס׳האָט זיך זיי פאַרגלוסט אַ מלחמה און יידישער האָרעוואַניע צעריינט צווישן די פינגער ווי וואַסער. און זיי זענען נאָך אונגדז מקנא אויך.

זיי די פּריצים וועט קיינער נישט טשעפּן. ערד קען מען נישט צורייבן. כאָטש יידן זענען אויך מיט ערד נישט זיכער. מען טרייבט זיי פון איר אַראָפּ און שוין.

און זיי דאַרפן גאָרנישט די „יאַסנע וויעלמאָזשנעס״ אויף זייערע מאַיאָנטקעס האָרעווען. זייערע אָבות האָבן פאַר זיי די ערד פאַר־כאַפּט אָדער פון אַ נאָך גרעסערן פאַרכאַפּער איר געקראָגן במתנה

און זייערע יורשים קענען זיך אַרומגיין פוסט און פּאַס און הול־טאַיעווען.

אַ ייד אָבער, קומט גאָרנישט אָן גרינג. ער דאַרף מיט זיין אייגענעם שווייס אַלץ פאַרהאָרעווען. קאַרגן און וואַרגן דעם ביסן פון מויל, און אַז ער קומט שוין צו אַ שטיקל תכלית, צעגייט עס נאָך ביי זיין לעבן ווי אַ „קקיון דיונה". ער דערוואַרט זיך גאָרנישט אויף זיינע יורשים. און נאָך ער אַליין, דאַרף ווידער אָנהייבן פון בראשית.

בערעלע האָט געזען אין שלמה'ס שינוי פנים, זיין, דעם טאַטנס, אינערלעכע צעטראָגנקייט. — זיין טאַטע איז קיינמאָל נישט געווען קיין צופיל באַריידעוודיקער, בפרט אין אייגענע זאַכן. נאָר אַצינד איז ער אין זיך שוין גאָר פאַרמאַכט.

און שלמה'ס אינערלעכע פיין, האָט זיך אויך צו בערעלען איבער־געגעבן. ער האָט מיטן טאַטן מיטגעליטן. ער האָט אָבער נישט געוואוסט ווי אַזוי אים צו העלפן און האָט אויך נישט געהאַט דעם כוח אים צו טרייסטן, אים גרינגער צו מאַכן דאָס געמיט.

איז ער פון זיין אייגענער אומבאַהאָלפנקייט געוואָרן צערייצט. און וואָס מער בערעלע איז געוואָרן דענערווירט, אַלץ מער האָט ער זיך דערווייטערט פון שטוב און איז אַוועק צו זיין אָרגאַניזאַציע. ער האָט זיך דורך זיין טעטיקייט אינגאַנצן געוואָלט פאַרגעסן.

בערעלעס דערווייטערן זיך פון שטוב, האָט נאָך שלמה'ן מער ווי געטאָן. ער האָט געהאַלטן, אַז זיין זון דאַרף אָדער ווייטער לערנען אָדער זיך דערגראָבן צו אַ תכלית. און נישט אָפּגעבן זיך מיט עפּעס פוסטע זאַכן און נאָך ווען מדחיק זיין דעם קץ.

— מיין זון, האָט ער גענומען אין אים אַריינטענהן. די שטוב פאַרגרעסערט זיך, די הוצאות וואַקסן און ס'איז נישט קיין דרך אַז חנה'לע זאָל אויף זיך טראָגן דעם גאַנצן עול.

דאַרפסט גיין אין וועג פון דיינע אָבות. „לכל זמן". וועסט די גאולה פאַר דער צייט נישט ברענגען. ס'איז פאַלשע משיחיות. — און ס'איז צייט זיך צו זאָגן: „מתי עשאה לביתי" (ווען וועל איך עפּעס טאָן פאַר זיך...) איז אָדער זעץ זיך צוריק אַוועק לערנען, אָדער נעם זיך עפּעס אַ תכלית אין לעבן.

— טאַטע, איז בערעלע אויף שלמה'ס אַרויסרוף געוואָרן דרייס־טער. איך וואָלט ראשית דיר וועלן העלפן. נאָר איך ווייס נישט ווי

אַזוי. און וואָס שייך וועגן אָפּנייגן פונעם אַלטן וועג, גייען מיר בישט אויף קיין אַנדערע וועגן.

ס׳איז דער זעלבער דורותדיקער וועג. נאָר מיר ווילן אויף אים גיין זיכערער און מיט גיכערע טריט. ביז היינט האָבן מיר ארץ ישראל געוואָלט נעמען בלויז מיט געבעט. —

בלויז מיט תפילות עס איינגעמען. נאָר אַצינד ווילן מיר עס דעראָבערן מיט אַלע מיטלען. מיט תפילות, מיט אַרבעט און מיטן אייגענעם בלוט.

און מיר זאָגן זיך פון גאָרנישט נישט אָפּ. פאַרקערט גאָר, מיר נעמען נאָך אויף זיך מער התחייבותן. התחייבותן וואָס וועלן פאַר־שטאַרקן אונדזער גייסט און דעם צובונד צום פאָלק. און איז פאַראַן עפּעס גרעסערס ווי אהבת ישראל און הארץ?!

— מיין זון, אַלע הייבן זיי אָן אַזוי. אַלע אָפּקערנדיקע — ריידן נאָר פון גוטס. רק זיי ווילן ברענגען די ישועה אויף יידן. און אונטער זייערע גאולה־מאַנטלען טראָגן זיי דערווייל דעם מעסער פון פאַר־לענדונג...

אַלע פאַלשע משיחים האָבן נאָר געוואָלט די גאולה. און אין געיעג צו איר, האָבן זיי דערווייל אַלע צוימען צעשטערט. צוימען, פון דורות איינגעשטעלטע.

און אַז ס׳איז זיי נישט געלונגען און זיי האָבן זיך אין שאול תחתיה געמומען קייקלען, — האָבן זיי מיט זיך שיעור דאָס גאַנצע פאָלק נישט מיטגעשלעפּט.

— אָבער טאַטע, מיר יאָגן זיך נישט נאָך קיין פולער גאולה. ווי דו און ווי אַלע מאמינים, וואַרטן מיר אויף איר. „אחכה לו בכל יום שיבוא". נאָר אין דער צייט פון וואַרטן, ווילן מיר נישט זיצן מיט קיין פאַרלעגטע הענט. מיר ווילן איר מיט אייגענע מעשים אַנטקעגן גיין... מיט מעשים, לויטן געוויינלעכן דרך העולם.

און אַנטשטאַט צו זוכן אונדזער תיקון, וואו אַלץ איז קעגן אונדז, ווילן מיר אים בעסער זוכן דאָרט, וואו מיר וועלן נעמען דעם גורל אין אונדזער אייגענער האַנט.

— ס׳איז נאָך די צייט נישט געקומען. און מען טאָר איר נישט פאַרלויפן מיין זון. דאָס פאָלק ישראל איז ווי אַ פעלז, וועלכן מען טאָר נישט באַצייטנס רירן פון אָרט. רירט מען אים — פאַר דער צייט, הייבט ער זיך אָן קייקלען, אַז מען קען אים נישט פאַרהאַלטן...

יידישקייט, איז אַ שווערער ענין. מען דאַרף זיך פאַר איר שטאַרק ראַנגלען. איז גלייכער זיך נישט צו שטעלן פאַר קיין נסיון. „והמלאכה מרובה" (די אַרבעט איז פול). ס'איז פאַר דיר דאָ גענוג וואָס צו טאָן. דו דאַרפסט היטן דאָס הויז און זיך צוגרייטן אַן אייגן הויז.

## קאַפּיטל אַכט

בערעלע איז צוריק געגאַנגען אין שטיבל לערנען. האָט דעם טאַטן געפאָלגט און אים ביי זיין מצב נישט געוואָלט מצער זיין. האָט אָבער אויך נישט איבערגעריסן מיט זיין אָרגאַניזאַציע. ער האָט אין צווישן צייט אויך געטאָן זיין פאַרטיי־אַרבעט. און מאָטעלע, זיין עלטערער חבר, האָט אים אין אַלץ געהאָלפן.

די דייטשע אָרדענונג האָט זיך אין שטאָט פאַרפעסטיקט. די אַרמיי איז אַוועק ווייטער צו מזרח און די שטאָט איז געוואָרן באַשטימט פאַר אַ וויכטיקן מיליטערישן פונקט.

הויפט פאָן גערץ, אַ פון דורות פרייסישער יונקער מיט אַ שראָם אויף זיין רויטן פּנים און מאָנאָקאָל אין אויג, האָט געשאַלטעט און געוואָלטעט איבער דער גאַנצער געגנט.

ער האָט ליב געהאַט, פאָן גערץ, שיינע „מעדכנס" (מיידלעך), „שפּעק" (חזיר) און וויין. און האָט מיט דעם אויך געוואָלט מהנא זיין זיינע דייטשע סאָלדאַטן. האָט ער געטיילט קאָנצעסיעס אויף קאַפע־הייזער פאַר אַלע שיינע מיידלעך פון שטאָט.

און ווו נאָר ס'איז געווען אַ פּראַנטאָווע דירה, — איז געעפנט געוואָרן אַ טיר אויף צו פאַרווײלן די „איידעלע" גערמאַנישע ריטער, וואָס זענען זיך געגאַנגען שלאָגן פאַרן דייטשן רום.

דערווייל האָט זיך דער הונגער אין שטאָט פאַרשטאַרקט. דאָס ביסל שפּייז וואָס איז פון פריער געווען, האָבן די דייטשן אויסגעקויפט און עס אין עלעגאַנטע הילצערנע קעסטלעך געשיקט קיין דייטשלאַנד. נאָר קיין אַנדערע שפּייז זיי נישט אַריינגעבראַכט.

די פריערדיקע סוחרים זענען געוואָרן פאַראָרעמט. זיי האָבן פאַר זייערע פון די דייטשן באַקומענע פּאַפּירענע שיינען, קיין אַנדערע סחורה נישט געקענט קויפן.

דערפאַר אָבער זענען אויפגעקומען נייע שמוקלער־סוחרים, דער־הויפּט פון שפּייז, וועלכע האָבן זיך אַ דאַנק דער אייגענער דייטשער גיריקייט און אויסגערעכנטקייט, — פיין אַרויפגעאַרבעט.

זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, ווייל אַ טייל דייטשן אַליין זענען געווען שטילע שותפים צו זייערע שמוקל־געשעפטן, און האָבן זיי דערפאַר אָפּגעהיט פון אַ בייז אויג. —

די „קאַזעכע" האָט פאַר אירע צוויי טעכטער געעפנט אַ קאַפע־הויז. לכתחילה האָט מאיר־דוד נישט געוואוסט וואָס דאָס איז אַזוינס, ערשט ווען ס'האָט אָנגעהויבן ווערן לעבעדיקער — און וואָס מער דייטשע סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן אין די אָוונטן אַריינקומען צו זיינע טעכטער, האָט מאיר־דוד אָנגעהויבן קרעכצן ווי אויף אַ נייעם חורבן.

ער האָט פון כינקען ביז אַהער אויך געהאַט געענוג. זי פלעגט מיט אים ווי מיט אַ קליין יינגל פאַרשטופּן אַלע לעכער. נו, האָט ער צוליב פרנסה, פון זיין אשת חיל אַלץ געמוזט אויסשטיין. בפרט אַז נישט שטענדיק האָט געפּאַסט אַז זיין ווייב זאָל זיך צופיל מישן צווישן מאַנסלייט.

נאָר דאָ גאָר אַזאַ אָנשיקעניש אויף זיין קאָפּ. אַצינד איז זי אים שוין גאָר מבזה אויפן געמיינסטן אופן. ס'איז דער בזיון פון יידישע טעכטער, פון זיינע אייגענע בתולות.

עס ברענט דאָך אַ פייער אין זיין הויז. פרעמדע מאַנסבילן, דייטשע גוים, קומען זיך יעדן אָוונט צונויף זיך צו ווילן מיט זיינע טעכטער. האָט מען שוין אַזוינס געהערט?

— כינקע, האָט ער ווי אויף אַ מת געקרעכצט און געבראָכן מיט די הענט. ווייסטו וואָס דו טוסט? נאָך דאָס האָט מיר געפעלט. נעמסט כשרע יידישע טעכטער, דיינע אייגענע קינדער; און גיסט זיי איבער צו די טמאים...

דאָס גאַנצע שטיבל רעדט דאָך שוין דערפון. איך וועל זיך דאָך פאַר הרפּה אַ מעשה אָנטאָן. און וואו איז דאָס געהערט געוואָרן אַז אַ מאַמע זאָל אירע אייגענע קינדער טרייבן צו זינד? טהרת המשפּחה איז אַ יסוד פון יידישקייט.

— און וואָס האָסטו געוואָלט, פאַר... פאַרדינער מיינער, אַז מיר זאָלן צוליב דיין משוגענער פרומקייט אויסגיין פון הונגער? איך האָב ביז היינט פאַר דיר אַלץ געטאָן. אַבי צו דערהאַלטן די שטוב. נאָר אַצינד גייט עס נישט מער. נישטאָ מער קיין האַלץ־געשעפטן

און מעקלערייען. און ס׳וועט אויך נישט זיין איבער דער צייט פון דער מלחמה. און צו וואָס זאָלן זיי קויפן, ווען זיי קענען נעמען אָן געלד.

וואָס מיינסטו, זיי זיינען נאַרישער פאַר פאַניען? דערוויל אָבער דאַרף מען לעבן. מען דאַרף אויסהאַלטן אַ שטוב פון זיבן מיילער. איז פונוואַנען וועלן מיר עס נעמען?

דער גוי איז טריף, נאָר זיין גראָשן איז כשר, און פאַר פרנסה וועגן, טוט מען זיך מיט מאַטשעקן בייגן...

נישקשה, זיי וועלן דיינע טעכטער נישט אויפעסן. אויף דעם בין איך דאָ. — און מיט דיין חסידישער בטלנות וועט מען קיין איין מאָגן נישט אָנפילן.

אַ מיטליאָריקער, שלאַנקער דייטשער פעלדפעבל מיט אַ קליין בערדעלע און קאָמאַנדע־שטעקעלע אין האַנט, איז צו דער קאָזעכע פלינק אַריין.

ער האָט אויף אַלע זייטן אָנגעהויבן וואַרפן מיט זיינע מייזל־אויגן און אָן אַ וואָרט אויסצוריידן, איז ער גלייך צוגעטראָטן צו זיין אַרבעט.

ער האָט אַ דורכגענישטערט אַלע צימערן, האָט באַזוכט אַלע פאַרבאָרגענע ערטער, און האָט פון אַ שאַפע אַרויסגעצויגן אַ גראָ־האָריקע דייטשע קאָלדרע און גלייך זיך פאַרנומען אַוועקצוגיין.

נאָר ווי אַ קעצל, איז אים די קאָזעכעס יונגערע טאָכטער ברכה פאַרלאָפן דעם וועג. האָט אים עפּעס אַריינגעשטופּט אין האַנט אַריין און אים אויך פאַרבעטן אויף אַ טרונק.

***

שמידט, דאָס בערדעלע, דעם דייטשן גאַרניזאָנס שפּיצל, איז געווען אַ מינכענער דייטש. ער איז געווען דער אויפזעער איבער אַלע טריפהנע געשעפטן פונעם ראַיאָן. דער ממונה איבער אַלע „באָרקעס״.

לכתחילה האָט מען פאַר אים מורא געהאַט אימת מוות. עס האָבן פאַר אים געציטערט די ציווילע קויפער און עס האָבן זיך פאַר אים געשראָקן די דייטשע סאָלדאַטן, די פאַרקויפער, וואָס האָבן פאַרן אָפּגיין אויפן פראָנט, נאָך געוואָלט אַ לעב טאָן...

און זיי האָבן „גענומען״ די סאָלדאַטן, קאָצן, שיך, מאַרמעלאַדע

און אַלץ וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט נעמען פון די מאַגאַזינען און עס פאַרן שכר פון זייער פאַרברענגען — אַוועקגעשענקט די שיינע מיידלעך, די „צוקער־פושקעס״.

מען האָט זיך אָבער מיטן „בערדעלע״ וואָס אַמאָל מער איינ־געאַרבעט. מען האָט אים אָפּגעקויפט. און ווען אַפילו ער האָט די זאַכן קאָנפיסקירט, האָט ער אָבער קיינמאָל דעם דייטש נישט אַרויס־געגעבן.

דאָס האָט דער כיטרער שמידט געטאָן אויס פּחדנות. ער האָט נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט זיינע אייגענע קאָמעראַדן (חברים) — און האָט אויך געוואָלט שאַנעווען דעם כבוד פון דער דייטשער אַרמיי.

ער איז געווען אַן ערנסטער דייטשער סאָלדאַט. האָט נישט געשיכורט און זיך נישט געווייַלט ווי די אַנדערע. זעלטן ווען אַז ער האָט געטרונקען. און כאָטש אַ מינכענער, האָט ער קיין ביר־בייכל נישט געהאַט.

דערפאַר אָבער איז ער געווען אויסגערעכנט און קאַרג, ווי דער ערגסטער פּראָצענטניק. ווי אַ בעטלער, האָט ער געקליבן אַ פּעני צו אַ פּעני און צוליב זיין גיריקייט, — האָבן אַ טייל מענטשן פון שטאָט ווי ס׳איז געקענט לעבן.

די קאָזעכעס קאַפע־הויז האָט געקראָגן אַ שם. זי האָט געעפנט נאָך אַ טיר, און האָט אַרויסגעהאָנגען אַ גרויסן שילד: „קאַפע־הויז אונטער די לינדן״.

מען האָט געשמועסט, אַז ער אַליין, הויפּט פאָן גערץ, איז צו דער קאָזעכע אַן אַריינגייער. און כינקעס שפע איז געוואָקסן.

עס האָט אָבער לאַנג נישט גענומען, ווי אַנטקעגן „אונטער די לינדן״ — האָט זיך געעפנט אַ נייַ קאַפע־הויז, „בערלין״. און די קאָנקורענץ צווישן „בערלין״ און „אונטער די לינדן״ האָט זיך אָנגעהויבן.

נאָר די קאַביליאַנערין, די נייע אייגנטימערין, אַן אַלמנה מיט צוויי שיינע מיידלעך און אַ בחור, האָט פונדעסטוועגן די גאַנצע שפע פון דער „קאָזעכע״ נישט געקענט צונעמען. נאָר דאָס „בערדעלעס״ פּרנסה האָט זיך אויך נישט פאַרקלענערט. —

***

שלמה איז אַלץ מער געוואָרן רעזיגנירטער און פֿאַרשלאָ־סענער אין זיך און וואָס מער חנה׳לע האָט אויף זיך געשלעפּט דעם יאָך. און וואָס מער קראָם ס׳איז פֿונעם פֿריערדיקן פּענצטער געוואָרן, אַלץ טרויעריקער איז שלמה געוועזן.

חנהלה האָט זיך שוין נישט באַנוגנט מיט די פֿריערדיקע סחורה. דער פֿריערדיקער ראַמש איז שוין אַצינד געווען ווייניק צו ציען דערפֿון חיונה פֿאַרן הויז.

ביילטשעס צער איז געווען גרויס. זי האָט געקוקט אויף שלמה׳ן און ס׳האָט איר געשניטן דאָס האַרץ. זי האָט פֿון אים גאָרנישט געקענט אַרויסבאַקומען. זי האָט אָבער געפֿילט, ווי עפּעס שלעכטס רוקט זיך אָן אויף איר הויז.

זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די קינדער, און חנה׳לע האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן נאָך סחורה פֿאַר דער קראָם וואָס האָט דאָ געפֿעלט.

האָט געקריגן אַ דייטשן שאָפֿער מיט אַ משא־אויטאָ, און מיט־נעמענדיק בערעלען, זייענען זיי געפֿאָרן אין דער ווייטער האַנדלס־שטאָט איינקויפֿן.

די רייזע נאָך דער שטאָט איז געווען אַ גוטע און אַנגענעמע. דער טאָג אַ שיינער און מילדער, האָט נישט געוויזן קיין סימן פֿון קיין מלחמה. דער הימל, אַ צעלויכטענער און קלאָרער, האָט געמאַכט פֿאַרגעסן אין אַלע דאַגות. און די לופֿט איז געווען אַ דערפֿרייענדיקע, אַ דערקוויקנדיקע.

אין דער שטאָט וואו זיי זענען אין אָוונט אָנגעקומען, זענען זיי פֿאַרפֿאָרן אין אַן היימישער יידישער אַכסניה, וואו זיי האָבן מיט אַמאָל דערזען אַ ניי, ווייס ליכט.

דאָס ליכט האָט אַזוי צעהעלט אַרויסגעשיינט פֿון קיילעכדיקע, פֿאַרמאַכטע גלעזלעך, וואָס האָט זיך ווי דורך אַ כישוף אָנגעצונדן דורך עפּעס אַ דריי אין וואַנט. —

בערעלע איז ווי אויפֿגעשפּרונגען פֿון פֿרייד און וווּנדער. ער איז אַריין אין דער גרויסער סאַליע, וועלנדיק אַליין אויספּרוּוון דאָס ליכט. האָט אַ דריי געטאָן דעם קנאָפּ און אַ שטראָם פֿון עלעקטריש ליכט האָט אים ווי אַ כוואַליע אַ פֿלייץ געטאָן אין די אויגן.

ער האָט זיך ווי אַ קליין יינגל דערפֿילט פֿריי. און גרינג אַזוי אויף דער נשמה, האָט ער אין דעם מאָמענט אינגאַנצן פֿאַרגעסן אינעם הויז און אין טאַטן.

נאָר חנה׳לע, וואָס האָט אויף זיך גענומען דעם גאַנצן עול, האָט אַנדערש געפילט. זי האָט איינגעקויפט אַלץ וואָס האָט זיך געלאָזט פאַר דער קראָם און האָט ווי גיך זי איז געוואָרן פאַרטיק, זיך געקליבן צוריק צו פאָרן.

די דייטשע וועכטער האָבן ביי די ראַגאַטקעס דעם אויטאָ פאַר־האַלטן, און ווי פאַר יוצא וועגן געפרעגט וואָס מען פירט. נאָר נאָך אַ קליינעם ווערטער־אויסטויש צווישן דעם אַנטרייבער און די וועכטער איז אַלץ אַדורך בשלום.

ווען חנה׳לע איז צוריק געקומען אין שטאָט און האָט אין קראָם געגומען אויספּאַקן די סחורה, האָט איר געוואונדערט וואָס קיינער איז צו איר נישט אַרויסגעקומען.

דאָס אויספּאַקן איז איר געפאַלן פון די הענט. זי האָט שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אין שטוב. האָט זי זיך צוגעאיילט, עס געמאַכט בקיצור, און מיט בערעלען גלייך אַהיים געגאַנגען.

אין שטוב האָט זי געטראָפן דעם טאַטן ליגן אין בעט. ער האָט איר מיט בערעלען אויפגענומען מיט אַזעלכע צערפולע אויגן, אונטער וועמענס בליקן מען האָט געקענט דערדריקט ווערן.

— טאַטע, וואָס ליגסטו עפעס? האָט חנהלה אַ צעשראָקענע געפרעגט.

— ס׳איז גאָרנישט טאָכטער, איך פיל עפעס נישט מיט אַלעמען. נאָר ס׳וועט מסתם באַלד אַריבערגיין. ווי איז צוגעגאַנגען די רייזע? האָט שלמה איר געוואָלט פאַררייידן.

— פאַר דער רייזע זאָלסטו זיך נישט זאָרגן. ס׳איז אַלץ אַדורך בשלום. מען וועט די סחורה פאַרצוקערן. און איך האָב געבראַכט אַזעלכע זאַכן, וואָס זייגען דאָ אינגאַנצן נישטאָ. זע נאָר, דו זאָלסט זיין געזונט.

חנהלה האָט די סחורה אויסגעסאָרטירט. זי האָט די זאַכן געהעריק אויסגעלעגט און די קראָם האָט אַצינד באַקומען אַ נייעם אויסזען.

די דייטשע סאָלדאַטן האָבן די סחורה געריסן פון די הענט. זיי האָבן געקויפט פוטער, מעל, אַרבעס און בעבלעך און עס געשיקט קיין דייטשלאַנד אין זייערע היימען.

די רייכע האָבן געשיקט גרויסע קאַסטנס מיט שפּייז און די אָרעמע, האָבן געשיקט קליינע קעסטעלעך. נאָר געשיקט האָבן אַלע.

און ווער עס האָט נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן, האָט די פּראָדוקטן אויסגעביטן פאַר „אייגענע" זאַכן פון די מאַגאַזינען...

און דאָס בערדעלע האָט אַצינד געהאַט אַ סך אַרבעט. ער איז מיט זיין שטעקעלע אַ פאַרשמאַיעטער אַרומגעלאָפן גאַנצע טעג איבער די הייזער און קאַפּעס, זוכנדיק די דייטשע „באַכקעס".

די קרעמער וואָס האָבן געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, האָבן געלייזט און האָבן אַדורכגעשטופּט די צייט. אויך די שמוקלער האָבן געמאַכט אַ לעבן. נאָר די איבעריקע, דער רוב פון פאָלק: האָט געהונגערט.

האָבן די הונגעריקע געשטורעמט דאָס גמינא־הויז און האָבן געבעטן ברויט. נאָר גרויס איז געווען די נויט און די קראַנקהייטן וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט די שטאָט.

***

אין לאָקאַל פון „מזרחי" האָט מען זיך געגרייט צו אַ פאַרזאַמלונג. מען האָט געדאַרפט איינטיילן די אַרבעט צווישן די חברים. נאָר דערוויל האָט מען געשלונגען יעדעס שטיקל אָנקומענדיקע נייעס.

דער פאָרזיצער יונה העלער, האָט געבראַכט די נייעס, אַז ענגלאַנד גרייפט שטאַרק אָן אויפן טערקישן פראָנט און עס גרייט זיך אַ יידישער לעגיאָן צו קעמפן פאַר ארץ ישראל. די חברים זענען אויף דער ידיעה — אַריין אין גרויס עקסטאַז. די הערצער האָבן ביי זיי אָנגעהויבן האַסטיקער צו שלאָגן.

יעקע גנב דערציילט נאָר פון זיינע נצחונות. אַז דו לייענסט די דייטשע צייטונגען, דאַכט זיך דיר, אַז דער גאַנצער נצחון איז שוין ביי זיי אין קעשענע. האָט זיך אין דער ידיעה אָנגעכאַפּט מאַטעלע.

— אויפן רוסישן פראָנט האַלטן זיי טאַקע כסדר אַף נצחונות. „פאָניע" האַלט אין איין אָפּטרעטן. ער איז נאָר אַ בריה קעגן די יידן. דער רוסישער בער, האָט זיך אַריינגעמישט לייזער מאַנדל.

— ער האָט נאָך אויך רוסלאַנד נישט אין קעשענע. ער מעג אפילו קריכן ביז מאָסקווע, וועט ער איר נישט איינבייסן. ס'קען זיך איבערחזרן די געשיכטע מיט נאַפּאָלעאָנען. דער רוסישער גענעראַל שטח — קען דעם יעקע בייקומען.

אַ מלחמה איז ווי אַ לויף־פערדל. אָט דאַכט זיך דיר אַז דיין פאַוואָריט איז שוין ביים סאַמע זיג, און מיט אַ מאָל, אין דער סאַמע

לעצטער מינוט, טוט אים דאָס צווייטע פערדל אַ יאָג איבער און אויס מיטן זיג. דער סוף איז דעצידירנדיק.

נאָר אונדז אינטערעסירט נישט אַזוי „פּאָניע״, ווי דער טערק. כאָטש אונדזערע אייגענע חשבונות האָבן מיר דווקא מיט „פּאָניען״, זענען אָבער אונדזערע נאַציאָנאַלע האָפענונגען געבונדן מיטן נאָענטן מזרח.

און אַז זשאַבאָטינסקין וועט געלונגען דער לעגיאָן און די קאַאַליציע מלוכות דער זיג, מיין איך אַז דער יידישער אָנשטרענג וועט נישט גיין לאיבוד. האָט בערעלע באַוויזן.

— יאָ, חברים, ערגעץ וואו וועבט שוין די פאַרבאָרגענע האַנט פון דער השגחה איר געוועב. און מיר דאַרפן צו דעם זיין צוגעגרייט און נישט פאַרשפּילן אונדזער זכות. האָט אַריינגעוואָרפן חבר העלער.

— וואָס מיינט איר מיט „אונדזער זכות״ ? האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן מענדל, וואָס האָט זיך מיט זיין פרייקייט און רעוואָלוציאָנערישקייט אָהער נישט אַריינגעפּאַסט.

ער האָט זיך ביי די מזרחים נאָר געהאַלטן צוליב זיין פרומען טאַטן. האָט מיט אים נישט געוואָלט פאַרפירן קיין איבעריקע קאַמפן און צעשטערן דעם שלום בית. און ער האָט גאָר באַזונדער זיין קראַנקער מאַמען נישט געוואָלט מצער זיין.

מענדל איז פון דער נאַטור געווען צו אָפן און אויפריכטיק, ער זאָל קענען פאַרשווייגן אַ מיינונג מיט וועלכער ער איז נישט מסכים. האָט געהאַלטן פון „שתיקה כהודאה דמיה״ און אַז ער אָפּאָנירט נישט, פאַרלייקנט ער זיך אַליין. —

— וואָס איך מיין מיט „אונדזער זכות״ ? איז העלער דווקא געווען צופרידן פון האָבן אַ מעגלעכקייט צו פּראָפּאַגירן זיינע געדאַנקען קוקט גוט אַריין אין אונדזער פּראָגראַם, וועט איר וויסן אין וואָס עס באַשטייט אונדזער זכות.

מיינט נישט, אַז אויב מיר גייען מיט די חפשים, זענען מיר שוין אַלץ מיט זיי מסכים. מיר גייען נאָר אַ שטיקל וועג מיט זיי צוזאַמען. און אויפן איבעריקן, רעליגיעזן, בלייבן מיר באַזונדער.

און אויך דאָרט וואו מיר גייען צוזאַמען, דאַרפן מיר זיי באַאיינפלוסן אויף אונדזער וועג. אויפן וועג פון תורה און מצוות. און דאָס איז אונדזער זכות וועלכן מיר דאַרפן היטן.

— און איך האָב געמיינט, אַז מיטן זכות מיינט איר צו פאַרטאָפּלען

דעם מסירת נפש פאַר דער אַרבעט. שוין צייט זיך ווייניקער צו זאָרגן פאַרן „בין אדם למקום" (פון מענטש צו גאָט) און זיך בעסער אָפּגעבן מיט די קריוודעס פון מענטש צו מענטש.

ס׳איז נישט פאַראַן קיין בעסערע אידעע ווי די אידעע פון לעגיאָן. „אם אין אני לי, מי לי". זאָלן די אומות העולם נישט זאָגן, אַז מיר קומען נאָר צום גרייטן. און מיר דאַרפן צופּאַסן אונדזער אַרבעט צו די אויפגאַבן פון לעגיאָן און אויך אַרבעטן אינטענסיווער.

די פאַרזאַמלונג איז געווען אַן אויפמונטערנדיקע. דער פאָרזיצער האָט איבערגעגעבן וועגן די לעצטע ידיעות. און אַ שטורעם פון באַגייסטערונג איז אויסגעבראָכן צווישן די חברים.

מען האָט געשאַפן פאַרשידענע קאָמיסיעס און צווישן זיי פאַר־טיילט די אַרבעט. און גלייך אויפן אָרט זיינען געשיקט געוואָרן צוויי חברים צו דער חתונה פון געצל „מעש".

געצל מעש, אַן עלטערער ברייט צעוואַקסענער בחור, האָט געהערט צו די שטאָטישע ווילדע יונגען. זיין פאָטער גומפל שוסטער, אַ פּראָסטער ייד, ווען עס האָט קיינמאָל נישט געקלעקט אויף צו לעבן, האָט פון זיך די פאַרע אַרויסגעיאָגט, אַבי צו מאַכן פון זיין געצלען אַ לייט.

נאָר געצל האָט נישט געוואָלט לערנען און אויך נישט אַרבעטן. האָט זיך דערצויגן אויף דער גאַס און איז געוואַקסן ווי אויף הפקר. און אויף דער עלטער איז ער גאָר געוואָרן אַן הפקרניק און באַשיצער פון די „נאַכט־פייגל"...

מיט אַמאָל אָבער, ווען דער דייטש איז אַריין אין שטאָט, איז געצל „מעש" געוואָרן אַן אַנדערער. ער האָט אַוועקגעוואָרפן זיינע פריערדיקע עסקים און האָט זיך גענומען צו שמוקלען.

קיינער האָט נישט געוואוסט ווען און ווי אַזוי דאָס איז געשען. נאָר איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער שוין פאַרנומען אויפן שענסטן שטאָטישן פונקט, דעם גרעסטן מאַגאַזין פון טאַבאַק.

זיין מאַגאַזין איז געווען פאַרפאַקט מיט אלערליי סאָרטן פּאַפּי־ראָסן, ציגאַרן און טאַבאַק, וואָס האָט מיט זיין סחורה געשפּייזט אַלע לאַחדומניקעס פונעם אַרום.

און ווי גיך ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, האָט ער איבערגעריסן מיט אַלע זיינע פריערדיקע באַקאַנטע און געוויינהייטן. האָט זיך

אַנגעהויבן אַרויסצושטעלן מיט שײנע נדבות און בויען אַן אייגענע היים.

ער האָט אין אַזאַ צייט לאַנג נישט געדאַרפט זוכן, און האָט זײנס געפונען. און אויף זיין חתונה איז געוואָרן אַ דורכגעפירט די ערשטע זאַמלונג פאַרן קרן קימת.

## קאַפּיטל ביין

שלמה׳ס קראַנקהייט האָט זיך פאַרשטאַרקט. כאָטש מען האָט נישט געוואוסט אין וואָס זיין קראַנקהייט באַשטייט, איז ער אָבער שוין פון בעט נישט אַראָפּ. און איז געוואָרן שוואַכער פון טאָג צו טאָג.

ער איז ווי האַלב־פאַרגליווערט געלעגן מיט אָפענע אויגן און האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. האָט אויף אַלעמען געקוקט מיט זיינע גרויסע שוואַרצע קאַרשן־אויגן, וואָס האָבן אַנגעשטעקט מיט טרויער.

פון די פריערדיקע דאָקטוירים איז קיינער נישט געוועזן. אייניקע זענען געוואָרן מאָביליזירט און די איבעריקע האָבן זיך עוואַקואירט אין טיף רוסלאַנד.

די האָניק־חדשים פאַר די אַרויפגעאַרבעטע — זענען אַוועק. די שטאָט איז צוליב די אין איר אויסגעבראָכענע עפּידעמיעס, געוואָרן אָפּגעשלאָסן און אויסגעטיילט פאַר אַ באַזונדערן ראַיאָן.

זי איז געוואָרן אָפּגעשניטן פון דער הויפּט־שטאָט און פון אירע אַרומיקע ראַיאָנען און איז געוואָרן אַרומגענומען מיט אַ סאַניטאַרן קאָרדאָן. און יעדער צווישן שטאָטישער פאַרקער, איז געוואָרן איבער־געריסן.

נישט פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג וועמענס יונגע זיי האָבן געכאַפּט אויף אַרבעט און פאַר וועמענס באַשפּייזונג זיי האָבן נישט געזאָרגט, האָבן די דייטשן מורא באַקומען. נאָר דאָס האָבן זיי אַזוי מורא געהאַט פאַר זייער אייגן מיליטער. האָבן זיי נאָך יעדן טויט־פאַל אַ דורכגעפירט אַ קאַראַנטין איבערן הויז פונעם טויטן און דאָס הויז אויף אַ צייט פאַרחתמעט.

ביילטשע איז אינגאַנצן געווען אַ פאַרלוירענע. זי איז אַרומ־

געגאַנגען אַרום שלמה׳ן און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. פון די געבליבענע באַקאַנטע איז זעלטן ווער געקומען. מען האָט מורא געהאַט אין אַזאַ צייט צו באַזוכן קראַנקע.

שלמה האָט זיך נאָך געפונען אין דער זעלבער פרעמדער דירה, אין וועלכער ער איז צוליב זיכערקייט — אַריין און פון וועלכער די משפחה האָט זיך צוליב זיין פאַרערגערטער קראַנקהייט גישט געקענט איבערציען.

חנהלה נאָר האָט זיך נישט פאַרלוירן. זי האָט טראָץ איר פאַר־נומענקייט מיט דער קראָם, געפונען צייט אַרום שלמה׳ן אַרומצו־פאַדען. און ס׳האָט איר אַפילו אויסגעזען, אַז ער פילט זיך בעסער אין איר אַנוועזנהייט.

האָט זי ווי אַפויגל־מוטער אַרום איר קראַנקן פויגל, מיט ציטער אַרום אים אַרומגעפלאַטערט. זי האָט אים געשפייזט און אויף איר אופן אים געפרווט היילן. און דער קראַנקער האָט דאָס אַרויסגעפילט.

בערעלען האָט געטראָגן פונעם אָרט. — ער האָט זיך אין שטוב נישט געקענט געפינען. איז פון צייט צו צייט אַריינגעלאָפן אַ קוק טאָן אויפן קראַנקן טאַטן און איז אַוועק.

ער האָט זיך פון זיין האַנדלונג אַליין קיין קלאָרן חשבון נישט געקענט אָפּגעבן. עס האָט זיך אים ביי זיין יעדן אַריינקום אויס־געוויזן, אַז אין זיין טאַטנס בליק איז פאַראַן אַ וועלט מיט תרעומת קעגן אים, וואָס ער האָט נישט געקענט פאַרליידן.

דאַכט זיך אַ דערוואַקסענער, אַ רייפער: האָט ער זיך פונדעסט־וועגן נאָך געראַנגלט מיט אַ נאַאיוו געפיל פון עפּעס אַ מאָדנער פרייהייט. — און פאַרבאָרגן אין זיך, האָט ער געגלוסט זיך צו באַפרייען פון יעדן צוים און עול.

ער האָט אין אָנבליק פון זיין טאַטנס ערנסטער קראַנקהייט, אַפילו אַליין מורא באַקומען פאַר דער דאַזיקער ווילדער גלוסטונג. און דאָך, האָט ער זיך פון איר נישט געקענט באַפרייען.

איז ער געלאָפן פון לאָקאַל צו לאָקאַל, פון מזרחיסטישן אינעם אַלגעמיין־ציוניסטישן, אַבי אין שטוב וואָס ווייניקער צו זיין. און ער איז שוין אויך אינעם שטיבל וואָס ווייניקער געווען.

ס׳איז נישט געווען וואָס אָנצוווערן. דאָס לעבן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען שווער. און מען האָט געוואָלט פון זיך פאַרטרייבן אָט דעם גאַנצן דריקנדיקן קאָשמאַר.

און אין „בית עם" איז געווען פריילעך. ווי אויף פליגלען פון אָדלער האָט זיך די בשורה פון די טערקישע מפּלות און די האָפענונג פונעם יידישן לעגיאָן געטראָגן איבער די יידישע ישובים.

זיך געטראָגן און פאַנטאַסטיש זיך צעבלאָזן — ביז די ווונטשן פון די יונג־ציוניסטישע ענטוזיאַסטן. האָבן זיך די חברים און חברות אַרומגענומען, אין אַ ראָד זיך פאַרקייטלט און אין אַ פריידיקן טאַנץ פאַרגאַן.

די ראָד וואָס איז אַלעמאָל געוואָרן גרעסער, האָט זיך צעוויגט, און ווי כוואַליעס האָבן זיך פיס געהויבן און אַראָפּגעלאָזט צו איין אַלגעמיינעם ריטעם.

און האַנט אין האַנט געפּרעסט, אָרעם צו אָרעם געגענט, האָט זיך בערעלען אויסגעוויזן, ווי אַ מאָל ביי זיין זיידן שמחה׳ס תורה ביינאַכט.

די ראָד האָט שוין אַלעמען געהאַט פאַרכאַפּט. ווי מיט כישוף אַרומגענומען. און בערעלע האָט זיך פאַרגעסן, אין אַלץ פאַרגעסן. אויך ער האָט נישט געקענט בלייבן שטיין פונדערווייטנס. און ס׳איז געווען ס׳ערשטער מאָל וואָס ער האָט זיך געפונען אין איין טאַנצנדיקער ראָד מיט חברות.

אַ חברה האָט אים אַ צי געטאָן ביי דער האַנט, אין דער ראָד אַריינגעשלעפּט און ביז צום סוף אים שוין נישט אָפּגעלאָזט.

ער האָט זיך לכתחילה ווי ווילענלאָז איר נאָכגעשלעפּט. נאָר דערנאָך האָט ער שוין ווי אַלע מיטגעטאַנצט. ער האָט אויף זיין טאַנצנדיקער חברה אַ פאַרטאַיעטן בליק געוואָרפן און זיך אָנגעשטויסן אין שרה׳לעס אייגענעם בליק. —

שרה׳לע האָט זיך פאַרויטלט און נאָך מיט מער קראַפט געטאַנצט. דער טאַנץ האָט אויפגעהערט און די טאַנצנדיקע זענען זיך צעגאַנגען. זיי זיינען אַריין אין צווייטן צימער זיך אָפּרוען.

בערעלען האָט נישט געפּאַסט גלייך אַוועקצוגיין. ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהייבן. שרה׳לע האָט דאָס באַמערקט און האָט אים געוואָלט קומען צו הילף.

— ווי געפעלט אייך עפּעס אונדזער לאָקאַל, ה׳ הערליך ? האָט זי, אַבי אָנצוהייבן געזאָגט.

— ער איז אַ גאַנץ פיינער. און ס׳איז דאָ לעבעדיק אויך. האָט ער זיך אין איר אָנגעכאַפּט.

— און איר געהערט נאָך אין ערגעץ נישט?

— איך געהער יאָ. און גאָר קיין פרעמדער אין דער מחנה —
בין איך נישט. איך בין נאָר נישט קיין מיטגליד אין „בית עם", מיר
געהערן אָבער צו איין לאַגער.

— טאָ צו וואָס פאַר אַ ריכטונג געהערט איר?

— צו די „צעירי מזרחי".

— אַ, — איר זייט אַ רעליגיעזער און איר האָט ס'ערשטע מאָל
געטאַנצט מיט אַ מיידל?

— יאָ, האָט שוין בערעלע דרייסטער געענטפערט.

— אויב אַזוי, האָט שרה'לע קאָקעטירט, בין איך ווי חוה וואָס
האָט אייך די ערשטע אָנגערעדט צו זינד. זייט מיר דערפאַר מוחל,
ווייל איך האָב נישט געוואוסט אַז איר זייט אַ מזרחי.

— ס'איז נישט אייער שולד. וואָרעם וואָלט איך אַהער נישט
געקומען וואָלט איך דאָך נישט געטאַנצט. און דאָס קומען איז נאָך
אויך נישט די ערשטע סיבה. ס'איז נאָך פאַראַן אַ פריערדיקע.

און טאַנצן, פרייד, איז פאַר זיך אַליין אַ גוטע זאַך. און אַז מען
איז איר נאָך מצרף מיט אַ דערהויבענעם ציל, ווערט פון זייביידע
איין גוטע זאַך...

— איז אפשר וואָלט איר זיך איבערגעטראָגן צו אונדז, געוואָרן
ביי אונדז אַ מיטגליד?

— מיט דער צייט קען זיין, דערווייל בין איך נאָך נישט גרייט,
איך וויל אויך נישט פאַרשאַפן קיין איבעריקן צער, מיין קראַנקן
פאָטער.

און טאַקע צוליב דעם, מוז איך זיך צוויילן און אַהיים גיין.
און פאַרשעמענדיק זיך — האָט ער נישט קוקנדיק איר אין פנים,
זיך מיט איר געזעגנט און אַ היים געאיילט.

## קאַפּיטל צען

ווען ער איז אַ היים געקומען, האָט ער אין שטוב געטראָפן אַ
דייטשן דאָקטאָר מיט געפלאָכטענע זילבער־שליפעס און ווייס־בלאַנ־
קנדיקן שינעל, וועלכער איז געשטאַנען ווייט אָפּגערוקט פון זיין

טאַטנס בעט און האָט זיך ביי ביילטשען אויסגעפּרעגט וועגן דער קראַנקהייט.

ווי אַ געליימטער איז דער דאָקטאָר געשטאַנען נישט אַ ריר צו טאָן פונעם אָרט. און אַזוי שטייענדיק, האָט ער געפּרווּוט געבן זיינע עצות.

נאָר פון דאָקטאָרס עצות און זיין מאַמעס האַלטונג, האָט בערעלע פאַרשטאַנען ווי ערנסט די לאַגע איז. און ווען דער דאָקטאָר איז אַוועק, איז ער אַרויס דער מאַמען פרעגן וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט.

די מאַמע איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. האָט אַפילו פאַרגעסן אינעם פאָרוואורף וואָס זי איז אים געווען גרייט צו מאַכן און איז אַוועק בעטן אַ דערלויבעניש ביים שטאָט־קאָמענדאַנט אויף צו פירן דעם קראַנקן קיין וואַרשע.

זי האָט די דערלויבעניש נישט באַקומען. „די שטאָט איז אונטער אַ קאַראַנטין און מען קען פונדאַנען קיינעם נישט אַרויסלאָזן און נישט אַריינלאָזן". האָט דער קאָמענדאַנט דערקלערט. און ביילטשעס פּיין און אומבאַהאָלפנקייט האָט זיך געשטאַרקט.

אויף צו מאָרגנס איז זי מיט אירע היימישע ווייבער אַוועק אויפן הייליקן אָרט אויסמעסטן דאָס פעלד. — האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אייגענע און פרעמדע קברים, און אין זיי שלוכצנדיק אַריינגעבעטן...

צו מנחה איז זי מיט זיי געגאַנגען אין שטיבל איינרייסן. — איז אַריין מיט אַ יללה וואָס האָט אַ שטיין געקענט רירן. איז מיט חנהלען צוגעפאַלן צום אָרון קודש, האָט אויפגעריסן די טירלעך און אַריינשטעקנדיק דעם קאָפּ אינעם מיט ספרים אָנגעפילטן חלל, האָט זי גאָר איר האַרץ גענומען אויסגיסן:

„אל רחום וחנון", האָט זי געהעשעט. „צעברעך נישט מיין יונג לעבן". מאַך מיר נישט פאַר קיין אַלמנה און מיינע קינדער פאַר יתומים. האָסט מיר געשטראָפט מיטן פאַרמעגן, איך נעם אָן דיין גזר. איך בין אפילו גרייט צו גיין בעטלען, נאָר נעם נישט צו דעם נפש. דערבאַרעם זיך איבער אונדז און שיק מיין מאַן אַ רפואה שלימה".

זי האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח צו שרייען און די מתפּללים האָבן זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטן אויף איר אַוועקגיין. ס'איז געווען די צייט פון מנחה־דאַוונען. און גלייך נאָך מנחה, האָט דער גאַנצער עולם פאַר שלמה'ן אָנגעהויבן זאָגן תהילים.

ביילטשעס איינרייסן און דער תהלים, האָט דעם עולם ביז די טיפענישן גערירט. און אויפגערירט — און פון רחמנות באַטרינקען, האָבן די מתפללים טראָץ דער אייגענער סכנה — געגאַנגען מבקר חולה זיין דעם קראַנקן.

און ווען בערעלע איז צוריקגעקומען פון שטיבל, האָט ער שוין ביים חולה געטראָפן משה־מענדלען מיט יצחקלען און ר׳ הירש־חיימען.

זיי האָבן אייגער נאָכן אַנדערן געריבן שלמהס קערפּער מיט שפּירט און וויין־עסיק. האָבן געפּרוּווט שטילן זיינע ווייטיקן און אים געווונשן אַ גיכן געזונט ווערן.

נאָך זיי זענען געקומען פעלדשער און אַזוי מבינים. — זיי האָבן צום קראַנקן צוגעלעגט אַן אויער, — מעשה דאָקטאָר אים גענומען אויסקלאַפּן די לונגען, קנייטשן דעם בויך און מיט אַ מינע פון זיכערקייט אַרויסגעגעבן זייער דיאַגנאָזע און פונקט אַזוי זייערע רפואות.

ביילטשע האָט זיי גוט באַפּרידיקט. כאָטש זיי האָבן זיך נישט געדונגען. נאָר דעם קראַנקן איז דערפון בעסער נישט געוואָרן.

***

אין בית עם האָט דעם פּרייטיק־צונאַכט געררוישט ווי אין אַ בינשטאָק. אין איין צימער האָט מען געזונגען און געטאַנצט. און אין גרויסן זאַל וואו עס האָבן געהויזט — פאַרשידנערליי ציוניסטן, איז שוין טעג אָנגעגאַנגען אַ היציקע דעבאַטע.

מען האָט דיסקוטירט וועגן די אויפגאַבן פון ציוניזם און וועגן דעם, ווי אַזוי בעסער צו בויען דאָס לאַנד. —

„דער ציוניזם איז אַ משיחישע באַפרייאונגס־באַוועגונג. מיר טיילן נישט דאָס פאָלק אויף קיין טיילן. דער שונא האָט פונקט אַזוי פיינט דעם יידישן אַרבעטער ווי דעם יידישן קאַפּיטאַליסט. און קלאַס איז אַ פּליסיקער באַגריף — ער ענדערט זיך מיטן ענדערן זיך פון זיינע מאַטעריעלע באַדינגונגען...

„די יידישע פראַגע איז קודם כל אַ נאַציאָנאַלע. דער עיקר איז, צו ווערן אַ בעל הבית איבער זיך אַליין. ערשט דאַן, וועלן מיר ווי

די נאַציאָנאַלע, — אויך רעגולירן די סאָציאַלע פּראַגע". האָט זיין חלק אַרויסגעבראַכט מנחם. אַ יונג־ציוניסטישער ענטוזיאַנט.

„ניין, חברים. די יידישע פּראַגע איז נישט בלויז אַ נאַציאָנאַלע, נאָר אויך אַ סאָציאַלע. די יידישע עקאָנאָמיע איז אַ גלות־עקאָנאָמיע. אַ לאַנד בויט מען נישט בלויז מיט האַנדל.

„דער יסוד פון אַ לאַנד, איז דער אַרבעטס־מענטש. און אָן דעם אינדוסטריעלן און לאַנדווירטשאַפטלעכן אַרבעטער, וועלן מיר קיין אייגן לאַנד נישט האָבן. אַ נאָרמאַל פאָלק מוז האָבן אַ נאָרמאַל אינ־דוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט". האָט פיינער צוריק געוויזן.

שרהלע האָט געוואָלט אָנטייל נעמען אין דער דיסקוסיע. אַ גלוסטונג איז אין איר אויפגעקומען וואָס האָט איר אינגאַנצן צענומען. זי האָט אָבער ס׳ערשטע מאָל מורא געהאַט פאַר אַ דורכפאַל. און ראַנגלענדיק זיך צווישן גלוסטונג און מורא, איז איר האַרץ דערווייל געוואָרן אומרוהיק און ס׳האָט אָנגעהויבן שלאָגן ווי מיט האַמערס.

די תאווה צו ריידן האָט אָבער גובר געווען און זי האָט אָנגעהויבן:

„חברים, ווי גייסט און מאַטעריע, איז פאַראַן אַ נאַציאָנאַלע און אַ סאָציאַלע פּראַגע. דער נאַציאָנאַלער אַספּעקט איז ווי דער גייסט דויענדיקער און פאַר אונדזער זאַך ראשיתדיקער".

„מען טאָר אָבער אויך נישט פאַרזען דעם סאָציאַלן אַספּעקט, וואָס ווערט איינעם פּראַצעס פון בויען ווערן שאַרפער. נאָר לעזן וועלן מיר אים נישט אויפן וועג פון קאַמף, נאָר פון צדק און יושר און אויף דער באַזע פון נאַציאָנאַל־סאָציאַלע האַרמאָניע פון אַלע זייַנע טיילן"...

אַפּלאָדיסמענטן האָבן באַשאָנקען אירע אויספירונגען. חברים און חברות האָבן איר גראַטולירט צו איר ערשטן אַרויסטריט און זי איז ביי זיך אַליין געוואָקסן. זי האָט אַצינד מיט אירע אויגן אַרויסגעזוכט בערעלען.

נאָך איר האָבן זיך די איבעריקע אַרויסגעזאָגט און דער פאַר־זיצער האָט געשלאָסן די דיסקוסיע. דער בופעטשיק האָט פונעם קאָכעדיקן סאַמאָוואַר אַריינגעבראַכט טיי און די פאַרזאַמלטע האָבן אָנגעהויבן צווישן זיך צו שמועסן.

מיט אַמאָל, האָט זיך וועך לעבן פענצטער אַדורכגעשלייכט.

— וואָס האָט דאָ בייניש צו טאָן פרייטיק־צונאַכט, מנחם ? האָט פיינער געפרעגט.

— אַ, ביינעיש גייט נישט אומזיסט פאַרביי, האָט מנחם געענטפערט. ער וועט שוין פאַרקאָכן עפּעס אַ קאַשע קעגן אונדז, אָט דער „צדיק". זינט ער איז געוואָרן אַ בעל תשובה, איז ער נאָך ערגער פאַר רחמיאלן. יענער מיינט כאָטש ערנסט, — ער איז געווען און איז געבליבן אַ מאַמין. דער אָבער, איז דאָך געבליבן דער זעלבער אויסוואורף.

ווען מען גיט אים רשות, מאַכט ער אַ יידישע אינקוויזיציע. ער האָט זיך מצרף געווען מיט די ערגסטע פאַנאַטיקער און איז גרייט אונדז צו באַקעמפן מיט אַלע מיטלען.

דאָס איז ער אונדז אַזוי געקומען קאָנטראָלירן. ער האָט מסתם געזען דעם זודיקן סאַמאָוואַר און ער וועט שוין אָנציגדן אַ פייער אין שטאָט. —

די „געדער" האָבן שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויג אויפן „בית עם". זינט מען האָט די אָרגאַניזאַציע געגרינדעט, פאַלט פון זיי שטיקער. וואָס אַ מאָל מער גייען פון זיי די יונגע אַוועק און ווערן פאַרשלונגען פון די ציונים.

„ס'איז אַן אומגליק געשען. קיין שום בחור און מיידל דערהאַלט זיך נישט אין שטוב. ווי נאָר זיי כאַפּן אָפּ דעם לעצטן ביסן, אַזוי לויפן זיי גלייך אַרויס פון שטוב. ווער רעדט שוין אַז אַ ייִנגל זאָל אַריינקוקן אין אַ ספר.

„מען דאַרף זיי עוקר מן השורש זיין אָט די פושעים וואָס פירן אַראָפּ יידישע קינדער פון וועג". האָט דער בייער געדער צו אַלעמען געטענהט.

— איז וואָס זאָלן מיר טאָן ? האָט ביינישן רחמיאל גבאי געפרעגט.

— וואָס הייסט וואָס מיר זאָלן טאָן ? מען דאַרף זיי אַריינלייגן אין חרם. אין חרם, זיי אַריינלייגן, די פושעים. אָפּזונדערן זיי, אַז קיינער זאָל אין זייערע דלת אמות נישט שטיין.

וועלן אַ טייל פון זיי אַנטלויפן און די איבעריקע וועלן מיר אַרומרינגלען ווי מיט אַ קאַראַנטין. אָט אַזוי ווי די דייטשן טוען מיט די אָנשטעקנדיקע קראַנקע. און ס'וועט זיין למען ישמעו ויראו"...

ס'איז אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי שוין פאַרכאַפּט, ביינעיש. און ס'וועט אויסקומען זיך אָנצוהייבן מיט אַ גאַנצער שטאָט און מיט די סאַמע פּני. און זיי וועלן אויך נישט שווייגן די יחסנים. זיי

אַליין זיינען אַפילו „יראים ושלמים״, זיי וועלן זיך אָבער אָננעמען פאַר זייערע קינדער און פריינט.

— איז וואָס זשע זאָלן מיר טאָן, זאָלן מיר שווייגן? זיך צוקוקן ווי די טומאה פאַרשלינגט אַלץ? און זיי וועלן אויך פאַרנעמען דאָס קהל־שטיבל און ווערן די בעלי בתים פון שטאָט, אָט די הרצליסטן. דו קענסט נישט די חברה.

— איך בין אָבער נישט זיכער, צי אונדזער רב וועט וועלן רופן אַ חרם. מען האָט זיך שוין לאַנג מיט דעם נישט באַנוצט. האָט רחמיאל בייניש געפרוווט דערווידערן.

— פאַר דעם זאָרג זיך נישט, רחמיאל. אונדזער אַלטיטשקן, דעם הייליקן בטלן: וועלן מיר קענען אויף אונדזער זייט געווינען. מען דאַרף נאָר אַריבערנעמען דעם דיין. און ער קוקט שוין פון לאַנג קרום אויף די פושעים. בפרט נאָך ווען ער איז אש להבה מיט יונה העלער.

— וואָס? — די מזרחים נעמסטו אויך אַריין אין קרענצל? יונה׳ן קען איך פאַר אַן אָפּגעהיטענעם ייד.

— יונה אַליין איז טאַקע אַ פרומער ייד. ער גייט אָבער האַנט אין האַנט מיט די פרייע. זיי האַלטן דאָך אַלע פון דעם הערצל. און זיי העלפן זיך איינע די אַנדערע. דערפאַר טאַקע איז דאָך דער דיין מיט אים אַזוי צעריסן.

— און וואָס וועלן מיר זאָגן דעם רב אויף צו רופן דעם חרם?

— וואָס הייסט וואָס מיר וועלן זאָגן? אויף אַרויסצוטרעטן קעגן די מסיתים און מדיחים, איז פאַראַן גענוג וואָס צו זאָגן. זיי לייגן נישט קיין תפילין, קומען זיך צוזאַמען ייִנגלעך מיט מיידלעך און שטעלן אום שבת אויף אַ סאַמאָוואַר. איז דאָס ווייניק?

— עס איז גענוג, בייניש. נאָר אונדזער רב וועט עס נישט גלויבן. ער וועט וועלן עדות. דערהויפּט קעגן מחלל שבת זיין בפרסיה.

— איז וואָס? בין איך אַליין דער עדות. „בעיני ראיתי״ (אַליין געזען). און אַז ער וועט וועלן נאָך, וועל איך זיי אים צושטעלן.

* * *

אינעם רבס בית דין־שטיבל איז פאָרגעקומען אַ קליינע אַסיפה. עס זענען געווען: דער רב ר׳ מענדעלע, שלמה דיין מיט די שטאָטישע שוחטים, רחמיאל גבאי מיט ר׳ מנחם שמש און בייניש.

ר׳ מענדעלע, אַן ערנסטער און אַריינגעטאָן אין זיך ווי יום כיפּור צו כל נדרי, האָט ביינישן געהייסן איבערדערציילן וואָס ער האָט געזען. די פאַרזאַמלטע האָבן זיך בכובד ראש צוגעהערט, נישט וועלנדיק פאַרלירן אַ וואָרט.

דערנאָך האָט ר׳ מענדעלע ווי ביי אַ שווערע דין תורה, אויפ־געהויבן זיינע גראָע ברעמען און האָט זיינע אויגן אָנגעשטעלט אויף ביינישן.

— זאָג מיר נאָר ביניש — האָסטו גוט געזען און ס׳האָט זיך דיר נישט אויסגעדאַכט אַמאָל? וועלן יידישע קינדער, בני קדושים וטהורים; מחלל שבת זיין בפרסיה? אַזוינס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן.

— וואָס רעדט איר רבי. — צי וועל איך חלילה אויסטראַכטן אַ בלבול אויף יידן? „בעיני ראיתי״. אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן.

— מען דאַרף, לפי דעתי, די זאַך גוט אויספאָרשן. זאָל ר׳ מנחם די זאַך באַכזען. סיי ווי איז, „על פי שנים עדים יקום דבר״. האָט יאַנקל שוחט געפּרוווט אויסבאַהאַלטן זיין אומצוטרוי צו ביינישן.

— יאָ, — האָט דער רב צוגעגעבן. ס׳איז אַ זייער ערנסטער ענין. אויף דעם איז געזאָגט געוואָרן: „ודרשת היטב״ זאָלסט די זאַך גוט נאָכפאָרשן. און איידער מיר נעמען וועגן דעם עפּעס אָן, לאָמיר אויך האָבן דאָס עדות פון מנחמען.

ביי דער צווייטער אַסיפה האָט שוין מנחם אָפּגעגעבן זיין עדות זאָגן. ער האָט באַשטעטיקט די רייד פון ביינישן. און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן די ציוניסטן אַריינצולעגן אין חרם.

* * *

דער שטאָטישער בית המדרש איז דעם אָוונט געווען געפּאַקט. יונג און אַלט זיינען געווען פאַרזאַמלט. דער רוב איז באַשטאַנען פון פרומע, גאָטספאָרכטיקע יידן. נאָר אַ טייל איז אויך געווען פון סתם נייגעריקע, וואָס זענען ווי אויף אַ בייז ווונדער געקומען זען די אַדורכפירונג פון חרם.

אַלע לאָמפּן און לייכטער זענען געווען צעצונדן. אַ פּחד־פולע שטימונג האָט אַרומגעכאַפּט די גלויביקע און פון האָס און צאָרן די אַנדערע. נאָר ביידע צדדים האָבן אין גרויס שפּאַנונג אָפּגעוואַרט דעם אָנהייב פונעם צערעמאָניאַל.

אין מיטן בית מדרש אויף דער בימה, איז געשטאַנען דער רב ר' מענדעלע מיטן דיין. און זיי צו לינקס, דער שמש ר' מנחם. רב און שמש, האָבןביידע אין זייער תמימות און גאָטספאָרכטיקייט געציטערט. דער רב, פאַרן חרם וואָס ער האָט גוזר געווען — און דער שמש פאַר דעם וואָס ער וועט דאַרפן אַדורכפירן.

אַ געשפּאַנטע שטילקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען, ווען דער רב האָט אָנגעהויבן: „רבותי, אין אונדזער קהילה הקדושה זענען אויפגעשטאַנען „בני בליעל"; חוטאים און פושעים; „מסיתים און מדיחים" ר"ל; וואָס זענען עובר אויף אַלע געבאָטן און פאַרבאָטן פון דער תורה.

ווי איז אונדזערע אויגן צו זען און אונדזערע אויערן צו הערן. זיי האָבן זיך צונויפגענומען די חוטאים אין איין אַגודה. אין איין בונט „כלפי מעלה". זיי ווילן מדחיק זיין דעם קץ און אויפבינדן אַלע איסורים מדאוריתא און מדרבנן.

ייִנגלעך און מיידלעך קומען זיך צונויף און טאַנצן צוזאַמען. און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק, שטעלן זיי אום שבת אויף אַ קאָכעדיקן סאַמאָוואַר און זענען מחלל שבת בפרסיה. און ווער עס איז מחלל שבת בפרסיה, איז כאילו „עובד עבודה זרה" ר"ל. איז גלייך ווי ער דינט עבודה זרה.

על כן, און כדי אָפּצוטאָן דאָס שלעכטס פון אונדז, ווי עס שטייט: „ובערת הרע מקרביך", האָבן מיר גוזר געווען אַט די פושעים מחרים צו זיין.

אין חרם זאָלן זיי זיין און קיינער זאָל מיט זיי קיין מגע ומשא נישט האָבן. מיט זיי נישט ריידן און נישט שטיין אין זייערע דלת אמות. אָפּשיידן זאָלט איר זיך פון זיי, ווי די בני ישראל האָבן זיך אָפּגעשיידט פון דתן ואבירם און פון קרחן און זיין עדה.

און אַלע קללות פון דער תוכחה, פון קאַפּיטל כ"ו פון בחקותי און פון כ"ח פון כי תבוא און פון יהושע איבער יריחו, זאָלן פאַלן אויף זייערע קעפּ, „אמן". און אַזוי זאָל זיין זיין ווילן. —

נאָך די דאָזיקע רייד, האָט דער שמש געבלאָזן שופר. און אַ סקרוך איז אַדורך איבער די לייבער פון די מאַמינים און אַן אויפרעגונג און פאַרשעמונג, דורך אַלע איבעריקע.

## קאַפּיטל עלף

דעם עולם איז זיך פון בית המדרש צעגאַנגען מיט אַ שווער געמיט. „ווי אַזוי לייגט מען דאָס אַריין אין חרם אַ גאַנצע עדה, אַפילו ווען זי וואָלט געווען זינדיק? זי איז דאָך נישט אַליין. —

עס זענען דאָך מיט איר געקניפּט און געבונדן די איבעריקע משפחות און פריינט. כמעט אַ גאַנצע שטאָט", האָבן יידן גערעדט.

נאָר צום מערסטן האָט זיך בערעלע אויפגעקאָכט. ס'איז ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן, ווי ער האָט בייגעוווינט אַ חרם. אַ חרם, וואָס איז אים אַליין און זיינע נאָענטע נוגע. וואָס רירט אָן זיין אייגן לייב און לעבן. די חרמות און קללות זיינען דאָך צו אים ווי צו די אַנדערע פון זיין גלייכן געווענדעט. און דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל זיי ווילן אויף זייער אופן העלפן דאָס פאָלק.

עס האָט אין אים געבראָזשעט ווי אין אַ קעסל. אַ בלוט־כוואַליע האָט אַ שלאָג געטאָן צו זיין קאָפּ, האָט פאַרגאָסן זיינע אויגן און פנים און ער האָט ווי אינגאַנצן געציטערט.

ער האָט זיך דערמאָנט אינעם קראַנקן טאַטן וועמענס לאַגע עס וועט נאָך דורך אָט דעם חרם ווערן ערגער. ער וואָלט דעריבער וועלן וואָס מער לענגער זיך אויסמיידן צו טרעפן מיטן טאַטן. ער ווייסט אָבער נישט צי ער וועט דאָס קענען באַוויייזן.

און אין מיטן פון אָט דער גאַנצער פאַרווירעניש, איז אין אים אויפגעגאַנגען דאָס געשטאַלט פון שרהלען, ווי עס גייט אויף אין דער פינצטער דאָס שיין פון ליכט. זי איז אויפגעקומען אין אים און האָט אים אָנגעפילט מיט אַזאַ וואַרעמקייט, וואָס האָט זיך איבער זיין גאַנצן גוף צעגאָסן.

און צוזאַמען מיט דעם איז אַ באַגער אין אים אויפגעקומען תיכף ומיד מיט איר זיך צו זען. האָט זיך ביטער געראַנגלט מיטן דאָזיקן געפיל. זיך געראַנגלט צווישן דער באַדערפעניש פון צו זיין ביי שרהלען און ביי זיין קראַנקן טאַטן. ענדלעך האָט דאָס פאָטער־געפיל אין אים גובר געווען און ער האָט אין שטוב אַוועקגעאיילט.

אין שטוב האָט ער געטראָפן אַ גאַנצע איבערקערעניש. ווי ער וואָלט שוין דאָרט חדשים נישט געווען. זיין מורא צוליבן חרם, — איז געווען איבעריק. קיינער האָט אַצינד קיין קאָפּ נישט געהאַט צו עפעס אַנדערש. אויך נישט צו אים אַליין, זיי זענען אַלע געווען

פּאַרטאָן מיטן קראַנקן און האָבן אין זייער פּאַרנומענקייט אָפּגעוואָרט דעם לעצטן קלאַפּ פון גורל.

ביילטשע, אַ פּאַרווייַנטע, האָט זיך מיט די קינדער געפונען אין קיך. האָט נישט געוואָלט דער טרויער זאָל דערגיין צום קראַנקן. זי איז פון די קינדער נישט אָפּגעטראָטן, ווי אַ פויגל־מוטער טרעט בשעת הסכנה נישט אָפּ פון אירע יונגע. חנה׳לה נאָר, איז פון צייט צו צייט אַרייַנגעלאָפן צום טאַטן.

בערעלע איז מיט שרעק אַריין צום קראַנקן. שלמה איז געלעגן אין דער גרויסער, ליידיקער סאַליע, אַ פּאַרטראָגענער. זיינע אויגן זענען ווי געהאנגען אויפן גרויסן מעשענס לאָמפּ, וואָס אין מיטן פון דער סאַליע.

און בערעלע האָט נישט געקענט וויסן, צי זעט ער אים, צי נישט? און ער האָט שוין פון אים קיין קלאָר וואָרט נישט געקענט אַרויס־באַקומען.

ס׳איז געווען שפּעט אין דער נאַכט. בערעלע האָט ביי אים געוואָלט נעכטיקן. נאָר דווקא דאַן, איז ביילטשע אַריין אין צימער און האָט אים פון דאָרטן אַרויסגענומען. ס׳איז ביי אים נאָר געבליבן דער תהלים־ייד.

אויף צומאָרגנס האָט זיך בערעלע צוגעזעגנט. ס׳איז געווען ערב יום כפור. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ זעלטן שיינער. די שטאָט האָט שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ שיינעם ערב יום כפור און ס׳איז געווען ווי אַ קאָנטראַסט צום געמיט פון די איינוווינער פון דער איזאָלירטער שטאָט, בפרט צום פאַרצאָגטן געמיט פון שלמה׳ס הויז.

ביילטשע איז באַגינען אַוועק אויפן גוטן אָרט. זי האָט פונדעסט־וועגן נאָך געוואָלט אויספּרווון איר לעצט מיטל. בפרט אַז סיי ווי איז עס אַן ערב יום כפור־טאָג אין וועלכן זי גייט אויף קבר אָבות.

זי האָט זיך דאָס מאָל נישט צו לאַנג געזוימט. האָט אין הויז געלאָזט אַ חרובן מאַן. אפשר וועט ער זיך אויפכאַפּן פון זיין פאַר־טראָגנקייט און וועט איר באַדאַרפן. ביים רבונו של עולם איז אַלץ מעגלעך. און זאָגט מען דען נישט ווי לאַנג ביים קראַנקן קלאַפּט אַן אָדער, איז נאָך די האָפענונג נישט פאַרלוירן? האָט זי זיך צוגעזעגנט און איז אַ היים געלאָפן.

ווען זי איז אַ היים געקומען, האָט זי שלמהן געפונען נאָך אין אַן ערגערער לאַגע ווי פריער. חנה׳לע האָט איר אין קיך באַגעגנט

מיט אַ נייעם שלוכצענדיקן געיאָמער. שלמה איז שוין געלעגן ווי אַ נישט־דאָיקער. — מיט זיינע פאַרגלייזטע אויגן האָט ער ווי געקוקט אין איין פונקט און האָט שוין קוים געדעכעט.

בערעלע איז שוין פון אים נישט אָפּגעטראָטן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס קוקט ער אַזוי אויף אים. ער וויל עפּעס זאָגן. זיין לעצטן ווילן איבערגעבן. ער האָט זיך אָבער אויף דעם מאָמענט נישט געקענט דערוואַרטן.

און אַנשטאָט דער קראַנקער זאָל זיך אויפכאַפּן פון זיין פאַר־גליווערטקייט, איז ער גאָר אַריינגעפאַלן אין זיין לעצטן קלעם. — ער האָט אָנגעהויבן צו צאַנקען ווי אַן אויסגייענדיקע ליכט.

בערעלען האָט דאָס האַרץ פאַרקלעמט און איז אַרויס מיט אַ געשלוכץ. עס האָט פון אים ווי פון אַ פאַרשטאָפּטן קוואַל אַרויס־געפּלאַצט. זיין שלוכצען איז געווען אַזוי צאַנקענדיק. — ווי דעם גוסס צאַנקענדיקער אָטעם. און ער האָט דעם שלוכץ אין זיך נישט געקענט איינהאַלטן.

איז ער אַזוי אַ שלוכצענדיקער געשטאַנען לעבן גליווערדיקן גוף און דאָס געוויסן האָט אים געפּייניקט. ער האָט זיין פאָטער צו לייכט געגומען. — איז געווען פול מיט ווילדע, זינדיקע מחשבות. צוליב מער פרייהייט, איז ער אפילו געווען גרייט אויפן פאָטער מוותר צו זיין.

ער האָט נישט אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון אַ פאָטער, — ווי מען שאַצט נישט אָפּ יעדן ווערט וואָס מען באַזיצט... אַצינד אָבער, אין דער רגע ווען זיין פאָטערס לעבן לעשט זיך ווי אַן אויסגייענדיקע ליכט, זעט ער ווי ער וועט אים פעלן און ווי פאַריתומט ער וועט ווערן.

אַ פּאָר חברה־קדישה־לייט און חסידים זיינען אָנגעקומען. זיי האָבן זיך צוליב ערב יום כפור געוואָלט צואיילן. און דער גוסס האָט אין זייערע אויגן שוין אויסגעזען ווי אַ פאַרענדיקטער. — נאָר פונקט דאַן, האָט זיך שלמה אויפגעכאַפּט. ער האָט אויף אַ מאָמענט, ווי אויפגעלעבט.

ר׳ הירש־חיים האָט אים מיט אַ לעפעלע געגעבן צו טרינקען טיי און דער גוסס האָט ווי אַ קינד דעם טיי טראָפּנווייז געשלונגען. ביי בערעלען האָט אויפגעוואַכט די האָפענונג. און ס׳האָט ביי אים

אויסגעזען, ווי דער גוטה למות זאָל די שלאַכט פאַרן לעבן האָבן געוווּנען.

ס'איז בערעלעס ערשטע דערפאַרונג. ער האָט נאָך ביז היינט דעם שוידער פון אַ מענטשנס פאַרליימונג. נישט געזען און וועגן דעם נישט געטראַכט.

ער האָט אָבער ווי אַ טעלעפאָט געלייענט די חברה־לייטס געדאַנקען. און ער איז געווען זיי גרייט דורס צו זיין. וואָס איז דער געאייל? — צוליב כל נדרי? עס אינטערעסירט אים אַצינד נישט דער גאַנצער יום כפור. אין קאָן שטייט זיין פאָטערס לעבן.

שלמה'ס אויפצאַפּל, האָט מער ווי איינציקע מינוט נישט געדויערט. און ער איז צוריק אַריינגעפאַלן אין זיין פריערדיקן צושטאַנד, ביז ער האָט אַרויסגעלאָזט זיין לעצטן אָטעם.

**

אַ מוראדיקער געיאָמער איז תיכף אויסגעבראָכן ביי די פרויען, וואָס האָט זיך ווי אַ שטורעם אַריינגעריסן, דאָ וואו בערעלע איז געשטאַנען· דער געיאָמער האָט אים צעטרייסלט און צענומען און אים ווילד געמאַכט אין זיין טרויער. און ווען די חברה־לייט האָבן גענומען אַרויסטראָגן דעם מת, האָט ער זיי געפרוווט נישט לאָזן.

ס'איז געווען אין די לעצטע שעהן פאַר כל נדרי. די מורא צו לאָזן דעם בר־מינן איבער יום כפור און צו פאַרשפעטיקן דעם כל־נדרי, האָט דער חברה — אָנגעפילט מיט אימפעט. און וואָס מער אימפעט די מענטשן האָבן אַרויסגעוויזן אין זייערע הכנות צו דער קבורה, אַלץ מער האָט אין בערעלען אַלץ פּראָטעסטירט.

ער האָט אין זיך געטראַכט: אפשר פאַרט? — אפשר איז נאָך זיין פאָטער נישט געשטאָרבן און וועט זיך ווי פריער צוריק אויפכאַפּן· און אַלץ אין אים האָט זיך געבונטעוועט. זיך געבונטעוועט קעגן גאַנצן אייליקן ריטואַל. און נאָך מער, קעגן דער גאַנצער אָרדענונג פון לעבן און טויט...

און אַ גאַנצע איבערקערעניש איז אין אים אויפגעקומען. ניין, ער וועט נישט „מצדיק את הדין" זיין. ער קען דעם טויט נישט אָננעמען. ער וועט אַזאַ מענטש פאַרשעמונג נישט באַרעכטיקן. בשום אופן נישט.

און אַ געדאַנק איז אין אים גלייך אויפגעקומען: „וועסט דערמיט דיין משפחה נאָך מער מצער זיין· און אויב אין דיר איז נאָך דאָ אמונה, וועסטו דערמיט צו דיין פּאָטערס עלית נשמה נישט צו העלפן".

פּאַר כל נדרי איז פאָרגעקומען די לוויה. און תיכף נאָך דער לוויה, האָט שוין בערעלע אין אַ סך זאַכן געהאַט פאַרגעסן. אויך אין זיין פריערדיקן בונטעווען זיך. און אויך זיין פריערדיקער נישט־געצוימטער טרויער, איז אַצינד דורך אים אַליין געוואָרן קאָנטראָלירט.

די ווילדע סטיכיע אין אים האָט אויפגעהערט· און די זיך אַליין פאַרצערנדיקע ביטערניש, — האָט זיך מיט איר גאַנצער שווערקייט אָפּגעזעצט אויפן סאַמע דנאָ פון זיין לעבן...

***

די טעג פון טרויער זענען אַוועק. ביילטשע האָט זיך אַרומגעזען, אַז אויף אָנצוגיין ווייטער מיטן לעבן, מוז זי זיך נעמען אין די הענט אַריין און פאַרטרייבן פון איר הויז יעדן סימן פון טרויער·

דאָס לעבן שטייט נישט אויף קיין אָרט און זי מוז אַצינד זיין אַ פּאָטער און אַ מוטער צוזאַמען. צוויי אויפגאַבעס זעט זי אין איר לעבן: אויפהאָדעווען די קינדער און זיי פירן צו דער חופה. ביז דאַן, טאָר זי פון זיך אַליין נישט טראַכטן. עס זעט איר אויס, אַז דאָס איז אויך געווען דער שטומער פאַרלאַנג פון שלמה׳ן, ווען ער האָט אַזוי מיט בעטנדיקע אויגן אויף איר געקוקט.

דאָ, האָט איר אָנגעכאַפּט אַ קלעמעניש אין האַרצן און זי האָט זיך דערמאָנט אין חנהלען· אַ, ווי זי וואָלט וועלן איר דערפירן צו אַ תכלית. אַ שאָד וואָס פון חנהלעס זעאונג — איז גאָרנישט געוואָרן. ווי אַנדערש, וואָלט געווען זייערביידנס לאַגע.

נאָר גאָט איז איר עדות, אַז ס׳איז נישט געווען איר שולד. דאָס האָט אַזוי שלמה, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן, דעם בחור אויס־געבראַקירט· אַ צו קליינער למדן געווען. אַצינד וואָלט זי אַנדערש געהאַנדלט.

זי איז אַריין אין שלאָף־צימער, האָט איבערגעציילט דאָס געבליבענע געלד און אומבויטיקע זאַכן וואָס זענען נאָך אים געבליבן, און האָט זיך דערמיט געפרוווט שטאַרקן.

פון זיין לעבן־גאַנצער האָרעוואַניע איז טאַקע געוואָרן א תל. אין איין רגע א תל· און דאָס האָט דערפירט צו זיין פריצייטיקן טויט און איר אלמנה׳שאַפט. ס׳איז אָבער נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן.

אַ פּאָר טויזנטער מזומנים זענען געבליבן. און פון זיינע איבריקע זאַכן מיט די היפּאָטעקן און וועקסלען, וועט אויך עפּעס זיין. וועט מען פאַרגרעסערן די קראָם און אויך פאַר חנהלן עפּעס אָוועקלעגן.

זי האָט זיך מיט די דאָזיקע מחשבות געטרייסט און אַ פרישער שטראָם בלוט האָט פאַרגאָסן גאָר איר וועזן. און ווען זי האָט זיך דורך חנהלען אויך אין בערעלען, איר איינציקן קדיש, דערמאָנט, איז ווי אַמאָל אַ ליכטיקייט אין איר אויפגעגאַנגען, וואָס האָט געצונדן איר פאַנטאַזיע.

זי האָט אין איר באַדערפעניש זיך צו טיילן מיט די געדאַנקען, אַריינגערופן חנהלען. האָט אויך איר געוואָלט טרייסטן אין איר טרויער און געפאַלנקייט. און ווי מיט אַ געשעפטס־שותפטע, איר קלאָר געמאַכט די גאַנצע לאַגע.

ס׳איז אין זיי ביידע אַ נייער מוט אַריין. און ווי מיט פרישע כוחות באַנייט, האָבן זיי פאַרגרעסערט און פאַרשענערט דאָס געשעפט. און די אַמאָליקע הויז־פרויביילטשע, וואָס האָט מיט קיין פינגער אין איר הויז נישט געטאָן, האָט זיך אַצינד געוואָרפן מיט אימפעט צו העלפן חנהלען ווייטער אָנגיין מיטן פאַרגרעסערטן געשעפט.

## קאַפּיטל צוועלף

די פּוילישע האַרבסט־טעג זענען אַוועק. אויף זייער אָרט זענען געקומען שווערע ווינטער־טעג, וואָס האָבן אויסגעפרירט די אַזוי אויך אויסגעהונגערטע איינוווינער פון שטאָט. זיי האָבן אָבער געבראַכט גרעסערע בעכט, צוליב וועלכע די יונגע האָבן זיך געטולעט אין די וואַרעמע געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן.

איז אין שטאָטישן „בית עם" אָנגעגאַנגען אַ פאַרשטאַרקטע טעטי־קייט. דערפריידט מיט די אָנקומענדיקע ידיעות פון מזרח — צוזאַמען מיט דער פאַרקערטער ווירקונג — וואָס דער חרם האָט אויף זיי געמאַכט, האָט דאָס ביי זיי אַרויסגערופן אַ נייע אויפלעבונג און אַרבעטס־שווונג.

אויך בערעלע האָט אָפּטרייסלענדיק פון זיך דעם טרויער און דערפילנדיק זיך אַצינד מער פריי, — זיך אַריינגעוואָרפן אין דער

אַרבעט. ער האָט זיך שוין כמעט אַהער איבערגעטראָגן און האָט אַלץ מער זיך גענומען לויזער מאַכן דעם יאָך...

און ביילטשע מיט חנהלען האָבן צו לאַנג נישט אַרויסגעוויזן זייער טרויער. זיי האָבן אים באַלד אין די ערשטע טעג פאַרשטופּט טיפער אין זיך.

דערנאָך האָבן זיי אים אויך פון דאָרט געוואָלט פאַרטרייבן און כדי זיך איינגאַנצן צו צעשטרייען און פאַרגעסן, האָבן זיי זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אַנעם געטאָן צום געשעפט.

ביילטשע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וועט סיי ווי סיי דעם נעכטן נישט צוריק ברענגען. — און ס'איז פאַר איר און דער משפּחה בעסער דעם מאָרגן אַנטקעגן צוגיין. און זי האָט ווי פריער חנהלען, זיך גענומען איינשפּאַנען אינעם יאָך.

נאָר וואָס מער זיי האָבן אויף זיך גענומען דעם עול, אַלץ מער האָט זיך בערעלע געמאַכט פריי. און כאָטש ווי איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער אָרגאַניזאַציע, האָט ער דאָך אין זיינע פרייע מינוטן אין זיך דערפילט אַ פוסטקייט. דאַן, האָט ער זיך דערמאָנט אין שרהלען און האָט אַלץ מער נאָך איר גענומען בענקען.

ער ווייסט נישט וואָס דאָס איז. נאָר ווען שרהלע גייט אים אַזוי פאַרביי, ווען ער, בערעלע, קוקט אַרויס פון זיין מאַמעס קראָם, הייבט אין אים אָן דאָס האַרץ צו קלאַפּן און ער דערפילט אין זיך מיט אַמאָל אַ באַגער צו זיין אין איר נאָענטקייט.

ער פאַרשעמט זיך דאַן פאַר זיך אַליין און עס ווערט אים אַזוי מאָדנע פריקרע. ער קען זיך אָבער גאָרנישט העלפן.

* *
*

ס'איז געווען אַ שיינער ווינטער־אָוונט. וואָס קעלטער אין דרויסן איז געווען, אַלץ העלער האָט די לבנה געשיינט און האָט באַזילבערט דעם האָריזאָנט· שרהלע איז אַריין צו בערעלען אין קראָם און געבעטן אַ צייטונג.

און ווען בערעלע איז צו איר אַריין זי אָפּנעמען, האָט אים שוין איר פאָטער ר' מרדכי שוחט פאַרבעטן צום טיש און מיט אים אָנגעהויבן צו שמועסן. ער האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און איז שוין אַזוי ביי שרהלען געבליבן ביז שפּעט אין דערנאַכט.

ר׳ מרדכי איז געגאַנגען שלאָפֿן· נאָר שרהלע וואָס האָט זיך פֿריער בלויז צוגעהערט צום געשפּרעך, האָט נאָך איר טאַטנס אַוועקגיין, פֿאַרנומען זיין אָרט.

איר נאָענטקייט האָט אים געוואָרעמט. און דערפֿילנדיק וואָס אַ מאָל מער איר נאָענטקייט, איז אים געוואָרן אַזוי גוט, אַז הגם נאָך שעמעוודיק, האָט ער שוין פֿון צייט צו צייט זיינע אויגן אין איר אָנגעהאָנגען.

שרהלע האָט דערזען זיין אומבאַהאָלפֿנקייט און איז אים געקומען צו הילף.

— פֿאַרוואָס לאָזט איר אַראָפּ די אויגן ווען איר רעדט צו מיר, איר שעמט זיך?

— אַזאַ געוואוינהייט ביי מיר נאָך פֿון דער צייט ווען איך האָב געלערנט אין שטיבל. האָט זיך בערעלע פֿאַרענטפֿערט. עס שטייט געשריבן: אַז אַפֿילו מיט אַן אייגן ווייב טאָר מען צופֿיל נישט ריידן.

— און איר וועט אויך מיט אייער פֿרוי נישט וועלן צופֿיל ריידן?

— איך בין שוין נישט מער קיין שטיבל־בחור. איך האָב אייך נאָר דערציילט וואָס אין פּרק שטייט און פֿונוואַנען עס נעמט זיך צו מיר אַזאַ געוואוינהייט. נאָר ביז איך וועל נאָך חתונה האָבן, וועלן זיך אַסך זאַכן ענדערן.

שרה׳לע, דערמוטיקט פֿון זיינע רייד, האָט אַ וואַרעמען בליק אויף אים געוואָרפֿן, וואָס איז ווי אַ שטראַל אין אים אַריין און אים אינגאַנצן צעזוניקט. און ער האָט פֿאַרגעסנדיק זיך, שוין זיינע אויגן פֿון איר נישט אַראָפּגענומען.

— אָט אַזוי איז גוט. האָט זי אַ צופֿרידענע געזאָגט. ס׳איז גוט ווען איר קוקט אויף מיר. דערוואַקסענע מענטשן ווען זיי ריידן, דאַרפֿן קוקן איינער אויפֿן אַנדערן. און וואָס מיינט איר, אַז אַסך זאַכן וועלן זיך נאָך ענדערן?

גאָר פּשוט: דער דייטש וועט נישט אייביק בלייבן אין פּוילן. די מלחמה וועט זיך ענדיקן און די צייט וועט זיך נאָרמאַליזירן. און אויך איך וועל זיך מיט דער צייט ענדערן.

— מען זאָגט — האָט שרה׳לע ווידער אָנגעהויבן, אַז ערגעץ אין עסטרייך גרייט יוזעף פּילסודסקי צו זיין לעגיאָן, אויף צו באַפֿרייען פּוילן. וועט דאָס נישט ברענגען קיין פֿרישע מלחמה, ווי מיינט איר?

— יאָ, — מען שמועסט טאַקע אַזוי. נאָר אויב ס׳איז אמת, האָט ער דאָך מסתּמא די שטיצע פון די אַנדערע מלוכות. און דאָס אַליין וועט מוזן צואיילן דעם דייטשנס אַוועקגיין. סיי ווי זענען זיי מער נישט ווי אָקופּאַנטן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס, צוזאַמען מיט די מפּלות וואָס זיי האָבן שוין אָן כאַפּן, וועט צואיילן זייערע טריט. נאָר ווי אַזוי דאָס וועט זיך אָפּרופן אויפן יידישן לעבן, צי וועט עס פאַרבעסערן אונדזער מערכה צי נישט, איז אַ צווייטע זאַך.

די אינטערעסן פון די אַנדערע גייען נישט אָפט צוזאַמען מיט אונדזערע אינטערעסן. בפרט נישט מיט אונדזערע נאַציאָנאַלע בויען און באַדערפעניש.

— איר׳ מיינט צו זאָגן, ה. ערליך, אַז פּוילן וועט אויפשטיין תחית המתים און ווערן צוריק אַ מלוכה? און וואָס וועט זיין מיט רוסלאַנד, וועט זי דאָס דערלאָזן?

— קיין נביא בין איך אַפילו נישט. דערווייל, „עוד הכנעני יושב בארץ״, דער דייטש זיצט נאָך דאָ. נאָר עס זעט מיר אויס, אַז דער אויפקום פון פּילסודקיס לעגיאָנען, איז נישט קיין צופאַל. זיי זענען צוגעגרייט און האָבן די פולסטע שטיצע פון די קאָאַליציע־מלוכות.

און ווייטער איז אַלץ אָפּהענגיק דערפון, ווי עס וועלן זיך געשטאַלטן די באַדינגונגען אין דייטשלאַנד און אין רוסלאַנד. וואָס מער צעטרייסלט פון דער מלחמהביידע וועלן אַרויס, אַלץ זיכערער וועט זיין פּוילנס אויפקום.

— איך זע, אַז איר זייט גאָרנישט קיין בטלן. איר אָריענטירט זיך אויך אין די זאַכן. און עס איז אַ מחיה מיט אייך צו ריידן און פון אייך עפּעס צו לערנען. אַ שאָד נאָר, וואָס דער טאַטע שלאָפט שוין און קען זיך נישט באַטייליקן אינעם שמועס. האָט אים שרה׳לע קאָמ־פּלימענטירט.

— אַ דאַנק אייך פאַרן קאָמפּלימענט. ס׳איז נישט מיין פאַרדינסט נאָר אייערער. אַז מען האָט אַזאַ גוטע צוהערערין, געפינט מען שוין ס׳לשון און וועגן וואָס צו ריידן. האָט בערעלע אַראָפּלאָזנדיק אַ ביסל זיינע וויעס, זיך רעוואַנזשירט.

שרה׳לע האָט זיך פאַררויטלט, אַ בלוט־שטראָם האָט איר אַ שלאָ־געטאָן צום פּנים און זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן גוף. פון ערגעץ וואו

איז אין איר עפּעס אויפגעקומען, וואָס האָט איר אינגאַנצן באַהערשט. און זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אַרויסצוווייזן אירע געפילן.

פון שלאָף־צימער האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט איר מאַמעס רוף צו גיין שלאָפן און פאַרלעשן דעם לאָמפּ. און בערעלע איז מיט אומחשק, אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אַ היים געגאַנגען.

אַ פאַרחלומטער, ווי אין אַ טראַנס, און פול מיט זיך, — איז ער אַ היים געקומען. ער האָט זיך שטיל אין זיין קאַמער אַריינגעשאַרט, נישט וועלנדיק אויפוועקן די בני בית, בפרט דער מאַמען. ער האָט אויך נישט געוואָלט אַז ווער עס איז זאָל אַצינד קאַליע מאַכן דעם פריילינג פון זיין לעבן. —

***

שרה׳לעס פאָטער, מרדכי שוחט, אַן הויכער ייד מיט אַ לאַנגער געלער באָרד, איז נאָך געווען אין די מיטעלע יאָרן. אַ גערער מקורב — מיט צעוואָקסענע באָרד און פיאות, איז ער געווען פאַרעכנט פאַר פרום און אָפּגעהיט.

נאָר האָבנדיק אַ גרויסע משפחה מיט אַ קראַנק ווייב, האָט ער נישט אויף אַלץ אַזוי מקפּיד געווען. אַ למדן ווי ער איז געווען, האָט ער געפונען, ווען ער האָט געדאַרפט, גענוג אָנווייזונגען אין די זאַכן מקיל צו זיין. ער האָט דאַן אויף זיך אַליין געשטעלט. —

די חלפים זענען טאַקע ביי אים געווען אָן אַ פּגם. ער האָט זיי געשליפן און געשאַרפט און דעם מרא דאתרא געגעבן זיי בודק צו זיין. אַזוי אויך איז זיין עופות שעכטן געווען לויט אַלע „דיקדוקי הלכה״ (לויטן דין).

ווי נאָר אָבער ס׳איז געקומען צו „גסות״ (בהמות), האָט ער אַ סך פאַרזען. — ער איז מיט קיין סירחה צום רב נישט געגאַנגען. גענומען אויף זיך און שוין.

ער האָט ביי אַזאַ פאַל מיט קיינעם זיך נישט באַראַטן. ווי ס׳וואָלט בכלל קיין שאלה נישט געווען. פלעגן טאַקע די קצבים צו אים זיך רייסן. — פון אַלע שטאָטישע שוחטים וואָס עס זענען אין שטאָט געווען, האָבן זיי שוין אויף אים געוואָרט מיט זייערע בהמות.

און ווי פרום ער איז געווען, איז ער אויך קיין בטלן נישט געווען. ער האָט דעם שכר פאַרן שעכטן שטרענג אָפּגעהיט. האָט אַפילו

זיינע בעסטע פריינט קיין עוף אום יום טוב נישט געשאָכטן אָן אַ משכון.

און מען האָט אויך געשמועסט, אַז ווען מען וואָלט אים אום יום טוב אָוועקגעלעגט נישט קיין משכון, נאָר געלד, וואָלט עס אים אויך נישט געאַרט.

אַזוי אויך האָט ער זיך געפירט מיט זיינע טעכטער. ווענדיק שטאַרק זיי חתונה מאַכן, האָט ער נישט מדקדק געווען אין זייערע פאַרערער און האָט אויך אין זייערע אייגענע התנהגות צו פיל נישט אַריינגעקוקט. האָט אויך אין דעם מקיל געווען.

ער האָט אַפילו צו זיך אַריינגעלאָזט אַ ציוניסט, איינעם פון יענע וואָס איז געווען אין חרם. ער האָט אמת לכתחילה פון יענעם ווי פון אַ טמא זיך אָפּגערוקט, און איז גלייך אַוועק צו זיך אין צימער. האָט אים אָבער געלאָזן אין שטוב און אַליין מיט זיין טאָכטער.

און דאָס דווקא אין די שפּעטע נאַכט־שעהן. אמת, דער אין חרם אַריינגעלעגטער איז געווען אַ יחסן. פון די שענסטע און רייכסטע משפחות אין שטאָט. אָבער פאָרט אַזעלכער וואָס איז געווען אין חרם.

ס'איז אויך אמת, אַז רחל, די שוחטקע, פלעגט אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, ווען שרה'לע מיט איר גאַסט פלעגט זיך פאַרזיצן, פון איר בעט אַרויס שרייען, אַז זי שרה'לע, זאָל גיין שלאָפן. און ס'קען זיין, אַז דאָס האָט ר' מרדכי איר אַזוי געהייסן. פונדעסטוועגן, איז מער ווי צו דעם נישט געקומען. —

צו בערעלען האָט מרדכי שוחט געהאַט אַ באַזונדערע סימפּאַטיע. זיי זענען ראשיתביידע געווען פון איין שטיבל. און ער האָט שלמה'ן, בערעלעס פאָטער, נישט נאָר געקענט, נאָר מיט אים געווען גאָר היימיש. און שנית, קען דער בחור לערנען און ער האָט נאָך ביי אים נושא חן געווען פון זיין יוגנט אָן.

נאָר דער עיקר, ער זעט דאָך, וואָס איז ער בלינד? ער זעט ווי שרה'לע שיינט אויף ביי בערעלעס אַריינקומען. און זיי מיינען ביידע ערנסט. תכלית מיינען זיי... און צייט פאַר איר איז שוין אויך.

טאָ צו וואָס זאָל ער זיך דאָ מישן, צוליבן חרם? קען מען האַלטן אַ גאַנצע שטאָט אין חרם?

אַדרבה, ער וועט גאָר דעם חרם אויסנוצן פאַר דער אייגענער טובה. ער וועט זיך צוליב דעם, — צו זיי אינגאַנצן נישט מישן.

ווי ער וואָלט דאָ אײַנגאַנצן נישט געווען. נישקשה, מען קען אויך שרה׳לען זיך אַליין פאַרלאָזן. ער וועט זיך נישט מישן און אויך קיין געלד נישט געבן. און פּטור אַן עסק...

## קאַפּיטל דרייצן

ווי מרדכי איז געווען אַן איינרייסער און די קצבים האָבן זיך צו אים צום מערסטן געריסן, — איז דאָס נאָר געווען פאַרן אַריינקום פון די דייטשן. מיטן אַריינקום אָבער פון די דייטשן, האָט זיך די שפּע פון אים אָפּגעטאָן.

די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט אַלע בהמות. די גאַנצע פי. זיי האָבן עס גלייך ביים פויער צוגענומען. זעלטן וואו אַז אַ פויער האָט עפּעס אויסבאַהאַלטן.

און אַז די קצבים האָבן נישט געהאַט וואָס צו שעכטן, איז מרדכי געבליבן אָן פּרנסה. ווייל בלויז פון עופות, און דאָך אויך אַצינד נישט צופיל, האָט אַזאַ מטופל מיט קינדער ווי מרדכי, נישט געקענט אויסקומען.

האָט שרה׳לע דאָס געזען. זי האָט געזען ווי די שטוב ליידיקט זיך אויס פון אַלעם נויטיקן. און זי האָט צו דעם נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק. בפרט ווען זי האָט געזען ווי די אַנדערע אירע באַקאַנטע מיידלעך, שפּאַנען זיך איין אין עול. און זי האָט באַשלאָסן אויך אַזוי צו טאָן.

אַ חברטע האָט איר באַקאַנט מיט אַ דייטשן שאָפער. אַ שאָפער, מיט אַ מיליטערישן משא־אויטאָ. און שרה׳לע האָט מיט אים אָנגעהויבן אַ הער צו ברענגען מעל. שיינע ווייסע מעל אויף חלות.

אין אָנהייב האָט זי געבראַכט בלויז אייניקע זעקלעך. נאָר פון מאָל צו מאָל, איז דער אויטאָ געוואָרן געפּאַקטער, ביז ס׳איז אין אים שוין מער נישט אַריין.

מרדכי מיטן ווייב זיינען פון איר געווען צופרידן. מיט יעדער פרישער נסיעה, איז די שטוב געוואָרן פולער, וואַרעמער און ליכטיקער. נאָר אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן מורמלען, שטאַרק אונטער־מורמלען...

„ס׳טייטש״, האָבן יידן געטענהט: אַ שוחטס אַ טאָכטער זאָל אַליין אַרומפאָרן מיט אַ דייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרן? מרדכי האָט דאָס געהערט, נאָר האָט זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט. ווי די זאַך וואָלט אים נישט געווען נוגע.

„זאָלן זיי וואָרטשען, זאָלן זיי וואָרטשען; די נישט פאַרגינער. אַבי מיר זאָלן האָבן „לחם לאכול״ און „בגד ללבוש״ (ברויט און מלבושים). און ער האָט אויף זיין אופן געטראַכט פון דעם „אין בודקין במזונות״ (מען איז נישט צופיל מדקדק ווען מען איז הונגעריק)...

ביילטשע איז געוואָרן אומרוהיק. זי האָט אָנגעהויבן זען בערעלעס צו אָפטן אַריינגיין צום שוחט. און אויך צו איר זענען דערגאַנגען די רייד וועגן שרה׳לען.

זי איז טאַקע א געפאַלענע אַלמנה. נאָר איר מאַנס און משפחה׳ס כבוד וועט זי היטן. און אַז איר בערעלע וועט חלילה מיט איר, שרה׳לען אַריין אין גדולות, — וועט זי זיך ווי אַ מויער אַנטקעגן שטעלן.

דער דערפאָלג, האָט שרה׳לען נאָך שענער געמאַכט. אירע פינקל־דיקע אויגן זענען נאָך ליכטיקער געוואָרן. ווי דימענטן האָבן זיי אַצינד געשפריצט מיט ליכט.

די בלאָנדע האָר זיינען געוואָרן גאָלדיקער און דאָס פנים שמייכ־לענדיק, צעזוניקטער. די ברוסטן שטייפער און אַלץ אין איר האָט זיך אויסגערייפט און אויסגערונדיקט און איז געוואָרן רייצנדיק־אַרויסרופערישער. און אַפילו איר ווי טרייסלענדיקער גאַנג האָט אַצינד אויסגעזען באַחנטער.

איר פאַרנומענקייט און אָפטע אָפוועזנהייט, האָט בערעלען געמאַכט נאָך מער בענקנדיק. און ער האָט זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטן אויף איר אַהיים קומען.

שרהלע האָט געקריגן אַ שם פון אַ גוטער סוחרטע. די בעקער האָבן זיך נאָך איר מעל געריסן, ווי פריער די קצבים נאָך איר פאָטערס שחיטה. זי איז געווען פינקטלעך און ראַיעל אין איר האַנדל. מען האָט ביי איר געקויפט אויפן וואָרט און זי האָט די סחורה צו דער צייט צוגעשטעלט.

נאָר אין איינעם אַ טאָג, האָט זיך דאָס אַלץ אָפגעשטעלט. די דייטשן האָבן אַלץ מער באַגרענעצט דאָס עקאָנאָמישע לעבן. די מעל

איז פאַר דער דייטשער אַרמיי געוואָרן קאָנפיסקירט און דער דייטשער שאָפער איז געוואָרן אָפּגעשיקט אויפן פראָנט.

זי האָט אָבער דורך דער צייט גענוג אָפּגעשפּאָרט און מרדכים הויז איז אויף אַ צייט געקומען צו זיך. זי איז צוריק געבליבן אין דער היים און בערעלע האָט צו איר צוריק אָנגעהויבן אַריינגיין.

בערעלע האָט אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ער איז שוין זעלטן געגאַנגען אין לאָקאַל. קיין צייט נישט געהאַט. דער מאַמעס קראָם האָט זיך צעוואַקסן און ער האָט איר געדאַרפט אַרויסהעלפן.

ווי נאָר אָבער ער האָט נאָכן פאַרמאַכן די קראָם אָפּגעכאַפּט זיין אָוונט־ברויט, איז ער גלייך אַוועק צו שרה׳לען. און זיי האָבן שוין איינער אויפן אַנדערן געוואַרט.

ביילטשע איז וואָס אַמאָל מער אַריין אין איר ראָל. זי איז שוין מער נישט געווען די צעפּיעשטשעטע ביילטשע, וואָס האָט ווי אַ פלאַטערל אַרומגעפלאַטערט אין איר הויז. ווי אַ חלום זענען פון איר פאַרשווונדן יענע יאָרן, ווען שלמה האָט אַלץ באַזאָרגט.

זי איז אין די טעג פון איר אַלמנהשאַפט וואָס מער געוואָרן פאַר־האַרטעוועט און האָט אויף זיך גענומען די לאַסט פון פירן אַליין דאָס הויז. און ווי מאָדנע, האָט די שווערקייט פון דער דאָזיקער לאַסט אַצינד גאָר גרינגער געמאַכט איר געמיט.

אינעם דערפירן צו אַ תכלית אירע קינדער, — האָט זי געזען גאָר דעם זין פון איר לעבן. און דער דאָזיקער געראַנגל האָט איר געשטאַרקט און געמוטיקט אין איר פאַרעקשנטקייט. —

איר ערשטער ציל איז געווען חנהלע. זי איז די בכורה און זי גייט אײַן ווי זאַלץ אין וואַסער. דאָס מיידל האָרעוועט איר גאַנץ לעבן און זי וואָלט פון איר וועלן האָבן דעם ערשטן נחת.

די יאָרן גייען, זיי שטייען נישט אויף קיין אָרט. חנהלע ווערט עלטער און עס וועט שפּעטער פאַר איר שווערער זיין צו טאָן אַ שידוך. עס פאַרדריסט איר שוין, וואָס זי האָט פריער, ווען איר שלמה האָט געלעבט, צו אים וועגן דעם נישט צוגעשטאַנען.

שלמה איז דאַן געווען צופיל איבערקלויבעריש. האָט געוואָלט אַלץ אינאיינעם: תורה, עשירות און יחוס. און אַלץ אויפן האָר. און ס׳איז נישט קיין חידוש. וואָרעם האָט זיך ווער געקענט ריכטן אויף אַזאַ סוף? האָט וועמען געקענט איינפאַלן, אַז דער דייטשער טייוול

וועט אָנלויפן, וועט ביי אים אַלץ צונעמען און אַלץ וועט ווערן איבערגעדרייט ווי מען דרייט איבער אַ טאָפּ?...

און דאָ קריכט נאָך בערעלע אַריין אינמיטן. און קעגן וועמען? קעגן אַן עלטערער שוועסטער. און מיט אַזאַ וואָס האָט מחזקות מיט אַ דייטש. זי וועט דאָך פון איר האָבן חרפות און בושות, און ער וועט נאָך חנהלען אויך קאַליע מאַכן.

נישט אַנדערש, ווי אַ כישוף וואָלט זי אים אָפּגעטאָן אָט די מויד. האָט זיך מיט איר אָנגעהויבן ליובען און טרעט פון איר נישט אָפּ. און ער אַליין, דער שוחט; דער גאַנצער צדיק; מאַכט זיך „כלא ידע", ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט און געזען.

עס וועט אָבער אויסגיין צו איר קאָפּ. לאָמיר זיך פאָרשטעלן האָט זי געצויגן איר געדאַנק, אַז די מויד איז ייִנגער פון אים און אַלץ איז כשורה. נו, איז דאָס דען פאַר אים אַ תכלית?

ער וועט דאָך אים, דער ביטרער שוחט, קיין גראָשן נישט געבן. ער וועט זאָגן אַז ער האָט נישט. און ס'וועט אפילו נישט זיין קיין שמאַלץ וואָס זאָל שפּעטער אויסרינען. בערעלע איז טאַקע אַן איידל קינד און אַ קענער, ער האָט דאָך אָבער נישט קיין מלאכה. און קיין פאַך. וואָס זשע וועלן זיי טאָן נאָך דער חתונה?

נאָר וואָס רעדט זי? האָט זי ווי מען פאַרטרייבט אַ זלידנע פליג, פון זיך דאָס פריערדיקע פאַרטריבן. זי ביילטשע, שלמה'ס אַלמנה, וועט דערלאָזן צו אַזאַ זאַך?

זי וועט אַוועקגעבן איר בערעלען צו עפּעס אַ באַרעדטע? וואָסי, זי האָט שוין אויסגעגעבן אירע עלטערע מיידלעך און האַלט שוין ביי אים? ער איז דאָך נאָך יונג און חנהלע איז דאָך עלטער פאַר אים. לאָמיר פריער פאַרטיק ווערן מיט איר, און מיט אים וועלן מיר נאָך צייט האָבן זיך צו פאַרנעמען.

„נישקשה", זאָל נאָר די צייט ווערן נאָרמאַל. וועט זי נאָך מיט גאָטס הילף מיט אים טאָן אַ פיינעם און רייכן שידוך און נישט פאַרשעמען איר מאַן אין קבר. אַזאַ צנועה ווי שרהלע, נישט געוואַשן די הענט — דער הימל זאָל איר אָפּהיטן, וועט זי קיינמאָל נישט פאַרזוימען צו קריגן.

קיין צו פיל דערפאַרונג האָט ביילטשע נישט געהאַט. פונוואַנען האָט זי דאָס געזאָלט האָבן, אַז זי האָט זיך ביי איר מאַן אין גאָרנישט נישט געמישט און פון לעבן נישט געלערנט.

אַפילו אין שטוב זאַכן און אין דער קיך, האָט זי זיך ווייניק געמישט. און ווען איר מאַן האָט געלעבט, האָט זי זיך אין די אַלע ענינים פאַרלאָזט אויף איר דינסט, אויף זאָשען.

זי די עלטערע זאָשע, האָט זיך פאַרנומען מיטן הויז. האָט צו־געגרייט די שפּייז און עס דערלאַנגט צום טיש. און אויב ביילטשע האָט דאָ און דאָרט געכאַפּט אַ קוק, איז עס בלויז געווען פאַר לאַנגווייל און אָן אַ באַזונדערן אינטערעס.

נאָר אין דער קורצער צייט פון איר אַלמנהשאַפט האָט זי פונעם לעבן אַסך געלערנט. איז געווען גענוג פראַקטיש צו וויסן, ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף געשעענישן און דאָך אויסמיידן יעדן איבעריקן טומל.

האָט זי באַשלאָסן צו טאָן צוויי זאַכן מיט אַמאָל. אַרויסרופן משה־מענדלען ער זאָל צוריק עפּעס אויסזוכן פאַר חנהלען, און גלייכצייטיק נעמען איר בענאָק אין דער האַנט אַריין — און אויף אים ווירקן ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון דער מויד.

ווייל טאָמער חלילה געלינגט איר נישט פון אים אַרויסצוטרייבן דעם טשאַד, — קען ער נאָך מיט איר אויך שטעלן אַ תופה. און דאָס וואָלט שוין גאָר צוגעשמאָלצן אירע און חנהלעס מערכה און איר פאַרשוואַרצט דאָס פּנים. דאַרף מען זיך מיט חנהלען צואיילן.

זי האָט געוואוסט, אַז ביידע זאַכן וועלן איר נישט אָנקומען אַזוי גרינג. חנה׳לע האָט שוין געהאַט אַ דורכפאַל. — אמת, זי איז נאָך קיין כלה נישט געווען. ס׳איז נאָר געווען אַ זעאונג. און ס׳איז נישט געווען איר, ביילטשעס שולד, נאָר זיינע, שלמה׳ס, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן.

ער האָט זיך צוליב זיין מעמד, — דאַן געקענט דערלויבן צו וואַרטן. זי אָבער קען מער נישט וואַרטן. חנהלע איז שוין מער נישט יונג. און ווי עס איז נאָר געווען אַ זעאונג, איז זי פונדעסטוועגן ביי מענטשן אויף דער צונג. — און דאָס אַליין איז שוין אויך אַ פּגם...

## קאַפּיטל פערצן

משה־מענדל איז באַלד געקומען צו גיין. ער איז באַזונדער געווען צופרידן פון ביילטשעס רופן אים. ער האָט ערשטנס אונטער דער דייטשער ממשלה סיי ווי נישט געהאַט וואָס צו טאָן. אַ חרץ שמוקלען,

האָבן זיך אונטער די דייטשן אַלע ווינט־געשעפטן אָפּגעשטעלט. ער איז אַ בריה אויף אַלץ, נאָר נישט אויף שמוקלען.

ס'איז שוין נישט פאַר זיינע כוחות און יאָרן. און פון שלמה'ס טויט, דריקט אים נאָך אַלץ עפּעס אויפן האַרץ. כאָטש וואָס איז ער שולדיק? ער האָט אים דען נאַראַיעט אַ שלעכט געשעפט? ס'איז דאָך פאַרקערט, געווען אַ גאָלדן געשעפט. און ווען נישט די פאַרשאָלטענע דייטשן, וואָלט עס טאַקע געווען ווי ער האָט געזאָגט, אויף קינדער און קינדס־קינדער.

נאָר אַז דער רבונו של עולם האָט באַשערט אַ מלחמה און האָט דערפירט דערצו, אַז די דייטשן זאָלן זיין די בעלי הבתים פון פוילן און אַלץ צערויבן, איז ווער־זשע האָט אַ חוץ דעם „יודע כל המחשבות", דאָס געקענט וויסן? פונדעסטוועגן פילט ער, ווי ער וואָלט אין שלמה'ן געווען אַ שטיקל גורם, הגם „אנוס על פי הדבור", ווי דעם הימלס שליח...

ער איז ווי זיין שטייגער, אין איינער אַ נאַכט, מיט אַ ברייטן גוטן אָוונט צוביילטשען אַריינגעפּראַלט. ער האָט שוין ווי נישט אַמאָל געשאַטן מיט קיין רייד און זיינע פּאָלעס זיינען שוין אַצינד נישט געווען צעפלויגן. נישט געווען צו וואָס.

פאַרקערט, ער איז ווי אַן אָפּגעשמיסן חדר־ייִנגל וואָס איז שוין גרייט אַלץ צו פאַרנעמען פונעם רבין, געווען גרייט אַלץ פון ביילטשען צו הערן און פאַרנעמען.

— אַגוטן אָוונט אייך מרת ערליך! וואָזשע מאַכט איר און ווי גייט ס'געשעפט?

ביילטשען האָט גענומען שטיקן אין האַלדז. זי האָט שיעור נישט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין. מיט זיין דערשיינען האָט ער אין איר אָנגערירט אַ נאָך נישט קיין פאַרהיילטע וווּנד. זייט שלמה האָט דורך אים געקויפט ליפּיעצקיס טאַרטאַק און וואַלד, האָט זי אים נישט געזען. האָט ער אַצינד אין איר אַרויסגערופן שוין פאַרגעסענע טעג.

זי האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן, פאַרשטייענדיק אַז ס'איז אַצינד נישט קיין צייט אויף דעם. ס'לעבן איז האַרט, און מען וועט די לעבנס־שוועריקייטן מיט קיין טרערן נישט באַזייטיקן.

אויף אַרומצוגיין דאָס לעבן, דאַרף מען זיין האַרט ווי גראַניט און פּראַקטיש־שכלדיק. זי האָט אָנגעהויבן:

— אַ דאַנק גאָט, פאַר דעם, ר׳ משה־מענדל. קיין גליקן, ווער מען שוין ביי די דייטשן נישט מאַכן. וואָלט שלמה נאָר געלעבט, וואָלט עס שוין נישט אויסגעמאַכט. נאָר גאָרנישט, אַבי מען לעבט.

איך האָב אייך גערופן, מיר צו העלפן טאָן אַ שידוך מיט חנהלען. נאָך דעם וואָס איז אין הימל, נישט געוואַשן די הענט, — זייט איר דער איינציקער וואָס קען מיר העלפן. איר קענט דאָך מיין חנהלען, וואָס פאַר אַ טייער קינד דאָס איז.

זי איז צו ג׳ און צו לייט. ווען נישט זי, וואָלט שוין לאַנג אויף מיר געוואַקסן גראָז. זי איז אַ סוחרטע, אַ בעלת־הביתטע און אַלץ וואָס אַ פרוי דאַרף זיין. הלוואי קריג איך אַזאַ פאַר מיין בערעלען.

— יאָ, מרת ערליך, איך בין אייך גרייט צו העלפן. בין פאַר דעם גרייט, ווי פאַר אַן אייגן קינד. איין קלייניקייט, ר׳ שלמה עה״ש טאָכטער. נאָר איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז די זאַך איז נישט אַזוי גרינג. ס׳איז נישט די אַמאָליקע צייטן.

היינטיקע בחורים הייסן זיך אָפּגיילטן. — אַליאַדער גראָבער יונג, וואָס קען קוים אַ שייטל עברי, הייסט זיך דערלאַנגען דאָס טעלערל פון הימל. און דערצו די מאָדעס ר״ל. ס׳איז דאָך „חוקות הגויים״.

די כלה מוז אים זיין, פונקט אַזוי פיל און אַזוי פיל אין דער מאָס. נישט העכער און נישט נידריקער. און נישט צו דיק. און געבילדעט — מוז זי אים זיין און שיין ווי אסתר המלכה. און נאָך וואָס זיי ווילן. ס׳האָט דען אַ שיעור?

דאָס אַלץ האָבן די דייטשן ימח־שמם אָנגעמאַכט. זייער הפקרות האָט אויך יידישע קינדער אָנגעשטעקט. אַז השם זאָל שומר ומציל זיין. און כאָטש אייער חנהלע איז אַ טייער, כשר קינד, ווער, האָב איך מורא, טראָץ אַלע אירע מעלות, מיר שווער זיין פאַר איר עפּעס צו צופּאַסן. אַ חסידישער בחור ווער וועלן צופיל נדן און אַ פּראָסטן בעל מלאכה קען מען איר אויך נישט געבן. פונדעסטוועגן וועל איך טאָן וואָס איך וועל קענען.

ביי ביילטשען האָט זיך ס׳פּנים געביטן. אויף איר ריין געסקלאָ־רעטן הויט, האָט זיך אַ פינצטערע גרימאַסע באַוויזן. דאָס פון וואָס זי האָט נישט געוואָגט צו טראַכטן, האָט איר משה־מענדל אַרויסגעלייגט ווי אויפן טעלער. און ס׳איז גענוג דאָס וואָס ער זאָגט. כאָטש ער האָט נאָך נישט אַלץ דערזאָגט. ער וויל איר אַזוי פיל נישט ווייטאָן.

און זי ווייסט, אַז חנהלעס אַמאָליקע זעאונג — און בערעלעס

קריכן צו דער מויד, וועט אויך איר לאַגע נישט פאַרגרינגערן. איז וואָס קען זי טאָן? נאָר דאָס וואָס עס לאָזט זיך. און שטאַרקער פון אייזן איז זי אויך נישט. האָט זי זיך געשטאַרקט און געזאָגט:

— ר׳ משה־מענדל, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך האָב אויף זיך גענומען צו טאָן אַלץ אין דער וועלט אַבי חתונה צו מאַכן מיינע קינדער. פאַר דעם לעב איך. און קיין אַנדערער וואָס זאָל פאַר זיי זאָרגן, אַ חוץ דעם אַבי יתומים, האָב איך נישט. זיי זענען דאָך יתומים, עלענדע יתומים. בעט איך אייך צו טאָן וואָס נאָר איר קענט. איך פאַרלאָז זיך אויף אייך ווי אויף אַן אייגענעם. און זייט איר גאָטס שליח.

— איך וועל טאָן וואָס איך וועל קענען. און זייט מיר מוחל פאַר שווער מאַכן אייך דאָס האַרץ, מרת ערליך. איך האָב עס געמוזט טאָן. איך האָב געוואָלט אייך קלאָר מאַכן די לאַגע. ווי עס שטייט: „פאַר אַ בלינדן זאָלסטו נישט געבן קיין שטרויכלונג". און אין זאַכן אין וועלכע מען איז נישט גענוג קלאָר, איז אויך אַ זעענדיקער בלינד.

***

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג, ווי פון דער נאָענטסטער שטאָט האָט זיך אין ביילטשעס הויז באַוויזן אַן עלטערער ייד צוזאַמען מיט אַ אינגערן. דער עלטערער, אַ ייד אין די זעכציקער, מיט אַן הדרת פנים, בייכל און ברייטער ווייסער באָרד, האָט אויסגעזען ווי אַ ייד, אַ תלמיד־חכם, ער איז עס אָבער נישט געווען.

ער איז נאָר געווען אַ פרומער בעל־הביתדיקער ייד, אַ קליינער שטעקל פאַבריקאַנט. ער איז געווען אַ פּלג גוף אַן אַלמן. צי דער אויסוואַל פון אַ מחותן אַן אַלמן, איז געווען צופעליק, צי פון משה־מענדלען אויסגערעכנט, האָט מען נישט געוואוסט.

דער חתן, שוין אין די יאָרן, איז געווען העכער ווי דער טאַטע. ער האָט קיין באָרד נישט געטראָגן און אויך ווי דער טאַטע קיין בייכל נישט געהאַט און אויך ווי ער, קיין למדן און קיין חסיד נישט געווען. ער איז געווען אַן אויסגעצויגענער — און אויסגעסטראָיעטער לויט דער לעצטער מאָדע.

האָט זיך פאַרנומען מיטן טאַטעס שטעקלעך און ווייטער האָט ער נישט געוואוסט און ס׳איז אים נישט אָנגעגאַנגען. נאָר אין זיין

שטאָט און אין אָרום איז זיין משפחה, די פריידקינס, געווען פאַר־רעכנט פאַר איינע פון די פיינע משפחות.

דעם טאָג, האָט ביילטשעס הויז אויפגעלעבט. מען האָט זיך געפּאָרעט אָרום הויז און אַרום חנה'לען. מען האָט געשאַיערט, גערייניקט און געפּוצט, ווי ערב פּסח צום סדר.

ביילטשע און אַלע איבריקע, זענען געווען פול מיט האָפענונגען. באַזונדער אָבער זענען געווען פול מיט דערוואַרטונג, די מאַמע מיט דער כלה. זייערע ביידנס הערצער האָבן געקלאַפּט ווי אין איינס.

חתן־כלה האָבן זיך ס'ערשטע מאָל געזען און זיי זענען איינער פון אַנדערן נישט געווען באַגייסטערט. יעדער צד האָט זיך געהאַט זיינע באַוואָרענישן.

חנהלע איז טאַקע אַ טאַטנס אַ קינד — מיט אַ סך מעלות. זי קען זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע, סוחרטע און אויך אַ גוטע פרוי פאַר איר מאַן. זי איז אָבער אַ בידריקע, אַ פולע און אָן שום רייץ און חן.

ער ווידער, דער יונגער פריידקין, וואָלט מיט זיין שלאַנקער פיגור, גרויסע שוואַרצע אויגן און שוואַרצער טשופּרינע, געקענט אַ מיידל פאַרכאַפּן. און ווען נאָך אַזוי פראַנטיש געקליידט.

ער איז אָבער אין ריידן געווען קאַרג, עפּעס צו קאַרג. ווי אַ וואָרט וואָלט פאַר אים געווען אַ רענדל. — און גערעדט פאַר אים ווי פאַר אַ קליין יינגל, האָט דער אַלטער פריידקין.

און כאָטש דאָס דאָזיקע, איז באַלד געווען פאַרדעכטיקט, האָט מען פונדעסטוועגן געמיינט, אַז ס'איז אַזאַ שעמעוודיקייט וואָס וועט מיט דער צייט פאַרשווינדן.

נאָר אַז אויך צום ווייטערדיקן זעען זיך, ס'אַמע פאַר די תנאים, האָט ער זיך נאָך אַלץ געהיט מיט אַ וואָרט, האָט זיך שוין חנהלע נישט געלאָזט. זי האָט געוואָלט איידער וואָס ווען, — וויסן די סיבה פון זיין שווייגן.

זי האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח און אים געצוואונגען צו ריידן. ביי פישלען איז פאָרגעקומען אַ גאַנצער גראַנגל. „ווי לאַנג קען מען זיך עס מאַסקירן און זיך היטן מיט אַ וואָרט? ער וועט זיך סיי ווי סיי מוזן אַנטפּלעקן און דאַן וועט עס פאַר אים זיין נאָך ערגער.

„און ווידער פאַר די תנאים זיך אַרויסשטעלן מיטן מום, איינ־

גאַנצן פאַנאַדערבינדן די צונג, איז ער דאָך פאַרלוירן. זי וועט הערן זיין שטאַמלען און חרטה האָבן אויפן גאַנצן עסק.

„נאָר פאַר וועמען ווידער דאַרף ער זיך אויסבאַהאַלטן? פאַר חנהלען? זי איז טאַקע, ווי ער זעט, אָן אַ מום און האָט אירע מעלות. נאָר וואָס קומט אים דערפון אַלץ אַרויס, אַז זי נעמט אים אינגאַנצן נישט. קיין זאַך אין איר רייצט אים נישט און רופט זיינע געפילן צו איר נישט אַרויס. האָט ער דעריבער נישט וואָס מורא צו האָבן און מעג פרווון".

ער האָט אָנגעהויבן פרייער צו ריידן און פרייער צו שטאַמלען. דער טאַטע האָט אויף אים אַ בייזן קוק געטאָן און חנהלע האָט אַ פאַרשעמטע איר בליק פון אים צוגענומען. זי איז געוואָרן איבעראַשט און צעטומלט. באַלד אָבער האָט זי צוריק איר בליק אין אים אָנ־געהאָנגען און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד.

ביילטשע האָט איר אַריינגערופן אין אַ באַזונדער צימער. איר געגעבן צו פאַרשטיין די לאַגע. קיין גרויסער נדן איז פאַר איר נישט אָנגעגרייט. די בחורים שטייען היינט אין גרויסן. ס'איז מלחמה אויף דער וועלט. טאַקע אַ דאַנק דעם וואָס ער פאַרהאַקט זיך אַביסל, איז ער געבליבן אין דער היים. און מיט בלויזן יחוס קען מען קיין שידוך נישט טאָן און אויך נישט לעבן.

זי צווינגט איר חלילה נישט, גאָט באַהיט! זי איז אַ יתומה און קען איבער זיך אַליין באַשליסן. זי וויל נאָר זי זאָל וויסן ווי עס זעט אויס די לאַגע. און דאָס איבעריקע געהערט צו איר אַליין. ס'איז אָבער אַ דעליקאַטע לאַגע. דער חתן און די געסט וואַרטן אויף די תנאים. און אפשר איז עס אַזוי באַשערט? ווער ווייסט?

חנה'לע האָט אַלץ פאַרשטאַנען. זי האָט זיך געקענט און האָט פאַר זיך קיין אַנדער אויסוועג נישט געזען. זי האָט אויך געטראַכט, אפשר קומט איר עס דאָס, ווייל מען האָט יענעם פאַרשעמט, כאָטש ס'איז נאָך דאַן קיין וואָרט נישט געווען.

מען האָט געשריבן תנאים און מען האָט באַשטימט די צייט פון דער חתונה. ביילטשע מיט פריידקין, זיינען ביידע געווען צופרידן. ביי ביידע קינדער איז עס שוין נישט געווען דער ערשטער שידוך. פישל און חנה'לע, זענען ביידע געווען פאַר זייערע עלטערן ווי אַ לאַסט, פון וועלכע מען וויל זיך גרינגער מאַכן.

יעדער האָט זיך געהאַט זייַנע אויסרעכענונגען וואָס זענען ערגעץ וואו זיך צונויפגעקומען. — וואָס האָט זיי פּאַראייניקט.

פישל האָט חנהלען געשריבן וואַרעמע און ליבלעכע בריוו. ער האָט געשריבן פריי, סענטימענטאַל און באַריידעוודיק. די בריוו האָבן אין איר אַרויסגערופן מוט און האָפענונג. זי האָט פאַרגעסן אין זיין פעלער, ווי ער וואָלט פאַר איר נישט עקזיסטירט. און אין דעם, געפעלט ער איר דאָך אַוודאי.

נאָר מיט אַמאָל האָט דאָס אַלץ אויפגעהערט. צווערשט האָט זי געקלערט אַז אפשר איז איר ענטפער צו אים נישט דערגאַנגען. ס'איז דאָך נאָך מלחמה און עס קען זיך אַלץ טרעפן. ס'האָט אָבער לאַנג נישט גענומען, ווי זי האָט צוריק געקראָגן די תנאים.

זי איז געוואָרן אינגאַנצן צעטשמעליעט. ווי מען וואָלט איר געגעבן מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ. דער בלוט צופלוס צו איר מוח האָט זיך אָפּגעשטעלט און זי האָט נישט געקענט צונויפנעמען אירע געדאַנקען.

ביילטשע האָט דאָס דערזען און האָט געאיילט צו איר הילף.

„וואָס נעמסטו זיך אַזוי איבער, חנה'לע? האָסט אָנגעוווירן אַ יענקאַטש? וועט מיר באַשערט זיין נישט צו האָבן קיין יענקאַטש פאַר אַן איידעם.

מסתם דאַרף אַזוי צו זיין. אפשר וויל דיין טאַטע אין קבר אים נישט. און ער וועט זיין חנהלען נישט טאָן קיין שלעכטס. די מלחמה דערנענטערט זיך צו איר סוף. די יונגעלייט וועלן צוריק קומען אַ היים, מיר וועלן אויפגעריכט ווערן און דו וועסט נעמען אַ מאַן נישט קיין פראָסטאַק און נישט קיין שטאַמלער. אַ מאַן, אַזוי ווי עס קומט דיר. ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך".

חנהלע האָט זיך געלאָזט טרייסטן. און זי האָט דער קראַנקער מאַמען נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין עגמת נפש. „און אין דער אמתן", האָט זי צוריק געטראַכט, אַ בעל מום צו נעמען וועט זי דאָך קיינמאָל נישט פאַרשפעטיקן.

און אַז ער איז איר אויפן ערשטן קוק געפעלן געוואָרן, ווייסט מען דען וואָס עס קען ווייטער געשען? מען האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן. איז גלייכער פריער איידער שפעטער".

די טעג זיינען געלאָפן. חנהלע האָט זיך אַצינד נאָך מער אַריינ־געוואָרפן אין דער אַרבעט פאַר דער קראָם. וואָס מער זי איז מיט איר אַרבעט געווען פאַרנומען, אַלץ בעסער האָט זי זיך געפילט. און וואָס צו טאָן האָט אויך נישט געפעלט.

אויך ביילטשע האָט זיך געוואָלט פאַרגעסן. זי האָט אָבער נישט געקענט. חנהלעס גורל האָט איר נישט צורו געלאָזט. איז זי געוואָרן נערווייאישער פון טאָג צו טאָג. זי האָט אין די נעכט נישט געקענט שלאָפן.

זי האָט טאַקע פאַר מענטשן אַלץ אויסבאַהאַלטן. געקנייפּט די באַקן און געשטעלט די פאַרב. אינעווייניק אין איר אָבער, האָט עפּעס געטאָטשעט. ווי אַ וואָרעם געטאָטשעט. און דאָס טאָטשענדיקע אין איר האָט געזוכט אַ וועג אויף אַרויסצוגיין. —

האָט זי איר גאַנצע פאַרביטערונג אויסגעלאָזט צו שׂרה'לען. זי האָט אין איר אייגנריידעניש, אַלע סיבות — אין איר געזען. ווען נישט זי, האָט זי געטראַכט, וואָלט דער שטומער פראַנט די תנאים נישט צוריק געשיקט. ער האָט ווייזט אויס, דער אַלטער פריידקין, פריער פון דעם נישט געוואוסט.

ערשט נאָך די תנאים, האָט מען אים ווייזט אויס אַלץ דער־טראָגן. עס פעלן דען בייזע צינגער? „פאַרשטומט זאָלן זיי ווערן". נו שטייט אים נישט אָן דעם אַרויפגעאַרבעטן פּראָסטאַק דער שידוך. ער האָט מורא, טאָמער וועט זיין פישל האָבן די באַרעדטע פאַר אַ שווער.

און ווי זי האָט דאָס נאָר אין קאָפּ אַריינגענומען, אַזוי האָט זי שוין אַלץ מער אין דעם געגומען גלויבן. ווי זי גלויבט אין ג' און אין זיין תורה. און די פאַרביסנקייט און עקשנות לגבי שׂרהלען, האָט זיך אין איר ווידער געשטאַרקט. און זי האָט אויפסנייי באַשלאָסן, בשום אופן נישט צו דערלאָזן צו בערעלעס מחזקות מיט דער מויד. אַ נישט וועט זי נאָך האָבן גרעסערע חרפּות.

בערעלע האָט דערפילט די געענדערטע לאַגע. די מאַמע האָט אויף אים געגומען קוקן אָן אָנגעכמורעטע, ווי ברוגז מיט דער גאַנצער וועלט. עס האָט זיך ווי אומגעקערט די טעג נאָכן פאָטער'ס טויט. האָט ער זיך באַמיט וואָס ווייניקער אַריינצוגיין מיט איר אין טענות.

ביילטשע אָבער האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזט. און באַלד נאָר ווי די איבעריקע קינדער זענען זיך צעגאַנגען, איז זי קעגן אים אַרויס מיט לשון. ווי אַ קוואַל וואָלט זיך אין איר געעפֿנט.

— בערעלע, איך זאָג דיר, דו זאָלסט מיט איר איבערייסן. שלאָגן מיט איר כּפּרות און שוין. איך קען צוליב דיר גאַנצע נעכט נישט שלאָפֿן. צוליב דיר, האָט מען צוריקגעשיקט חנהלעס תנאים. מאַכסט פֿון מיר אַ תּל. אַ תּל־עולם מאַכסטו פֿון מיר.

— מאַמע, וואָס רעדסטו? פֿאַרוואָס האָט מען עפּעס צוליב שרהלען צוריק געשיקט די תּנאים, שרהלעס טאַטע איז אַזאַ שיינער ייִד ווי דער שטעקל־מאַכער און אַזאַ למדן ווי ער, אַוודאי. און וואָס ווילסטו פֿון איר האָבן, זי איז אַ גאַנץ ווויל מיידל.

— אַ ווויל מיידל זאָגסטו? זי איז אָבער אַ... די מכשפֿה. די חצופֿה האָט דיר פֿאַרכּישופֿט. דעם קאָפּ פֿאַרדרייט האָט זי דיר. און איך זאָג דיר, אַז פֿון דעם קאָרן וועט קיין ברויט נישט זיין. — און נאָר איבער מיין טויטן קערפּער וועסטו מיט איר חתונה האָבן.

— מאַמע איך פֿאַרווער דיר אַזוי צו ריידן. באַליידיקסט איר און אויך מיר. און ס'איז אַן עבֿירה אַזוי צו האַנדלען. ווייסט דאָך פֿון פּסוק, אַז „החושד בכשרים"... און איך זאָג דיר, אַז זי איז אַ כּשרע ייִדישע טאָכטער.

— אַזוי, מיין זון, האָט ביילטשע אַרויסגעצאָרנט. אַ כּשרע ייִדישע טאָכטער? אַן אָרנטלעך מיידל פֿאָרט נישט אַליין אַרום מיט קיין דייטשן. נישקשה, די וועלט שלאָפֿט נישט. מען ווייסט אַלץ. אַ מאַן, איז ווי אַן האַנטוך, ער ווישט זיך אָפּ און שוין... אַ פֿרוי אָבער? — ביי אַ פֿרוי בלייבט דער פֿלעק אויף איר גאַנצן לעבן.

און זאָג מיר בערעלע. וואָס אַזוינס האָסטו אין איר דערזען?! אַזאַ קראַסאַוויצע ווי זי וועסטו נאָך קריגן. און אַזאַ נדן אַוודאי. וועסט ביים כּיטרן שוחט קיין גראָשן נישט אַרויסבאַקומען. און וואָס ביזטו, אַ סוחר, אַ בעל מלאָכה? עס וועלן אַוועקגיין די ערשטע טעג, דער טשאַד וועט אַריבער און דו וועסט בלייבן אויפֿן פֿלייש־באַנק.

דיין טאַטע לעבט נישט. און אויף וועמען וועסטו זיך דאַן אָנשפּאַרן, אויף דער צעבראָכענער מאַמען, וואָס קען זיך אַליין קיין עצה נישט געבן? חנהלע איז עלטער פֿון דיר, זי איז די בכורה און צו דעם אַ מיידל. און סיי ווי מאַכט מען פֿריער נישט חתונה קיין יונגערן ברודער פֿאַר אַן עלטער מיידל.

און וואָס ווידער האָסטו זיך צו איילן? מיר וועלן זיך אַרומקוקן און געפינען פאַר דיר אַ פּאַסיקן שידוך. אַ שידוך, צו גאָט און צו לייט. און וועסט זיך נאָך דער חתונה נישט דאַרפן אַזוי מאַטערן ווי ביים שוחט׳ס טאָכטער. און אַז דו וועסט מיר פאָלגן, וועל איך אויך צולייגן אַ האַנט. —

— מאַמע, איז בערעלע אַרויס מיט זיין שטאַרקסטן אַרגומענט. איך וועל קיין אַנדערע נישט נעמען. איך האָב איר ליב און שוין. און אויב דו ווילסט מיר האָבן פאַר אַ זון, בעט איך דיר מיר נישט צו שטערן. און האָב נישט קיין מורא פאַרן נדן. גאָר מיט שהיה פּהיה, וועל איך זיך אויך נישט לאָזן אָפּנאַרן.

***

ביילטשע האָט דערזען אַז זי וועט מיט אים גאָרנישט מאַכן. זי איז דאָך אַ מאַמע. און וויפל קינדער האָט זי דאָס אינגאַנצן? און אַ רחמנות איז אין איר אויפגעגאַנגען פאַר אים. זי האָט אַצינד דער־זען, ווי שלעכט ער זעט אויס.

ס׳איז אַ רחמנות אויפן קינד. זינט ער האָט אָנגעהויבן צו איר אַריינגיין, איז ער אויס מענטש געוואָרן. איז געוואָרן אויסגעסאָכניעט און די אויגן זיינען אים אַריין טיף אין קאָפּ.

ווייזט אויס אַז די ליובע איז אים אַריין גוט אין די ביינער. און ווי זאָגט שלמה: „שטאַרקער ווי דער טויט איז די ליבע". די שדיכע האָט אים גוט אַריינגענומען אין די הענט. און ער קען זיך פון איר נישט באַפרייען.

מען מוז גיין מיט אים געלאַסן, אים נישט דערצערענען. סיי ווי מ׳וז מען מיט חנהלען צוואַרטן, איר לעצטער דורכפאַל זאָל אַביסל פאַר־געסן ווערן. וועט מען דערווייל איבערדרייען דעם פעלץ און אָנהייבן מיט אים. אפשר וועט פאָרט געלונגען דורך אַ גערעדטן שידוך אים פון איר אָפּציען. עס מוז אָבער זיין אַזוינס, וואָס זאָל אים נעמען. און אַז עס וועט געלונגען, וועט עס אויך זיין אַ סגולה פאַר חנהלען.

זי האָט זיך אַרומגעזען, אַז אין דער אייגענער שטאָט וועט די זאַך נישט גיין. מען האָט אים שוין אַזויפיל געגומען אויפן אויג. אַז די גע־שעפטן גייען נישט און מען האָט נישט וואָס צו טאָן, פאַרנעמט מען זיך מיט יענעם. מען האַלט אין איין באַרעדן איינער דעם צווייטן. וועט מען דאַרפן עפּעס צוקלויבן פון אַ צווייטער שטאָט.

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז אין אַ דערבייאיקער שטאָט האָט זי אַ גוטע פריינדין, אַ חברטע נאָך פון די יונגע יאָרן, וועמען זי וועט פאַר צען קרובים נישט פאַרבייטן. וועט זי צו איר שרייבן, אַזוינס און אַזוינס... און יענע וועט שוין פאַר איר עפּעס געפינען. עס דאַרף נאָר זיין שאַ, שטיל. —

זי האָט אויף צו מאָרגנס ראָכטשען אָנגעשריבן אַן האַרצרייסנ־דיקן בריוו. האָט אין דעם בריוו פאַר איר אויסגעגאָסן גאָר דאָס האַרץ. איר באַשריבן אַלץ וואָס איז ביז היינט מיט איר געשען און די ליידן און די פּיין וואָס זי שטייט אַצינד אויס, צוליב עפּעס אַ וויס־טער אָנשיקעניש, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף איר בערעלען.

און בכן בעט זי ביי איר, זי זאָל זיך אויף איר מרחם זיין און אויסזוכן פאַר איר בערעלען עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אי פאַר אים זיין אַ תכלית און אי עס זאָל אים אַנעם טאָן, — אַזוי, אַז ער זאָל פון יענער שלאַק זיך אָפּטשעפּן.

און צום בעסטן וואָלט געווען, האָט זי צוגעגעבן, אַז מען זאָל אים פונדאַנען גאָר אַוועקנעמען. אַ שטייגער מען זאָל אים תיכף נאָך דער חתונה גאָר אַריבערנעמען מעבר לים. און וואָס גיכער מען וואָלט דאָס אַדורכגעפירט, אַלץ בעסער פאַר דער זאַך וואָלט עס געווען.

און צום סאַמע סוף האָט זי צוגעגעבן: „איך ווייס, אַז דו וועסט ביי מיר גאָרנישט וועלן נעמען. וואָרעם איז דען נאָך פאַראַן אַזאַ גוטער פריינט ווי דו? נאָר זאָל דיר נישט פאַרדריסן פאַר מיינע רייד, פונעם צוויטן צד מעגסטו און דאַרפסט בפירוש נעמען.

זי האָט דעם בריוו אָפּגעשיקט, און ווי אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרץ. ווי זי וואָלט אָפּגעטאָן די גרעסטע זאַך אין איר לעבן. און ווי תמיד, איז זי צוריק געוואָרן פול מיט האָפענונג און דערוואַר־טונגען. איז פון דעם מאָמענט געוואָרן פול מיט שפּאַנונג און האָט געציילט די טעג און שעהן פון אָפּשיקן דעם בריוו.

לאַנג וואַרטן האָט זי נישט געדאַרפט. אַ יינגל איז דאַן געווען אַ יחסן. און מחוץ זיין שטאָט האָט בערעלע געהאַט אַ גוטן שם. און זיין יחוס איז אויך נישט געווען אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. האָט איר ראָכטשע באַלד געענטפערט, איר געגעבן צו וויסן ווער און וואָס... און גלייך אַ טערמין אויף אַ זעאונג.

ביילטשע האָט שוין נישט גערוט. זי האָט זיך דאָס מאָל גוט צוגע־גרייט. האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן פּלאַן. האָט אין דעם אַריינגעצויגן

איר משפחה און אויך בערעלעס פריינט. און פון אַלע זייטן האָט מען בעריעלען געגומען באַארבעטן.

מען האָט אים פאַרגעשטעלט דעם שידוך ווי דאָס גרעסטע גליק. „אַזאַ גליק קען געשען איינמאָל אין אַ לעבן און נישט יעדער איז צו דעם זוכה. ער וועט האָבן אַ כלה מיט אַ מחותן. — אַ מחותן, אַ גאַנצע אָסאָבע. אַ רב צו ג׳ און צו לייט, וואָס פאָרט תיכף נאָך די תנאים אָפּ אינעם גאָלדענעם לאַנד.

מען נעמט אים אַריבער קיין אַמעריקע פאַר אַ רב. און ווי נאָר ער וועט אַהין קומען, תיכף נאָך די קינדערס חתונה, נעמט ער אים, בער־רעלען, גלייך אַריבער צו זיך. ער וועט אים שוין דאָרט איינאָרדענען. און מחוץ זה„ קריגט ער באַלד נאָך די תנאים, דאָ אויפן אָרט, אַ שפאָרן נדן. אַ נדן, אין אַמעריקאַנער דאָלאַרן. בערעלע האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט און ווי אַ שרעק וואָלט אים באַפאַלן. אַ שרעק פון איינעם וואָס האָט שוין זיין וועג, נאָר עס וויל אים ווער מיט געוואַלט פון אים אָוועקנעמען, אָוועקרייסן און אין אַ תהום פון אומזיכערקייט אים אַריינוואַרפן.

„וואָס ווילן זיי פון אים האָבן״? ער איז נישט פאַראינטערעסירט אין קיין מאַטעריעלע גליקן און וויל פונדאַנען נישט אָוועקפאָרן. קיין אַמעריקע אַוודאי נישט.

וואָס ער וויל, איז נאָר, האַרמאָניע און שטילקייט אינעם לעבן. — לעבנס־שלווה, וואָס זאָל אים געבן כוח און מוט אַדורכצוציען די שטור־רעמס פונעם לעבן. און דאָס קען ער נאָר געפינען ביי שרהלען.

ער האָט זיי פאַרטריבן פון זיך, ווי מען פאַרטרייבט בייזע כוחות. ער איז שוין אָבער דעם טאָג רויִקּ נישט געווען. זיי האָבן אים דורך דער פרישער געשיכטע אינגאַנצן צעטומלט. אים אויפסניי אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. און אַ צערודערטער, איז ער אַוועק זוכן רו ביי שרהלען.

## קאַפּיטל זעכצן

די נאַכט איז געווען אַ קילע, נאָר אַן אַנגענעמע. אַ שטילקייט האָט געהערשט אין דרויסן, ווי ס׳וואָלט אויף דער וועלט געווען שלום ושלווה. קיין שניי, קיין ווינט, איז נישט געווען צו באַמערקן. און גאַרנישט האָט זיך באַוויזן אונטערן טיף־בלאָעם אויסגעשפּרייט.

אַריינגעמענדיק אין זיך די נאַכטיקע קילקייט, האָט שוין בערעלע אויך אין זיך אַריינגענומען די שיינקייט וואָס איבער זיין קאָפּ פונעם בלאָעם ים מיט די טונקעלדיקע אין אים ווייסע פייערלעך, וואָס האָבן מילד געמאַכט זיין צעשטורעמטן געמיט, נאָך איידער ער איז אַריין צו שרהלען.

שרהלע האָט אים דאָס מאָל באַזונדער וואַרעם אויפגענומען. זי האָט אים מיט אירע אויגן אַנטקעגנגעצערטלט, ווי זי וואָלט געוואוסט אַלץ וואָס גייט אָן אין און אַרום אים, און וואָלט אים ווען אַרויסווייזן איר הילף.

ר׳ מרדכי איז נאָך געווען אין צימער. ער איז אָבער באַלד אַוועק. ווי נאָר בערעלע האָט זיך דערנענטערט צו שרהלען. זיי זענען געווען אַליין און האָבן זיך דאָס מאָל געפילט גאָר נאָענט איינער צום אַנדערן, ווי קיין שום צווישנשייד וואָלט צווישן זיי נישט עקזיסטירט.

בערעלע האָט זיך צו איר צוגערוקט, זיך ענגער צו איר געטוליעט, ווי מורא האָבנדיק איר נישט צו פאַרלירן. זי האָט זיך נישט געווערט און אין דעם מאָמענט געווען גרייט אויף אַלץ. זיי האָבן גערעדט פון וועטער, פּאָליטיק און פון אַלץ.

ער האָט איר אַרומגענומען און געצערטלט. און צעפלאַמט און צעצונדן, האָבן זיך זיינע הייסע ליפּן אָפּגעדרוקט אויף איר לייב.

נאָר מיט אַמאָל האָט זי זיך ווי אויפגעכאַפּט, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט. און אויפהייבנדיק איר בלאָנדן קאָפּ האָט זי געזאָגט:
— וואָס טוט איר בערעלע? איך דערקען דאָך אייך נישט. האָט איר זיך מיט איינמאָל אַזוי געענדערט? און איר זייט נאָך נישט גרייט.—
— וואָס מיינט איר, איך בין נאָך נישט גרייט? וואָלט איך נישט געווען גרייט פאַר אייך, וואָלט איך צו אייך נישט געקומען.

— טאָ בין איך נאָך נישט גרייט, האָט זי קורץ געזאָגט.

בערעלע איז געוואָרן צעטומלט. מיינט זי דאָס ערנסט, אָדער זי שפּאַסט איבער אים? ער פּייניקט זיך אַזוי צוליב איר, מוז זיך איינרייסן מיט דער מאַמען און זי זאָגט גאָר אַז זי איז נאָך נישט גרייט.

און ער האָט איר שיעור נישט אָנגעהויבן צו דערציילן אַלץ וואָס ער שטייט צוליב איר אויס. האָט זיך אָבער באַרעכנט, אַז דאָס וועט נישט טויגן. עס וועט נאָך מער ביי איר אָפּשוואַכן זיין פּאָזיציע. און ער האָט אַנשטאָט דעם, ביי איר געמאָנט מער קלאָרקייט.

— שרהלע, וואָס מיינט איר, איר זייט נאָך נישט גרייט, איר זייט נישט גרייט מיט מיר חתונה צו האָבן, ווייל איר האָט מיר נישט גערן ?

— ניין, דאָס נישט. איך האָב אייך מער ווי גערן. איך האָב אייך נאָך ליב באַקומען דאַן, ווען מיר האָבן זיך באַקענט אין לאָקאַל. נאָר די מאַמע אייערע האַלט מיר אין איין באַרעדן און שווערט זיך, אַז זי וועט נישט צולאָזן צו אונדזער פאַרבינדונג. און איך ווייס נישט צי איר וועט אויסהאַלטן דעם נסיון.

— דערפאַר האָט קיין מורא נישט, שרהלע. מאַלע וואָס זי וויל נישט ? זי דאַרף דאָך מיט אייך נישט לעבן נאָר איך. זי איז טאַקע מיינע אַ מאַמע, און איך בין גרייט איר צו העלפן מיט וואָס נאָר איך וועל קענען. נאָר אַלץ ביז אַ גרענעץ. אויך אַ מאַמע האָט נישט קיין רעכט צו שטערן איר קינדס גליק.

עס געוועגדט זיך נאָר אין אונדז. יעדער איינער איז אַ וועלט פאַר זיך און איז איבער זיך אַליין דער בעל הבית. און אַז מיר וועלן נאָר וועלן, וועט זי מיט אונדזער ווילן מוזן מאַכן שלום.

— קענט איר מיר זאָגן וואָס איז ליבע ? האָט זי פלוצלונג פון אים געוואָלט וויסן.

— ליבע, ווי איך פאַרשטיי, איז די באַהעפטונג פון די כוחות וואָס שאַפן אַלע זאַכן. — ס'איז דער אייביקער שטראָם פונעם לעבן, דער יסוד פונעם גאַנצן זיין... אָן דעם דאָזיקן פייער פון באַהעפט, וואָלט די וועלט געווען ווי אַן אויסגעלאָשענער פּלאַנעט און דאָס לעבן אַזוי וויסט ווי פאַרן בראשית.

— איך וויל אָבער וויסן, אין וואָס באַשטייט דער באַזונדערער כוח פונעם יחיד אינעם דאָזיקן פּראָצעס. וואָס איז זיין מאָטיוו ביים אויסוואַל פונעם פערזאָן פון זיין ליבע. האָט שרהלע זיך באַמיט צו זיין קלאָר.

— יאָ, שרהלע. אייער פראַגע איז פאַר מיר גענוג קלאָר. נאָר צי מיין ענטפער וועט אויך זיין אַזוי קלאָר, ווייס איך נישט. ווייל אויב דעם אַלגעמיינעם ציל פון דער ליבע וואָס באַשטימט פון קיום המין, איז גרינג צו פאַרענטפערן, איז אָבער דעם באַזונדערן ליבע־מאָטיוו פונעם יחיד, — פיל שווערער אויפצוקלערן.

ס'איז שווערער, ווייל דער יחיד איז מער ווי אַ בלויזער באַגריף. ער איז אַ לעבעדיקער מעכאַניזם פון פאַרשידענע ווירקונגען, פאַר־

לאַנגען און אימפּולסן, וואָס זענען זיך אָפּט איינע די אַנדערע אַליין סותר.

ווען דער סעקסועלער דראַנג איז ביי אַלע גלייך, איז אָבער דער אופן פון אויסלעבן זיך אין דער הייראַט, שוין נישט אַזוי גלייך. ער איז אָפּהענגיק פון די באַזונדערע נייגונגען און סימפּאַטיעס פון יעדן צד, און פון זיינע איינשטעלונגען צו די פאַרשידענע דערשיינונגען פונעם לעבן.

און דאָס פאַרליבן זיך קומט גאָרנישט אָן אַזוי פּלוצלונג ווי עס זעט אויס, נאָר ווי אַ רעזולטאַט פון ביידנס געמיינזאַמע נייגונגען און טענדענצן. די ליבע מוז אָבער אויך געפּלעגט און אונטערהאַלטן ווערן פון ביידע צדדים.

— און איר זייט גענוג שטאַרק אויסצוהאַלטן דעם דרוק אַרום אייך ? איז זי אַרויס.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן: אפשר טאַקע אויסנוצן דעם מאָמענט פון איר פראַגע און זיין מער רעזערווירט מיטן ענטפער? — אָבער ניין; האָט ער זיך געזאָגט. צו וואָס פאַרלויפן די צייט? אויף צו פאַר־לירן די שלאַכט, ווען נאָך זיין גענוג צייט. און ער האָט געענטפערט:

— איך מיין, אַז יאָ!

— אָ ווי גוט דאָס וואָלט געווען. האָט זי אויף דעם געענטפערט. זי האָט אָנגענומען זיין האַנט און אים צוגעצויגן צו זיך. באַלד האָט זי געגלעט זיינע האָר, זיין פּנים און האָט אים באַזונדער אָנגעהויבן צערטלען. נאָר דאָ, האָט זיך פון שלאָף־צימער ווידער געהערט איר מאַמעס שטימע, זי זאָל פאַרלעשן דעם לאָמפּ און גיין שלאָפן.

„בערעלע", האָט זי צערטלעך געזאָגט: „גייט אַהיים, ס'איז שוין זייער שפּעט". און גלייך נאָכדעם, „אַגוטע נאַכט טייערער".

*

ער האָט אין דער נאַכט נישט געשלאָפן. האָט אַלץ אויפסניי איבער־געטראַכט און יעדן מאָמענט פון זיין ביי איר, איבערגעלעבט. זיין כּוח הדמיון האָט געאַרבעט זייער אָנגעשטרענגט. און ער האָט ווי געלייענט זיינע אייגענע מחשבות.

ער האָט זיך געוואָרפן צווישן געדאַנק און געפיל. צווישן מוח און האַרץ. און ביידע כּוחות האָבן זיך צווישן זיך ביטער געראַנגלט. און די מלחמה איז געווען זיינע, זיין אייגענע. —

ער האָט צו קיין אויסגלייך נישט געקענט קומען. און האָט

שוין געוואָלט און אויסגעקוקט, אַז ווער פון זיי בײדע זאָל נעמען די איבערהאַנט און פּטור אַן עסק.

## קאַפּיטל זיבעצן

אין טעג אַרום האָט ביילטשע געהייסן בערעלען זיך איבערטאָן אין די שבתדיקע מלבושים. האָט אים מודיע געווען, אַז עס קומט אַראָפּ אַ מחותן זיך צו באַקענען מיט אים. און ער זאָל זיין זהיר ונזהר דעם גאַסט נישט צו פאַרשעמען.

בערעלע האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט. ווי די זאַך וואָלט אים נישט געווען נוגע, נאָר גאָר אַן אַנדערן. אַ מידקייט איז אים באַפאַלן פון אָט דעם גאַנצן געראַנגל אַרום אים און אין אים. און ער האָט אויסגעקוקט אַז די זאַך זאָל זיך פון זיך אַליין אַנטוויקלען אָן זיין אַריינמישונג.

ווידער איז די שטוב געוואָרן אויפגעלעבט, ווי צו אַ גרויסע משפּחה־געשעעניש. נאָך מער ווי דאַן פאַר חנהלען, האָבן זיך די בני בית געגרייט אויפצונעמען דעם גאַסט. די לאַגע איז אַצינד געווען אַ פאַרקערטע ווי דאַן. די מורא איז נישט געווען אַז בערעלע זאָל געפעלן ווערן, נאָר אַז קודם זאָל דער מחותן ביי בערעלען אויסנעמען.

דאָס וואָלט געווען, האָט ביילטשע געטראַכט, דער ערשטער שריט אים אָפּצורייסן פון יענער. — אים אויסצוניכטערן פון זיין ליבע־טשאַד. און וועגן עיקר, דער כלה, האָפט זי, אַז עס וועט אויך גיין. און ווען אַפילו נישט, עס וועט זיך שפּעטער דערפון אויסלאָזן אַ טייך, וועט עס אויך קיין אומגליק נישט זיין.

דאָס וויכטיקסטע וועט דאָך זיין דערגרייכט. זי גלויבט נישט אַז די מויד — זאָל אויף אַזויפיל נישט האָבן קיין שטאָלץ, אַז זי זאָל נאָך דעם אַלעמען, זיך נאָך אַלץ מיט אים זיך וועלן האַלטן.

זי האָט פונדעסטוועגן צוגעגרייט צו דער אויפנאַמע איר יחסנ־דיקע משפּחה און די פּני פון שטאָט. זי האָט געוואָלט ביידע זאַכן. אי עס זאָל אויפן מחותן מאַכן אַן איינדרוק און אי דער מחותן זאָל בערעלען געפעלן. זי האָט געצילט צו באַלדיקע און פולע תנאים, וואָס זאָל וואָס גיכער צעטומלען דער מויד.

אין די נאָכמיטאָג שעהן האָט זיך אין ביילטשעס הויז באַוויזן אַן הויכער, שיינער ייד. אַ ייד, אַ ברייט־פּלייציקער מיט אַ פּנים פון אַן

עכטן תלמיד־חכם, הגם מיט אַ צוגעשווירענער, פּאַרפּוצטער באָרד, אויפן שטייגער פון די נייע ראַבינער.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש און די געסט האָבן זיך גלייך אויסגעטוישט מיט רייד. דער גאַסט האָט בערעלען אויף אַן אײדעלען אופן אַרייַנגעצויגן אין אַ תורה־שמועס. דערנאָך איז עס אַריבער אויף וועלט־זאַכן.

ביילטשע, מיט איר שוועסטער־קינד דבורה, האָבן זיך נחתדיק איבערגעקוקט מיט די אויגן. „זעט, ווי בערעלע ענטפערט אויף אַלץ אַזוי גלאַטיק, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך אַפילו אויף קיין רגע. קיין עין הרע זאָל אים נישט זיין". האָבן זיי ווי צווישן זיך גערעדט.

נישט אומזיסט, האָט ביילטשע שוין פאַר זיך אַליין ווייטער גע־צויגן איר מחשבה, ווייל זיך שרהלע דעם שוחטס פון אים נישט אָפּ־טשעפּען. ער איז דאָך אַ קענער איר בערעלע. אַ וועלט־קענער. הלוואי קריגט זי פאַר חנהלען אַזאַ חתן.

זי האָט אויפן קול, כדי צו מאַכן אַן איינדרוק אויף בערעלען, דעם גאַסט, הרב גרינבערג, געפרעגט, ווען ער האָט בדעה צו פאָרן קיין אַמעריקע און וויפל נדן ער זאָגט דאָס פּאָרל צו. און דער מחותן האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן.

דער צונג האָט זיך ביי אים אויפגעבונדן און פול מיט דביקות ווי אַ פרומער ייד זאָגט „שמע" — האָט ער פאַמעלעך געצויגן די ווערטער:

— איך וועל דעם חתן געבן, מיט גאָטס הילף, טויזנט דאָלאַר נדן. און איך וועל אים תיכף נאָך די תנאים אַריבערנעמען צו מיר קיין אַמעריקע. איך וועל אים שוין דאָרט איינאָרדענען. מיין איידעם וועט קיין בעל מלאכה נישט זיין און איך האָף אַז מיר וועלן פון אים האָבן נחת.

ביילטשע האָט שיעור נישט אויפגעשפּרונגען פאַר פריידי. האָט געכאַפּט אַ קוק אויף בערעלען. געוואָלט וויסן, ווי דאָס ווירקט אויף אים. און ס׳קען דאָך קיין בעסער גליק פאַר אים נישט זיין. איין קלייניקייט, אַמעריקע, ס׳גאָלדענע לאַנד. יעדער איינער וואָלט דאָך ס׳העמד פאַרקויפט, אַבי אַרויסצורייסן זיך פונדאַנען אין דער גאָל־דענער מדינה. און וואָס וועט ער דאָ זיצן, איז דען דאָ פאַראַן פאַר אים אַ תכלית?

„אָ, נישט געוואַשן די הענט, ווי דערלעבט מען שוין דאָס צו

זען? אַוודאי, וואָלט שלמה געלעבט, וואָלט צו דעם אינגאַנצן נישט געקומען. ער וואָלט נישט געוואָגט צו האָבן מחזקות מיטן שוחטס טאָכטער. אָ, אַצינד פֿאַרשטייט זי שוין זיין שטרענגקייט.

ס׳זאָל איר נאָר צו קיין זינד נישט זיין. נישט איינמאָל האָט איר פֿאַרדראָסן אויף אים, מיען זאָל ער זיך פֿאַר איר, — פֿאַר וואָס ער איז אַזוי שטרענג צום קינד. ערשט זעט זי שוין, אַז גערעכט איז ער געווען און נישט זי. „אַ מאַן, ווייזט אויס, פֿאַרשטייט זיך בעסער אויף די זאַכן, ווי אַ פֿרוי״. זי האָט זיך באַפֿרייט פֿון אירע געדאַנקען און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס איז דאָ צו ריידן. מען דאַרף מאַכן אַ זעאונג. מען דאַרף מאַכן די קינדער זאָלן זיך זען. און גלייך: איך האָף, אַז אַ טאַטע וועט נישט באַוואָלהן זיין קינד, — בפֿרט אַן איידעלער ייד.

— איך מיין אויך אַזוי, מרת ערליך, האָט דער גאַסט צוגעגעבן. די צייטן ווערן ערגער, און איך אייל זיך קיין אַמעריקע. מיין קהילה דאָרט, האַלט מיר אין איין דעפּעשירן פֿאַרוואָס איך קום נישט. און זיי זענען דאָך גערעכט. וואָרעם, ווי לאַנג זענען זיי עס מחויב צו וואַרטן אויף מיר? און איך קען דאָך פֿאַר די תנאים נישט אָוועקפֿאָרן.

איך לאָז דאָ אַזוי אויך איבער מיין משפּחה. די גאַנצע משפּחה מיט הכל שבהכל. איז וויל איך כאָטש פֿאַרן אָוועקפֿאָרן האָבן אַ שטיקל נחת און וויסן פֿאַר וועמען איך בין זיך דאָרט מתעסק. נישט אַזוי מרת ערליך?

— אַוודאי, אַוודאי, האָט ביילטשעס שוועסטער־קינד, דבורה צוגעשמאָלצן. — גוטס לאָזט מען נישט אָפּ. וואָרעם, וואָס איז דען, איך בעט אייך, אינגאַנצן דער מענטש, אויב נישט אַ „צל עובר״?... און מער ווי דאָס ביסל נחת פֿון קינדער, האָט מען דאָך נישט. איז אַלזאָ ביילטשע, נעם מאָרגן בערעלען און פֿאָר מיט אים זען דער כלה. און זאָל זיין מיט מזל.

*

ביילטשע האָט די זאַך לאַנג נישט געצויגן. זי האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף שמידן דאָס אייזן כל זמן ס׳איז הייס. האָט זיך אַפֿילו געוווּנדערט אויף בערעלען. עפּעס רעדט ער נישט, שטעלט זיך נישט אַנטקעגן, ווי ער וואָלט מסכים געווען אויף אַלץ.

אמת, מען דאַרף נאָך האָבן זכות אבות. ער האָט דאָך נאָך די

כלה נישט געזען. און די קינדער דאַרפן זיך קודם געפעלן ווערן. און אַחוץ דעם, דאַרף מען דאָך אויספירן אַלץ וואָס מען האָט צוגעזאָגט.

נאָר אַזוי ווי עס גייט ביז איצט, האָפט זי, אַז אויך דאָס איבע־ריקע וועט צוגיין גלאַטיק. און דער עיקר איז דאָך, אים אָפרייסן פון דער מויד. — און דאָס, זעט איר אויס, גייט אויף אַ דרך. זאָל נאָר ווער זיך נישט אַרײַנמישן.

ביילטשע מיט בערעלען, זענען אַוועקגעפאָרן צו דער כלה. און נאָך מער ווי זי, — איז די כלה, חייקע, אַ מיידל שוין אין די יאָרן געוועזן גרייט... איז געוועזן אַ מיטל־וווקסיקע שאַטינקע מיט אויסגע־פּראַצעוועטע הענט און צעקנייטשטן פּנים, מיט פעך־שוואַרצע אויגן.

דערפאַר אָבער איז זי געוועזן די בעלהביתטע פונעם הויז און די פירערין פון געשעפט, אַ שפּייז־קאָלאָניאַל געוועלב מיט אייגענעם געמאַכטן וויין.

ווי הנהלע, איז זי געוועזן די גאַנצע פאַרזאָרגערין און שפּייזערין, טראָץ דעם, וואָס דער פאָטער, הרב גרינבערג און די מוטער לאה, האָבן געלעבט.

בערעלע האָט חייקען געזען. אַפילו אייניקע מאָל געזען. איז זי אים געפעלן געוואָרן? ס'איז אים געוועזן אַליין שווער צו וויסן. ער האָט זיך געפּרוווט צו אַנאַליזירן, פאַרשטיין די אייגענע געפילן, ס'איז אָבער דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען.

איינס נאָר, איז אים געוועזן קלאָר. אַז חייקע קען זיין אַ גוט ווייב. און אַז דער מחותן וועט אויספירן וואָס ער האָט צוגעזאָגט, קען פאַר אים פּראַקטיש, קיין בעסערער שידוך נישט זיין. און זיין מאַמע וועט דערפון אַוודאי זיין צופרידן.

זי וועט זיך אויפהערן אויפעסן אַ לעבעדיקע און זיך קענען מער אָפּגעבן מיט די איבעריקע קינדער און געוועלב. און דאָס אַליין, איז אַ גרויסע זאַך. און גערעכט צי אומגערעכט, ווי קען מען דאָס אַ מאַמע זיך אַזוי לאָזן פייניקן?

און ווי מאָדנע, איז אים שרהלע אין דעם מאָמענט אינגאַנצן אַרויס פון זינען. זי איז אים אינגאַנצן אין דעם איצטיקן חשבון, אינעם חשבון פון זיין מאַמען מיט חייקען, נישט אַריין. שפּעטער, איז אים אויך דאָס געוועזן שווער צו פאַרשטיין.

ער איז חייקען, ווי פריער דעם מחותן, געפעלן געוואָרן. ביילטשע האָט אים שוין גאָרנישט געפרעגט. זי האָט מורא געהאַט צו פרעגן

שאלות. און צו וואָס דאַרף זי פרעגן וועגן געפעלן ווערן, אַז זי קען גלייך ריידן וועגן שרייבן תנאים און טאַקע שוין אויפן אָרט. און דאָס וועט זיין דער בעסטער סימן...

און מען טאָר נישט אָפּלייגן. נישט נאָר צוליב איבעריקע הוצאות, נאָר אים נישט צו געבן קיין געלעגנהייט אויף חרטה און די מויד — זאָל נישט געוואָר־ווערן און זיך אַריינמישן.

ביילטשע האָט אים אַריינגענומען צו אירע אַ קרובה אין דער זעלבער שטאָט און מען האָט אָנגעהויבן מיט אים איינטענהן: „בע־רעלע", האָבן ביידע ווי מיט אַ מאָל צו אים גערעדט.

— וועסט קיין בעסערן שידוך נישט קריגן. די כלה איז אַ וואויל מיידל. האָט גאָלדענע הענט און אַ גאָלדן האַרץ. קויפט און פאַר־קויפט, פאַסט אויף אויף דער שטוב, אויפן געשעפט, קאָכט און באַקט, נייט און צירעוועט, און ווייסט ווי צו ריידן מיט פויערים און פריצים און איז אַ טייער קינד.

מען דאַרף אויספאָרן וועלטן אַזוינס צו קריגן. און ערשט אַזאַ מחותן? אַ רב, און אַ רב נישט קיין בטלן. ער פאָרט קיין אַמעריקע און נעמט דיר אַריבער אויף אַלעם גרייטן. און לאָמיר זיך נישט נאַרן, ביזט טאַקע אַ וואוילער בחור, שלמה'ס אַ קינד און אַ קענער. נאָר וואָס קענסטו פאָרט טאָן?

היינטיקע צייטן, „בעוונותינו הרבים", גילט דאָס אַלץ נישט. קיין געלט האָסטו נישט און קיין בעל מלאכה ביזטו נישט, איז דאָס ווי אָנגעמאָסטן פאַר דיר. און אַז דער אין הימל וועט העלפן, ער וועט דיר אַריבערנעמען קיין אַמעריקע, קענסטו נאָך פאַר דיין משפחה זיין ווי יוסף אין מצרים... נישקשה, ביים אויבערשטן איז אַלץ מעגלעך. און מען דאַרף דעריבער שוין שרייבן תנאים.

— ניין, מאַמע, עס פאַסט נישט אַזוי צו איילן זיך. האָט בערעלע דערוווידערט. מיר האָבן געמאַכט אַ וואָרט און דאָס איז דערווייל גענוג. מיר וועלן די תנאים באַשטימען אויף אַ קורצן טערמין און מיר וועלן שפּעטער צוריקקומען.

דבורה האָט זיך געוואָלט אָנהייבן שפּאַרן מיט אים. האָט גע־האַלטן אַז באַלד אָפּטאָן די זאַך איז בעסער. נאָר ביילטשע האָט מורא געהאַט איבערצוציען דאָס שטריקל.

האָט זי זיך אַריינגעמישט, און מיט אַ מינע ווי זי וואָלט גאָר אַנדערש נישט געטראַכט, האָט זי געזאָגט:

— נו, קינד מיינס, ביזט שוין אַ דערוואַקסענער מענטש. און איך וויל דיר נישט נייטן. מען דאַרף זיך אַ מאָל אויך צו דיר צוהערן. נאָר וויסן זאָלסטו, אַז אַלץ וואָס מירווילן, איז נאָר פאַר דיין טובה ווענן.

מען האָט אָפּגעשמועסט אַ זמן תנאים אוןביידע זיינען צוריק געפאָרן אין דער דערוואַרטונג צוריקצוקומען נאָך די תנאים.

## קאַפּיטל אַכצן

קיינער האָט אין שטאָט פון דער געשיכטע נישט געוואוסט. בייל־טשע האָט זיך באַמיט די גאַנצע זאַך אויסצובאַהאַלטן. האָט מורא געהאַט פאַר אַ בייז אויג. — בפרט, ווען ס׳איז נאָך נישט געווען קיין תנאים.

אויך בערעלע האָט קיינעם נישט דערציילט. ער האָט דאָך אָפּגע־לייגט די תנאים, כדי מיט זיך אַליין מיושב צו זיין. ער איז נאָך מיט זיך אַליין נישט געווען פאַרטיק.

נישט געווען גאַנץ מיטן אייגענעם געדאַנק. האָט זיך ווי אַ שיכור געוואַקלט. און ער האָט אין זיין אומדעצידירטקייט פאַר זיך אַליין געזוכט עפּעס אַן אויסוועג, אַן אָנשפּאַר, וואָס זאָל ווי אַ צינגל אין אַ וואָג־שאָל, מכריע זיין אויף דער אָדער אַנדערער זייט.

און ער האָט נישט מיט וואָס צו באַרימען זיך. קיין העלדישקייט האָט ער נישט באַוויזן. כאָטש צי ער איז אין זיין דאָזיקער שוואַכקייט אַליין שולדיק צי נישט, ווייסט ער נישט.

און ער איז דאָך מיט זיין געוויסן פאַר שרהלען אויך נישט אין אָרדענונג. פאַר זיין מאַמען איז אַלץ קלאָר. אַ באַרעדטע, און שוין. אָבער זיינע חשבונות מיט איר זיינען דאָך גאַנץ אַנדערע, ווי עפּעס אַן אויסגעדאַכטע זיבד.

און אַפילו ווען יאָ, ער זאָל וויסן אַז זי האָט געזינדיקט, איז קען מען שוין אַ מענטש נישט מוחל זיין? די פראַגע איז דאָך צוליב וואָס און אין וועלכע אומשטענדן דער חטא איז באַגאַנגען געוואָרן.

זי איז דאָך פאַרט אַן אָרנטלעכע און פון אַ פיינער משפחה. און ער זעט נישט אין איר קיין שלעכטס. איז אַן אָנגעלייגטע, אַ געזעל־שאַפטלעכע און אַ פאַרשטענדיקע. און דער עיקר, אַ געטריי און ליבנ־דיק מיידל.

נאָר וואָס דען? עס וועט פאַרט נישט טויגן. ער וועט נישט האָבן צו וואָס צו נעמען זיך. ער האָט זיין קאָפּ אַריינגעלייגט אין נישט פּראַקטישע זאַכן. דער טאַטע ע״ה האָט אים קיין אַנדערע זאַך נישט געלערנט און ער איז צו דעם אויך נישט צוגעוווינט.

ער האָט אים נאָר געטריבן לערנען. לערנען לשמה. און לערנען לשמה, איז אַ גאַנץ פיינע זאַך. ווען אָבער איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ווען מען האָט אויך צום לערנען. — „טוב תורה עם דרך ארץ״ איז ביי אונדז געזאָגט געוואָרן.

און אַפילו ער זאָל שוין ווערן פּראַקטיש, טאָן דאָס וואָס אַנדערע טוען נאָך דער חתונה, האָט ער דאָך נישט מיט וואָס. און ווי ער זעט טאַקע, וועט ער ביים שוחט גאָרנישט קענען אַרויסקריגן.

פון שרהלעס אָפּשפּאָרונגען, האָט ער שוין לאַנג געמאַכט אַ תכלית. און אויב ס׳איז נאָך עפּעס געבליבן, וועט ער עס אויך נישט רירן. ער האָט אַ צו גרויסע פאַמיליע.

און מיט ליבע אַליין קען מען נישט לעבן. זי איז אויך נישט אייביק און האָט ווי אַ בלום איר צייט פון פאַרוויאַלונג. בפרט ווען ס׳איז נישטאָ מיט וואָס איר צו פלעגן און אונטערהאַלטן... און פונוואַנען ווידער ווייסט ער, ווי גרויס איר ליבע איז צו אים?

אפשר טרייבט ער מיט איר איבער? און דאָס זעלבע קען ער אויך פרעגן וועגן זיך. — האָט ער דען אויסגעמאָסטן איר גרויס? און ס׳קען אויך זיין אַז דער יסוד פון זיין ליבע איז ניט מער ווי אַ זאַך פון ליידנשאַפט, אונטערגעהאַלטן דורך געוווינהייט און רייץ, וואָס פאַרשווינדט מיט דער צייט ווי׳ אַקקיון דיונה.

נאָר וואָס עס פּלאָגט אים, איז זיין געוויסן. ווען ער שטעלט זיך פאָר איר פאַרשעמונג און פיין, נאָכדעם ווי זי וועט זיך דערוויסן פון זיינע תנאים, הייבט אים אַזש אָן מישן דער קאָפּ. און דאָס איז דאָך שוין נישט קיין פראַגע פון ליבע.

ס׳איז דאָך זיכער אַז זי האָט אין אים געגלויבט. געגלויבט, אַז ער מיינט מיט איר ערנסט. אפילו שוין גערעדט וועגן חתונה האָבן. און אויך אַנדערע האָבן אַזוי געהאַלטן, און פלוצים, ווערט דאָס אַלץ פאַר איר אָפּגעלייקנט און אירע אַלע דערוואַרטונגען ווערן צעשטערט.

און מיט וואָס וועט ער איר דאָס באַרעכטיקן? „יאָ״, האָט ער באַשלאָסן. ער וועט היינט אין אָוונט ביי איר זיין, זיין ווי קיינמאָל

גאָרנישט. און ער וועט אין אַ געשפּרעך מיט איר אויסנוצן אַ מאָמענט, אויף צו האָבן אַ תּירוץ מיט חייקען צו שרייבן תּנאים.

✶

שרהלע איז אין דער צייט וואָס בערעלע איז צו איר נישט געקו־מען, געווען באַזאָרגט. זי האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. איז געווען אומרוהיק און דערנערוווירט. דעם ערשטן אָוונט האָט זי געטראַכט, אַז ער איז מסתּמא פאַרנומען.

ווען אָבער עס זענען אָוועק אייניקע אָוונטן און ער האָט זיך פאַר איר ניט באַוויזן, האָט די אומרוהיקייט אין איר געוואַקסן. זי האָט אָנגעהויבן פאַרשידנס איבערקלערן.

וואָלט ביילטשע צו איר ניט אַרויסגערופן אַזאַ פיינטלעכע באַ־ציאונג, וואָלט זי אַוועק צו אים אין הויז זען אפשר חלילה איז ער קראַנק.

נאָר נאָך אַזאַ באַציאונג וואָס ביילטשע ווייזט צו איר אַרויס, וואָלט זי מער נישט געדאַרפט ווי אָפטאָן אַזאַ זאַך. זי וואָלט דאָס אויס־גענוצט און גאָר געשריגן אַז די חוצפּה קריכט שוין אויף צו אים אין שטוב.

איז פאַרפאַלן, מוז זי ליידן און וואַרטן. אפשר וועט זיך די זאַך פון זיך אַליין אויפקלערן. זי האָט זיך פונדעסטוועגן אין אָוונט, ווי שטענדיק איבערגעטאָן. אָנגעטאָן זיך אין ווייס־דורכזיכטיק בלוזקעלע און בעזש־קאָלירדיקן קליידל, וואָס קליידט איר אַזוי צו אירע בלאָנדע האָר און פּנים און זיך געמאַכט גרייט אים צו באַגעגענען.

זי האָט דעם אָוונט לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. און פּונקט אין דער מינוט ווען זי האָט זיך אויף אים נישט געריכט, ווען אירע אויגן זענען געווען פאַרטאָן אין אַ בוך, האָט ער געעפנט די טיר פון קיך. ס'האַרץ אין איר האָט אַ קלאַפּ געטאָן און זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן.

און נאָך איידער זי האָט עפּעס אַרויסגעזאָגט, איז בערעלע שוין געשטאַנען ביי איר זייט. אַצינד ערשט האָט זי אירע אויגן אויף אים אָנגעשטעלט. אים מיט איר בליק געוואָלט אַדורכנעמען און וויסן וואָס ס'איז געשען. האָט אַליין נישט געוואָלט פרעגן, נאָר דערוואַרט, אַז ער זאָל אַלץ אַליין דערציילן.

בערעלע אָבער איז אין דעם נישט געווען פאַראינטערעסירט. האָט געוואָלט דעם געשפּרעך איבערפירן אויף אַן אַנדער וועג. און ער האָט אָנגעהויבן:

— וואָס פאַר אַ בוך לייענט איר שרהלע, ס'איז עפּעס אַן אינטע־רעסאַנט בוך?

— ס'איז אַפילו אינטערעסאַנט, נאָר די כאַראַקטערן זענען אַזעל־כע פינצטערע, אַז זעלטן איר טרעפט אַ ליכטיקן פּנים. אויך די סביבה איז אַזאַ מאָדנע און נישט קיין פאַלקישע. — אַ סביבה פון געפאַלענע רוסישע אַריסטאָקראַטן.

— איז עס נישט דאָסטאָיעווסקיס? האָט בערעלע געפּרווט טרעפן.

— יאָ, ס'איז דאָסטאָיעווסקיס „אידיאָט".

האָט איר זיך אַוודאי באַקענט מיט דער גרעסטער זונה, נאַסטאַסיאַ פעליפּאָוונאַ, האָבן זיך פון בערעלען די ווערטער אַרויסגעגליטשט.

שרהלע האָט זיך דערפילט אַביסל נישט באַקוועם פון דער פראַגע. ס'האָט איר אויסגעזען ווי עפּעס אַן אָנצוהערעניש אויף איר געשלעכט. און זי האָט מיטן זעלבן צוריקגעשלאָגן:

נישט נאָר מיט נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ, האָב איך זיך באַקענט, נאָר אויך מיט האַטאַן, ראַגאַזשין און מיטן גענעראַל. מיט אָט דעם גאַנצן פינצטערן געזינדל.

בערעלע האָט פאַרשטאַנען דעם ווונק און האָט דעם שמועס געוואָלט אַוועקפירן אין אַ זייט.

ס'איז פאָרט פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן אונדז און זיי. אויב יידן זענען אויך נישט קיין צדיקים, וועט מען פונדעסטוועגן אַ סך אַזעלכע הפקר־כאַראַקטערן, ביי אונדז נישט טרעפן. און אויף וויפל עס זענען אויך ביי אונדז פאַראַן אַזעלכע, זענען זיי אַ יוצא מן הכלל.

ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, האָב איך געזען ווי מלך יאַנט האָט פון אַ שענק אַרויסגעשלעפּט די אַלטע, האַלב־בלינדע וואַניכע און איר אונטערן אָרעם געפירט אין שטאַל.

איך האָב דאַן נאָך נישט געוואוסט צוליב וואָס ער שלעפּט ווי אַ בהמה אַ שיכורע גויה פון זעכציק יאָר, און זי די וואַניכע, האָט זיך מיט גאָרנישט געוועדט, און אַזעלכע וואַניכעס זענען אין די שענקען געווען אַ סך.

ביי אונדז זענען די „יאַנטן", די נידריקסטע, אויסגעפּינצטערסטע

יחידים. — ביי זיי אָבער, זענען זיי די פירשטן, גענעראַלן און טשינאָווניקעס.

און אויך דאָס וואָס איז ביי אונדז פאַראַן, איז עס צוליבן צופיל ברודערן זיך מיט זייער קולטור און שטייגער, און איך האָב מורא, אַז וואָס מער מיר וועלן זיך צו זיי דערנענטערן, אַלץ מער וועלן מיר עטיש קאָרומפירט ווערן.

— אויב אַזוי, בערעלע, דאַרפן מיר דאָך איבעררייסן מיטן גאַנצן מאָדערניזם און צוריקגיין צו אונדזערע זיידעס און באָבעס. איר וואָלט זיך צוריק געדאַרפט פאַרלאָזן פיאות און איך נאָך דער חתונה אָנטאָן אַ טשיפּיק.

— איר נעמט דאָס צו פלאַך. — נישט אין אויסערלעכע פאָרמען גייט עס. אויסערלעך מעג מען זיך צופּאַסן. און דאָס אויך, נישט סתם נאָכמאַכן. נאָר אין מאָס און לאָגישער בויטוועגדיקייט.

עס גייט אָבער אין אינהאַלט, אין תוך. מיר זענען פאָרט אין תוך אַנדערש, און מיר דאַרפן דאָס זיין, נישט נאָר כדי אויפצוהאַלטן דאָס פאָלק, נאָר אויך כדי צו לעבן אינערלעך שענער און מענטשלעך דערהויבענער.

— זאָגט מיר אָבער קאָנקרעט, וואָלט איר זיך וועלן אָפּזאָגן פון אַלע דערגרייכונגען וואָס מיר האָבן זיך אין די לעצטע יאָרן דער־וואָרבן?

— פון די וואָס דינען דעם מענטש און מענטשלעכקייט נישט.

— עס איז אָבער אַן אונטערשיד צווישן אונזער און זייער ווערטן־באַגריף. און פאַר דעם דאָזיקן קוואַליטאַטיוון אונטערשיד, ראַנגלען מיר זיך, און דאָס איז אונדזער בשותפותדיקער וועג מיט די אבות...

מיר פאַלן נישט קיין כורעים פאַר אויסערלעכער שיינקייט. שיינקייט, איז ביי אונדז נאָר אַ מיטל צו לייטערן און דערהויבן דעם מענטש. און נישט כדי צו רייצן די געבליטן. דאָס רוימישע צירקוס־פאָלק, האָט געוואָרפן מענטשן צו די לייבן און ס׳פאָלק פון אָקסן־קאַמף, האָט געברענט לעבעדיקע מענטשן אויף די שייטערס.

און אַ ייד, צי ער איז אַ מאָדערנער צו נישט, מוז קודם זיין אַ גייסט־ייד. און דאָס מיינט: שטעלן און פאָדערגרונט די מאָראַלישע שיינקייט און באַלערנדיקייט, און די יידישע קונסט אין אַלע איר׳ע פאָרמען, דאַרף קודם כל באַפרידיקן אָט די גרונט־פרינציפּן.

עס איז געוואָרן שפּעט און ווי פריער האָט זיך פון שלאָף־צימער

צו איר דערהערט דער רוף צו פאַרלעשן דעם לאָמפּ און גיין שלאָפן. שרהלעס צערייצטקייט איז שוין לאַנג געווען אַריבער און ס׳האָט זיך צווישן זיי צוריק איינגעשטעלט די אַמאָליקע וואַרעמקייט. נאָר מיט אַמאָל האָט זיך בערעלע דערמאָנט צו וואָס ער איז געקומען.

פאַרפאַנצערט אין זיין רעזערווירטקייט — ווי אַ טשערעפּאַכע אין איר שאָל, איז ער נאָך אַלץ נישט געווען גרייט אָנצוהויבן און האָט אָפּגעוואַרט דעם מאָמענט. נאָר דאָ האָט שרהלע אָנגעהויבן ריידן וועגן איינאָרדענען זיך.

צי זי האָט דאָס געמיינט איינפאַך -- נישט וויסנדיק פון גאָרנישט, צי ווייל זי האָט געוואוסט פון זיין גרייטן זיך איר צו פאַרלאָזן, האָט ער נישט געקענט וויסן. נאָר לענגער וואַרטן האָט ער שוין נישט געקענט. ער האָט געפילט אַז ס׳איז דער ריכטיקער מאָמענט. און ער איז מיט אַמאָל ארויס:

—איר ווייסט שרהלע, איך גיי שרייבן תנאים. ווי מען וואָלט איר אַ ברען געטאָן אין פּילבאַרסטן אָרט, האָט זי ווי אַ צערייצטע לייביכע אַ טרייסל געטאָן מיט איר בלאָנדן קאָפּ און אים אַריינגע־קוקט אין די אויגן. זי איז אָבער באַלד צו זיך געקומען און אָנבעמעג־דיק איר פריערדיק געשטאַלט, האָט זי אים מעכאַניש געענטפערט:

— און ווער לאָזט אייך נישט? שרייבט!

בערעלע האָט מער נישט געדאַרפט, און כאָטש ער האָט גע־וואוסט אז זי מיינט דאָס נישט ערנסט, האָט ער זיך פונדעסטוועגן אין דעם אָנגעכאָפּט ווי אין אַן אבן טוב.

## קאַפּיטל ניינצן

אַלץ איז געווען גרייט. גאָרנישט איז אים שוין געשטאַנען אין וועג. נאָר קיין פרייד אין זיך האָט ער נישט געפילט און אויסער דאָס גאָרנישט האָט אים צו הייקען געצויגן.

ער האָט פונדעסטוועגן געהאָפט, אַז אויב דאָס איבעריקע וועט גיין כשורה, וועט זיך זיין באַציאונג צו איר ענדערן. זיין גלייכגילטיקייט וועט פאַרשווינדן, ווי עס פאַרשווינדט דער ווינטער פאַרן זומער.

און סוף כל סוף האָט ער זיך געזאָגט: האָבן דאָך אונדזערע על־טערן אויך אַזוי חתונה געהאַט. זיי האָבן זיך נישט געשפּילט אין

קיין ליבעס. און דאָך זענען זייערע בונדן־געוועזן פעסטע און זיי האָבן זיך שפּעטער אויך ליב באַקומען. איז פאַרוואָס זאָל עס ביי אים אויך אַזוי נישט זיין ?...

זיי זענען אָנגעקומען אין צייט. די גרינבערגס גרויסע דירה האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון שטאָט. איז געווען נאָענט פון זייער קראָם וואָס איז געווען אין מיטן מאַרק, אין אַן אייגן געמויערט הויז.

ביי די טישן זענען געזעסן אַ פּאָר מנינים מענטשן. דער כלה׳ס קרובים און באַקאַנטע.ביילטשע, בפרט בערעלע, האָט קיינעם, אַ חוץ ביילטשעס אַ חברטע, נישט געקענט.

כאָטש די צייט איז געווען אַ שלעכטע, האָבן זיך די גרינבערגס אָנגעשטרענגט צונויפצורופן אָט די מענטשן. זיי האָבן אויף חתנס צד געוואָלט מאַכן אַן איינדרוק.

ביי ביילטשען איז אָבער די לאַגע געווען אַן אַנדערע. דאָס פאָרן אין אַ פרעמדער שטאָט, איז אין דער צייט געווען פאַרבונדן מיט גרויס שוועריקייטן. און זי האָט אויך פון איר שטאָט נישט געוואָלט האָבן קיין איבעריקע אויגן... זי האָט צוליב שרהלען געמוזט זיין פאָרזיכ־טיק און נישט מאַכן קיין איבעריקן טאַראַראַם.

חייקע איז געווען אָנגעטון אין אַ שוואַרץ זיידן קליידל, וואָס האָט איר פאַרדעקט ביזן האַלדז. אויפן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ גרויסע קאַליע שוואַרצע קרעלן וואָס האָט צוזאַמען מיט איר אַרויפ־געקעמטער פריזור, איר נאָך געמאַכט אויסזען עלטער.

זי האָט די גאַנצע צייט געזוכט בערעלעס אויגן. — זיך געוואָלט מיט זיי באַגעגענען. נאָר בערעלע האָט עפּעס נישט געזען און האָט אויף קיין איין מאָמענט זיינע אויגן צו איר נישט אויפגעהויבן.

אַלץ איז אַדורך ווי נאָרמאַל. מען האָט געטרונקען, פאַרביסן מיט לעקעך און מען האָט זיך געווונשן מזל טוב. נאָר בערעלע איז געווען ווי אין אַ הינער־פלעט. ער איז דורך דער צייט פון זיין דער־וואַקסנקייט נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי אונטערטעניק צו יעדן איינעם, ווי דאָס ביי די תנאים.

ער וואָלט דאָס מאָל אַלץ מיט זיך געלאָזט טאָן. זיין ווילעגלאָזי־קייט האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. נאָר זיין מאַמע און די אַנדערע, האָבן דאָס פאַרעכנט צו זיין פריערדיקער חסידישער שעמעוודיקייט און צוריקגעצויגנקייט.

ביילטשע און בערעלע, זענען תיכף נאָך די תנאָים אַהיימגעפאָרן.

צו דער התונה איז געווען געגנוג צייט. מען האָט פריער געדאַרפט סילוקן דעם נדן. און עס איז נישט געווען וואָס צו איילן זיך.

בערעלע איז צוריקגעקומען נישט מיט קיין דערהויבן געמיט. ער האָט נישט געקענט האָבן דאָס זעלבע געפיל ווי ביילטשע וואָס הגם אַ געטרייע מאַמע, האָט פאָרט ביי איר דער ווילן אים אָפצורייסן פון שרהלען, איבערגעוויגן אַלץ.

ער האָט זיך אָבער געלאָזט פירן פונעם גורל און וואָלט גאָר נישט געטאָן די זאַך צו ענדערן, ווען נאָר די תנאים וואָלטן געוואָרן אויסגעפירט. איז ער דערווייל געווען שטיל, רעזערווירט; און האָט נישט געהאַט קיין אינטערעס ווען צו דערציילן וועגן זיינע תנאים.

ווי נאָר אָבער ער איז צוריקגעקומען, גלייך אויפן צווייטן טאָג, האָט אים אַ יונגער שליח געבראַכט אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט, אין וועלכן עס איז געווען אַ צווייטער, אַ קלענערער.

ער האָט אים מיט נייגעריקייט געעפנט און ווי אַ מאָל, האָט דאָס האַרץ אין אים אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט געמיינט אַז ער איז שוין פון איר פריי. בפרט נאָך דעם ווי ער האָט איר געזאָגט אַז ער גייט שרייבן תנאים, און זי האָט אים געענטפערט: „ווער לאָזט אייך נישט״?!

און טראָץ דעם וואָס ער האָט איר פאַרווונדעט אין איר סאַמע האַרץ און געטראָפן אין איר שטאָלץ, איז זי ווידער דאָ. און עס ווייזט אויס, אַז ער איז אין איר צופיל אַריין זי זאָל זיך פון אים אַזוי גרינג קענען אָפּרייסן.

און דאָס האָט אים דווקא געאַרט. ס׳איז נישט נאָר איר ווייטיק, נאָר אויך זיינער. און ער וואָלט געווען צופרידן ווען זי פאַרגעסט אין אים. עס וואָלט גלייכער געווען פאַר זיי ביידע.

נאָר אויך זי האָט אין אים נאָך דעם וואָס ס׳איז געשען, פאָרט נישט פאַרגעסן. קען ער איר נישט נאָך אַ מאָל באַליידיקן. ער דאַרף איר כאָטש אויסהערן און וויסן וואָס זי פאַרלאַנגט פון אים סיי ווי וועט ער אַצינד די זאַך נישט ענדערן. ער האָט נישט דערווייל צו דעם קיין גרונט.

ס׳איז גענוג אַז ער האָט איין האַרץ צעבראָכן. איז צו וואָס זאָל ער זיך איילן אַ צווייטס צו צעברעכן? גיין צו איר וועט ער אָבער יאָ. אפשר וועט אים געלונגען איר אויפצוקלערן און באַרויקן.

זיי האָבן זיך באַגעגנט אויסערן שטאָט. ס'איז געווען אַ וואַרעמער, נאָר לייכט־רעגנדיקער אָוונט. צי זי האָט דעם אָוונט אויסגעקליבן כדי זיך צו פאַרבאָרגן פון מענטשן, צי דאָס איז געווען אַ צופאַל, האָט ער נישט געוואוסט. נאָר צופרידן דערפון איז ער געווען.

זי האָט אויסגעזען קרענקלעך, בלאַס, און דעם גראָען רעגן־מאַנטל וואָס זי האָט געטראָגן, האָט נאָך פאַרגרעסערט די בלאַסקייט פון איר פּנים. און פאַראומערט און פאַרוויינט, האָט עס איר צוגעגעבן אַ באַזונדער איידלקייט.

איר אויסזען און כליפּנדיקע רייד, האָבן אים אינגאַנצן צעמישט. זיי האָבן אויפגעוועקט אין אים אַ געפיל פון ליבע און רחמנות. אַלץ אין אים האָט זיך אַצינד געקרייצט און געפלאָנטערט און ער איז געוואָרן צעטומלט .

— צו וואָס האָט איר דאָס געטאָן? האָט זי אָנגעהויבן.

— איך האָב שרהלע, קיין ברירה נישט געהאַט. האָב זיך געפּייניקט אינעם קלעם פון די אייגענע אומשטענדן. אונזער לאַגע איז געווען אָן אַן אויסוועג. און ווי מען קען נישט לעבן אָן געפילן, אַזוי קען מען אויך נישט לעבן בלויז מיט געפילן.

—מיר וואָלטן מיט דער צייט זיך איינגעאָרדנט. איך וואָלט זיך צוגעהאָלפן צו דער פּרנסה. בין אפילו ווען נויטיק גרייט צו נעמען אויף זיך דעם גאַנצן עול.

— ס'איז שרהלע, אַזאַ לעבן נישט פּראַקטיש. דאָס לעבן איז האַרט און מען מוז צו דעם זיין גוט צוגעגרייט. מיט בלויזן עקסטאַז קען מען נישט אָנגיין. ווי הויך די כוואַליע פון ים זאָל זיך נישט אויפהייבן, מוז זי צוריק פאַלן צו איר נידער...

— איז אין נאָמען פון דער דאָזיקער פּראַקטישקייט ווילט איר מיר דאָס האַרץ צעברעכן און אויף אייביק פאַרשעמען? האָט זי מיט געבעט און פאַרוורף זיך צו אים געווענדט.

— איך האָב אייך דאָך דערציילט אז איך גיי שרייבן תנאים און איר האָט מיר געענטפערט: „טאָ גייט, ווער לאָזט אייך נישט"? איז וואָס זשע קומט איר ערשט צו מיר מיט טענות?

— בערעלע, פאַרשטייט איר דען נישט, אַז אַ פרוי מוז דערהאַלטן איר שטאָלץ? וואָרעם ווי וואָלט געווען ווען איך ווייז צופיל אַרויס מיינע געפילן? וואָלט איר דען נישט אויף אַזאַ פרוי אַ שפּיי געטאָן און מיט איר גלייך איבערגעריסן?...

און צו זייט איר טאַקע אַזוי נאַיוו אַנצונעמען אַזעלכע רייד פון אַ ליבנדיקער פרוי פאַר ערנסט? און וואו זענען אייערע אייגענע געפילן? סיידן איר האָט מיר כסדר געגאַרט און אייער האַרץ איז אַ האַרץ פון קיזלשטיין און נישט פון קיין בלוט און פלייש. האָט זי מיט געריכטקייט און אויפרעגונג פאַרענדיקט.

בערעלע האָט זיך אויף דעם אינגאַנצן נישט געריכט. ער איז רויט געוואָרן און זיך באַגאַסן מיט שוויס. „וואָס ווילן זיי פון אים האָבן"? האָט ער זיך געפרעגט. ער איז צעווייטיקט נישט ווייניקער ווי זי. אַלץ אין אים איז אין פיין און ער ראַנגלט זיך נאָך מער פאַר איר.

ווען זי ראַנגלט זיך בלויז מיט איר ליבע, ראַנגלט ער זיך אויך מיט זיין מאַמען. און אַצינד איז אין אים נאָך צוגעקומען עפּעס ערגערס. עפּעס אַן אומבאַשטימטקייט.

און די דאָזיקע אומבאַשטימטקייט אין אים, איז ערגער ווי אַלץ. ס׳איז די שפּראַך פון וואַקלונג און צעמישונג. ער האַנדלט שוין גאָר נישט, נאָר מען האַנדלט מיט אים. עס איז ווי זיין האַרץ זאָל אויפהערן צו פילן און זיין נשמה זאָל ווערן אויסגעליידיקט.

ער פּרוּווט זיך אַליין צו אַנאַליזירן. דערגיין אַ טאלק מיט זיך. נאָר עס קומט גאָרנישט אַרויס. און ער קען קיין שום באַשלוס פון זיך נישט אַרויסקריגן. זיין שקול הדעת איז אַטראָפירט און זיין אַקציעפעיקייט ווי טויט.

וויפל וואָלט ער אַצינד געגעבן, ער זאָל קענען אויסשרייען: „צו אַלדע רוחות מיט די וואַקלונגען, מיט דער צעמישונג, אַ סוף זאָל עס נעמען; איך באַשליס אַזוי און אַזוי, און שוין!" ער קען אָבער דערווייל גאָרנישט באַשליסן. ער מוז וואַרטן און זען.

און וואָס פאַר אַ טענה האָט זי צו אים? ער האָט דאָך איר פריער געזאָגט וואָס ער גייט טאָן און זי האָט ווי אים דערמוטיקט. איי, זי האָט דאָס נישט געמיינט, — נו, איז וואָס איז ער דען אַ „בוחן לבבות", צו וויסן וואָס איינע מיינט?

איר תירוץ וועגן איר שטאָלץ, האַלט אויך נישט אינגאַנצן אויס. וואָרעם פאַרוואָס קומט איר דער גאַנצער שטאָלץ און אים דעם מאַן, קומט שוין גאָרנישט קיין שטאָלץ? האָט דאָך טאַקע דאָס אַליין, דאָס אָנרירן זיין שטאָלץ — געקענט זיין אַ סיבה פאַר זיין האַנדלונג.

אַט דאָס לעצטע האָט אים טאַקע דערמוטיקט איר צו ענטפערן פעסט און קלאָר.

— ניין, שרהלה, איך האָב אייך נישט גענאַרט. ווי טיף און ריין מיינע געפילן זענען געווען, קען איך נישט אָפּמעסטן. אָבער געפילן זענען געווען. און צייטנווייז גאַנץ טיפע. און איך בין געווען מיט אייך גרייט חתונה צו האָבן. נאָר די נישט אַרויסגעוויזענע גרייטקייט פון אייערע עלטערן, האָבן אין דעם געשטערט.

און איך בין נאָך אַלץ נישט געווען גרייט מיט אייך איבערצורייסן. נאָר ערשט נאָך אייערס פּאַריסענעם ענטפער, — האָבן זיי מיר באַזיגט און געפּאַנגען. און איך קען נישט אָן אַ גרונט צעברעכן אַ צווייט האַרץ און פאַרשעמען אַ צווייטע יידישע טאָכטער.

בפרט ווען ס'איז שוין נאָך תנאים. און דאָס פאַרפּליכטעט מיר גאָר. איך ווייס נישט וואָס ווייטער וועט זיין, — איך מוז אָבער וואַרטן און זען. נאָר גלויבט מיר שרהלה, אז מיר איז פיינלעכער און ערגער פאַר אייך. און איר מוזט מיר דעריבער אַלץ מוחל זיין. מיר וועלן בלייבן גוטע פריינט. ריינע פריינט.

— און איר זייט שוין פאַרטיק ? איז זי צוריקגעקומען צום פריי־ ערדיקן. ביי אייך איז עס זייער פשוט. מען דריקט אויס באַדויער און די זאַך איז געענדיקט. ביי מיר אָבער גייט עס נישט אַזוי.

איר האָט מיר צוגעבונדן צו זיך, זיך באַזעצט אין מיר און מיין האַרץ צעוואונדיקט. און אַצינד ווילט איר מיר איבערלאָזן מיט דער אָפענער וואונד. ווי פּילאַטוס, וואַשט איר זיך אָפּ די הענט אַלס צייכן פון אומשולד. אַט אַזוי זייט איר מענער.

איך וועל זיך אָבער מוזן צעברעכן. אינגאַנצן צעברעכן. און די שולד וועט פאַלן אויף אייך, האָט זי קוים איינגעהאַלטן אירע טרערן.

בערעלעס פּנים איז ווי אויפגעקוואָלן. ער איז געוואָרן דענער־ ווירט און ווי שטענדיק אין אַן ענלעכער לאַגע, האָט ער זיך באַגאָסן מיט שווייס און איז דערפון נאָך מער געוואָרן צעמישט.

ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן. נאָר ס'איז אים שווער געווען פון זיך עפּעס אַרויסצוקריגן. ביז ענדלעך ער האָט מיט מאַטערניש אַרויסגעזאָגט :

— וואָסזשע קען איך פאָרט טאָן, האָט ער שוין מיט ווייכקייט און גערירטקייט געפרעגט.

— לאָזט אָפּ דעם שידוך און שיקט צוריק די תנאים! דאָס וואָס איז אין האַרץ פאַרצייכנט, — איז שטאַרקער ווי אין פּאַפּיר פאַרשריבן. און טוט עס באַלד, איידער נאָך אַלע דערוויסן זיך וועגן דעם.

ער האָט זיך פאַרטראַכט, געוואָלט געפינען ווערטער איר צו באַ־רוהיקן. האָט אָבער נישט געקענט. האָט זיך אַרומגעזען אַז יעדע אילוזיע וואָס ער וועט ביי איר שאַפן, וועט איר שפּעטער נאָך מער צעברעכן.

האָט ער באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן צו קיין שום איינריידעניש.

— נאָר זיין מיט איר פעסט און קלאָר. ער טאָר אַפילו נישט זיין סענ־טימענטאַל, נאָר מוז זיך איצט אַליין גובר זיין. און ער האָט געזאָגט:

— ניין, שרהלע. איך וועל די תנאים נישט צוריקשיקן.

זי האָט וויוזט אויס דאָס נישט דערוואַרט, ווייל אַלץ אין איר האָט זיך געביטן. זי האָט אַ ציטער געטאָן און אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַ פאַרחלשטע בלאַסקייט.

בערעלע האָט איר געוואָלט אונטערהאַלטן. האָט מורא געהאַט זי זאָל נישט פאַלן. זי האָט זיך אָבער געשטאַרקט און ניש געלאָזט. אין מיט אַן אונטערדריקטן אין זיך צאָרן, האָט זי ווי אין דער לופט אַריין אַריינגעוואָרפן „אַ גוטע נאַכט" און איז אַליין אַוועק.

## קאַפּיטל צוואַנציק

שרהלע איז אַהיימגעגאַנגען אַ פאַרוויינטע. ס'איז נאָך געווען פרי, צען אין אָוונט. און ווען זי האָט זיך פאַרנומען אויף איר וועג, האָט זיך דווקא דער דרויסן אויסגעלייטערט. און איר אויף צו להכעיס, האָט אַלדאָס־גרינע, אָנגעטרונקען און אויסגעוואַשן פונעם רעגן, פאַר־שפּרייט אַ בשמימדיקן ריח.

דער ריח האָט איר אַצינד געררייצט. איר געווען דערווידער. און זי האָט וואָס גיכער שוין געוואָלט זיין אין שטוב. ס'האָט זיך איר אויס־געדאַכט אַז יעדער איינער קוקט אויף איר, ווי ער וואָלט וויסן אַלץ וואָס ס'איז צווישן איר און בערעלען געשען.

אין שטוב איז געווען אַן אויפרודער. דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען נאָך נישט געשלאָפן, ווי זיי וואָלטן איר באַזונדער אָפּגע־וואַרט. זי האָט געהאַט בדעה גלייך צו גיין אין בעט און פאַר זיך אליין

אַלץ איבערצוטראַכטן. זי האָט אָצינד געהאַט אַ סך צו טראַכטן. האָט אויך געדאַרפט אָננעמען אַ באַשלוס וואָס ווייטער צו טון.

נאָר גלייך ווי זי האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, האָט איר די מאַמע פּאַרטשעפּעט. עס איז געווען קענטיק, אַז זיי האָבן געוווסט פון איר לעצטן טרעפן זיך מיט בערעלען.

— זאָג מיר טאַכטערקע, האָט די מאַמע אָנגעהויבן, וואָס בעמסטו זיך אַזוי שטאַרק איבער מיט דער געפאַלענער יחסנטע? — וואָס אַזוינס האָסטו אין איר בענאָק, דיין בערעלען, דערזען? ער טויג דאָך צו גאָרנישט.

ער קען דען געבן אַ ווייב ברויט צו עסן? אָסור מיר, אויב איך וואָלט זיך מיט אַזאַ איינעם פאַרדרייט דעם קאָפּ. ווילסט נעמען אויף זיך אַן אייביקן האָרב, אַ קעסט־קינד ביים אייגענעם ווייב?...

ער איז דאָך נישט אַהער און נישט אַהין. ס'איז נישט אַ רב, נישט אַ סוחר און נישט, אַ בעל מלאכה. איז וואָס האָסטו אין אים דערזען? גלויב מיר, אַז ס'האָט זיך דווקא אַזוי גוט געמאַכט, טאָמער איז באַשערט אַ צרה, איז גלייכער פריער ,איידער שפּעטער...

ווען דו פאָלגסט מיר, בעטסטו זיך איבער מיט זעליגן. ער איז אַ געזונטער, נישט אַזאַ אויסגעצערטלטער ווי דעם בלאָז־זאַקס זינדל און אַ פּראַצאָוויטער.

איז פון איין משפחה און דו קענסט אַלע זיינע מעלות און חסרונות און טאָמער איז ער נישט אַזוי, ווי רופט מען דאָס, אינטעליגענט, נו. וועסטו אים אַביסל איבערמאַכן. דערפאַר אָבער וועסטו ביי אים האָבן, ברויט מיט אַ מעסער צו שניידן...

וואָלסטו מיר. נאָך דאַן געפאָלגט און נישט דיין טאַטן, וואָלסטו שוין לאַנג תתונה געהאַט. און וואו איז דאָס געהערט געוואָרן. אַז אַ שוחט זאָל זיך האַלטן אַזוי קליין? מיט וואָס איז ביילטשע מער יחסנטע פאַר אים? וואָלט נאָך שלמה געלעבט, ער לעבט דאָך אָבער נישט.

דער שוחט האָט זיך קוים איינגעהאַלטן. ווי עפּעס עס גייט נישט, האָט זי טענות צו אים. רק צו אים. און ער האָט אַרויסגעברומט:

— שוין, האסטו שוין אַלץ אָפּגערעדט, אשה מיינע. זאָג זשע מיר נאָר רחל, וואָס שלעפּסטו נאָך מיר אַריין אין מיטן. איך האָב טאַקע פון זעליגן נישט געהאַלטן און דאָס דערפאַר, ווייל ער קען נישט לערנען. אָבער דאַן זענען דאָך געווען אַנדערע צייטן.

און ווי פּאַסט עס טאַקע פאַר אַ שוחט צו נעמען אַן איידעם אַן

עם־הארץ? אָבער איך האָב דאָך איר סוף כל סוף נישט געשטערט. און פון דאַן אָן, זינט ער איז אַוועק מעבר לים, האָב איך דאָך קיין וואָרט נישט אויסגערעדט קעגן אים.

און צו בערעלען האָב איך זיך דאָך אינגאַנצן נישט געמישט. איך האָב דאָס איבערגעלאָזט צו איר אַליין, צו שרהלען. האָב אַפילו דעם חרם פאַרקוקט, איז וואָס ווילסטו אַצינד פון מיר? איך האָב מיטן רבונו של עולם קיין קאָנטראַקט נישט געמאַכט, אַז עס מוז אַלץ גע־ראָטן. און דו שרהלע, האָסט זיך אויך נישט וואָס צו נעמען צום האַרץ. עס זענען נאָך דאָ עלטערע מיידלעך פון דיר. די מלחמה גייט צו איר סוף. און אַז זי וועט זיך ענדיקן, וועט מען בעסער פאַרדינען און אויך דו וועסט דיינס קריגן. — קיין מאָנאַסטיר איז ביי יידן נישטאָ און דאָס וואָס איז באַשערט וועט מיט השם יתברך׳ס הילף קומען.

— דו זעסט. ווי ער טרייסלט זיך אַצינד אָפּ פון אַלץ, איז רחל אַרויס. האָסט זיך שוין טאַקע יאָ געדאַרפט מישן. האָסט באַלד נישט געדאַרפט דערלאָזן צו דעם. ווי נאָר האָסט געזען, אַז דער יונג נאָ־דזשעט זיך איין, — גלייך ביים צווייטן מאָל אַריינקומען, האָסטו געדאַרפט שיקן נאָך אַ שדכן, וויסן ווי דו האַלסט — און נישט דער־לאָזן צו קיין ליבעניש און האַרץ־קלעמעניש.

באַלד ווי מיר וואָלטן געזען, אַז די יחסנטע דרייט מיט דער נאָז, וואָלטן מיר דאָס אָפּגעהאַקט. אָפּגעהאַקט און פּטור אַן עסק. זאָל זי זיך בלאָזן וויפל זי וויל.

האָסט זיך אָבער לאַקאָמעט אויף מציאות. האָסט געמיינט אַז דו וועסט פּטור ווערן פון איר. האָסטו דערפאַר אַלץ פאַרקוקט און דערלאָזט צו לייטיש געלעכטער. און שרה׳לעס געזונט אַרט דיר נישט.

— זע נאָר, זע, ווי זי רעדט עס, ווי זי וואָלט געווען אַ פרעמדע. האָט שוין ר׳ מרדכי זיך נישט געקענט איינהאַלטן. וואָס, דו קענסט נישט דיינע אוצרות? מען קען דאָך טאַקע מיינען אַז איך האָב פאַרבאָרגענע אוצרות און באַהאַלט זיי פאַרן ווייב און קינדער.

זעסט נישט. אַז זינט דער דייטש איז אַריין, האָט זיך אַלץ ביי מיר אָפּגעשטעלט? שוין יאָרן אַז איך האָב קיין בהמה נישט אָנגעקוקט. אַז ער נעמט אַלץ צו דער טייוול. אַלץ איז פאַר אים ווייניק.

„ס׳איז קריג״, זאָגט ער. ווי ווער וואָלט זיך ביי אים געבעטן

צו קומען אין פרעמדע לענדער און פירן קריג. איז פונוואַנען זאָל איך נעמען אויף אַ נדן? און מען איז דאָך צו דעם נאָך נישט געקו־מען, — כאָטש איך האָב זיך דווקא יאָ געוואָלט אָנשטרענגען.

שרה׳לען איז דאָס אַלץ געווען דערווידער. זי האָט געוואָלט שטיל אַריין אין בעט. נאָר דאָ האָבן זיי זיך גאָר צערעדט אויף איר קאָנטע, און די אַלט־פרענקישע מאַמע, שיט נאָך זאַלץ אויף די וואונדן. זי האָט שטענדיק מער געהאַלטן מיטן טאַטן ווי מיט דער מאַמען.

איר טאַטע איז אַ קלוגער ייד. כאָטש אַ שוחט, אַן אָנגעזעענער ייד פון דער קהילה און אויך אַ פרומער, ווייסט ער אָבער ווען אַיין און ווען אויס. — ער ווייסט ווען אַ מאָל אַ זאַך צו פאַרקוקן. און נישט אומזיסט קלעפן אַזוי אין אים די קצבים. און זי וואָלט, די שעה זאָל נישט זיין, — מיט איר מאַמען אַליין, גאָר נישט געקענט הויזן.

מער ווי פרומקייט ווייסט זי נישט. און וואָס איז טאַקע דער טאַטע שולדיק? אויב שולדיק, איז זי אַליין. שרה׳לע. פאַרקערט, ס׳איז געווג פון זיין זייט אַז ער שטערט איר נישט. און ער שטערט איר נישט. ווייל ער איז אַ גוטער און פאַרשטענדיקער. און דערפאַר אויך פאַרקוקט ער פון זיין פרומקייט.

און ס׳איז מיט זעליקן אויך נישט זיין שולד. ער האָט געזען אַז זי אַליין, שרה׳לע, קריגט זיך מיט אים. האַלט אים אין איין רופן גראָביאַן. האָט ער מיט איר אויך אַזוי געהאַלטן. און ס׳איז דאָך אמת אַז ער איז אַ גראָבער יונג. און וואָס ווידער, פאַר אַ למדן אַ ייד, וועט עס נעמען אַן עם הארץ?

און דערפאַר טאַקע האָט עס איר געצויגן צו בערעלען. כאָטש פון איין זייט איז איר מאַמע גערעכט. ביי זעליקן וואָלט זי גיכער געווען פאַרזאָרגט מיט ברויט. זי וואָלט אפשר ביי אים טאַקע גאָר־נישט געדאַרפט טאָן. נאָר ווי לעבט מען דאָס מיט אַ גראָבן יונג? איז דען אַלץ ברויט?

אַצינד אָבער איז עפּעס אַנדערש. זי האָט שוין קיין אַנדערע ברירה נישט. וועט זי זיך באַקלערן, וועט צוואַרטן אַ פּאָר טעג, אפשר אַ וואָך, און אויב בערעלע וועט מיט זיין כלה נישט איבער־רייסן, ער וועט איר נישט צוריק שיקן די תנאים. וועט זי זיך מוזן

איבערבעטן מיט זעליקן. פאַרפאַלן, אַז מען קען נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער.

זי וועט זיך קודם מיט אים דאַרפן פאַרשטענדיקן. זען צי די לאַגע האָט זיך ביי אים נישט געענדערט. און דאַן, דאַן, וועט זי זיך אויפהייבן און פון דאַנען אַוועקפאָרן. זי וועט דאָ מער איר מזל נישט אויספּרוּוון. אָדער בערעלען. אָדער קיינעם נישט.

אָבער וואָס קריגן זיי זיך צוליב איר. ווער בעט זיי? ס'איז איר זאַך און איר שולד. און זיי קענען איר אין דעם גאָרנישט העלפן. און זי וויל זיי נישט איבערלאָזן צוקריגטע צווישן זיך.

און אפשר איז עס איר שולד אויך נישט? קען מען האָבן אַ טענה צו אַ האַרץ. וואָס פילט אַזוי און נישט אַנדערש? ביין! ווי מען קען קיין טענה נישט האָבן צום וואַסער־פאַל, פאַר זיין פאַלנדיקן געברום. —

יעדער איינער האָט זיך זיין מזל. נישט וויכטיק פונוואַנען און ווי אַזוי דאָס קומט. זי איז נישט קיין פילאָזאָפין. נאָר דעם אייגענעם גורל טראָגט פאָרט יעדע זאַך אין זיך. אָט, האָט זי אויף איר וועג אַ היים, געזען אַ פאַלענדיקן שטערן.

אַ פאַלענדיקן שטערן. אין אַ נאַכט וואָס איז אָנגעפילט מיט בשמים, איז עס נישט סימבאָליש? און אין דער זעלבער נאַכט האָט זי זיך אַהיים געשאַרט אַן אַנטוישטע און צעוויייטיקטע.

זי האָט איבערגעריסן אירע רעיונות און האַסטיק זיך אַ קער געטאָן צו די עלטערן:

הערט זיך אויף צו קריגן איבער מיר. עס וועט פון אייערע טענות גאָרנישט אַרויסקומען. און איר וועט איבער מיר סיי ווי גאָרנישט באַשליסן. איך בין שוין גענוג דערוואַקסן איבער זיך אַליין צו באַשליסן. איך בין מיד און וויל גיין שלאָפן. און מיט איינמאָל האָט אַלץ אויפגעהערט.

זי האָט אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט", און איז גיך אַריין צו זיך אין אַלקערל. האָט זיך אויסגעטאָן, האָט אָנגעצונדן דאָס לעמפל וואָס איז געשטאַנען אויפן נאַכט־טישל און נעמענדיק פונעם טישל אַ בוך, האָט זי אין אים געפרוווט לייענען. זי האָט געהאַט אַ פאַר־לאַנג זיך צו צעשטרייען און דערנאָך איינשלאָפן.

זי האָט אָבער נישט געקענט לייענען. בשום אופן נישט. די אותיות האָבן גענומען שפּרינגען און איר געטאַנצט אין די אויגן.

האָבן זיך ווי אָפּגעריסן פון זייער באַהעפטונג און פאַר איר פאַר־לוירן יעדן זין. די ווערטער זיינען נישט דערגאַנגען צו איר באַוווסט־זיין.

אנשטאָט דעם איז זי געוואָרן פּיל מיט זעאונגען און אין איר באַוואוסטזיין איז אויפגעקומען בערעלע. בילדער נאָך בילדער האָבן זיך פאַר איר געשטעלט. בילדער פון איר ערשטן צוזאַמענ־טרעף מיט אים, ביזן מאָמענט פון איר נעכטיקער זעאונג.

זי איז אַזוי געשוווּמען אין אירע בילדער, ביז זי האָט זיך פאַרלוירן, און יעדעס רעאַלע האָט זיך פון איר אָפּגעטאָן. זי פאָרט אויף עפּעס אַ באַן, דערנאָך אין אַ שיף. נאָר עפּעס אַזאַ מאָדנע שיף. אַ שיף, אַ פיר קאַנטיקע. וואָס איז ביז צום דיל אונטער־געשפּאַרט מיט פיר זיילן, ווי פיר שטאַנגען פון אַ חופּה. ווי אָט יענע חופּה, וועלכע זי האָט בייגעוווינט ביי איר שוועסטערס חתונה.

און אַרום דער חופּה שטייען מענטשן פאַר איר פרעמדע. פרעמדע יידן וועלכע זי קען נישט. נאָר מיט איר אונטער דער חופּה שטייט זעליק. ער איז פולער געוואָרן און קרעפּטיקער און זעט איר אויס נאָך פראַסטער ווי פריער.

זי וויל אָנהייבן שרייען: „וואו איז בערעלע?", נאָר עס שטיקט איר אין האַלדז און זי קען קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. זי שטייט אַזוי אַ ווײַלע אַ צעמישטע. אָן לשון, ביז זעליק טוט איר אָן דעם קידושין רינג און הייבט אָן מיט שווערקייט, שטאַמלענדיק, נאָכזאָגן דעם „הרי אַת..."

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי אַ פאַרשוויצטע אַ צעמישטע. ביז ענדלעך זי איז געקומען צו זיך. האָט איבערגעטראַכט איר זעאונג און אַרויסגעזאָגט:

— יאָ, דאָס איז עס! אַזוי וועט עס מוזן זיין...

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

ס'איז שוין אַוועק אַ צייט און פון צוגעזאָגטן נדן פאַר בערעלען. האָט מען נישט געזען און נישט געהערט. דער מחותן. הרב גרינבערג, איז נאָך געזעסן אין זיין שטאָט און האָט קיין איין דאָלאַר אויף

דער קאַנטע נישט געשיקט. אוןביידע, ביילטשע און בערעלע, האָבן זיך אָנגעהויבן באַאומרוהיקן.

ביילטשע האָט געטענהט: „מילא. אפשר קען ער נאָך קיין אַמעריקע נישט פאָרן. דער דייטש לאָזט נישט. קען מען צוואַרטן ביז דער דייטש וועט אַוועקגיין. עס וועט שוין לאַנג נישט בעמען. איז ווען ער שיקט דעם נדן, וואָלט מען געקענט מאַכן די חתונה צו דער באַשטימטער צייט און דער חתן וואָלט דערווייל געוועזן צוזאַמען מיט די גרינבערגס, כמדובר (ווי אָפּגערעדט).

„אָבער, אַז ער ווייזט נישט קיין סימן פון אַ דאָלאַר, קען דאָך זיין אַז די גאַנצע מעשה איז אַן אָפּערע. ער וויל אויסנאַרן בערעלען פאר זיין פאַרזעסענער מויד. איז צו וואָס זאָל זי, ביילטשע, איר יתום אַזוי באַעוולהן? אים אָפּרייסן פון זיין יונגערער שרה׳לע, כדי אים צוגעבן אַן עלטער מיידל? זי וויל אויף זיך אַזאַ אחריות נישט נעמען״.

אַ פאַרדרוס איז אין איר אויפגעקומען און איז שוין געווען גרייט צוריקצושיקן די תנאים. זי האָט געגלויבט, אַז אויך בערעלע וועט צו דעם מסכים זיין. וואָרעם זעט זי דען נישט? איז זי בלינד, צי וואָס? אַי, זי זעט שוין צופיל בערעלעס גלייכגילטיקייט צו חייקען. כאָטש עס האָבן שוין געטראָפן און עס טרעפן אַזעלכע זאַכן אויך... און דאָך גייט אַזאַ לעבן איין. —

נאָר ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, ווען כאָטש איין זייט פון לעבן איז פאַרזיכערט. אַז מען האָט פרנסה און עס קומען קינדער, לעבט מען זיך איין. אָבער אַז קיין פרנסה איז חלילה אויך נישטאָ, איז ביטער. ביטער ווי גאַל. און אין אַזאַ פאַל אַז מען באַוואָרנט נישט גלייך פון אָנהייב, איז גלייכער נישט אָנצוהייבן. ווי זאָגט מען: בעסער די ערשטע קריג, איידער די לעצטע.

נאָר דאָ האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט עפּעס געהערט, אַז שרה׳לע קלייבט זיך אינגאַנצן אַוועקצופאָרן. אַוועקצופאָרן ווייט פון דער היים. „הלוואי, רבונו של עולם״, האָט זיך איר תיכף ביי דעם געדאַנק אַרויסגעכאַפּט. איז אויב אַזוי, איז שוין כדאי צו וואַרטן. זאָל זי קודם נישט שטיין אין וועג.

ס׳וועט אויך זיין מער רעכט פאַר מענטשן. אויב מען וועט דעם מחותן געבן מער צייט אויסצופירן די תנאים. און אפשר נאָך איבער־וואַרטן דעם דייטשס אַוועקגיין און ער וועט דאַן קענען אַוועקפאָרן

קיין אַמעריקע. זאָל ער פונדעסטוועגן נישט האָבן קיין תירוץ, אַז צוליבן נישט קענען אָפּפּאָרן, סילוקט ער נישט דעם נדן.

אויך בערעלע האָט געוואָלט צוּוואַרטן. ווייל ווי לאַנג זי שרה׳לע איז נאָך דאָ, וואָלט דאָס צוריקשיקן די תנאים אין אירע אויגן נאָך אויסגעזען ערגער. עס וואָלט געהייסן, אַז חרטה געהאַט אויפן שידוך און אַז מיט איר, שרהלען זיך נישט פאַרבונדן.

כאָטש פון דער צווייטער זייט, קען זי קיין איבעריקע טענות צו אים נישט האָבן. ער האָט טראָץ זיין באָענטקייט צו איר זיך גובר געווען. מיט זיין גאַנצער ליבע צו איר, האָט ער זיך באַהערשט און ס׳איז קיין שום ערנסטעס צווישן זיי נישט געשען. ער האָט זיך נישט פאַרגעסן...

ס׳איז פאַר אים אָבער נישט בלויז קיין פראַגע פון רעכט — נאָר פון מענטשלעכקייט. ער איז אין אָרדענונג על פּי דין, מען דאַרף אָבער אויך האַנדלען לפנים משורת הדין. בפרט מיט אַ באָענטן מענטשן.

זי איז צוליב אים געגנוג צעווייטיקט. איר אַנטוישונג איז גרויס. און מעג ער אפילו נישט זיין שולדיק אין דעם, און ווען אפילו ער איז אַליין אויך דער קרבן פון דער זעלבער אַנטוישונג, — איז ער פאַרט די סיבה פון אירע ליידן און פּיין. און מיט אַלץ נאָר וואָס ער קען פאַרגרינגערן איר צער, דאַרף ער עס טאָן.

און ער וועט באַלד דערברענגען אויך צו אַ צווייטן קרבן. און כאָטש דאָ איז ער אַוודאי אין אָרדענונג, וועט אויך זיין געגנוג פּיין און צער. און אויך דאָ, ביי חייקען, וועט ער זיין די סיבה. הגם אומ־דירעקטער, פונעם צער.

יעדנפאַלס, דער גורם פון צוויי פאַרשעמטע יידישע טעכטער. אוןביידע עוולות צו פאַריכטן אַפילו ווען ער זאָל וועלן, איז ער נישט בכוח. ער האָט מורא. אַז ער וועט אַפילו קיין איינע נישט קענען פאַריכטן. אַזוי אומבאַהאָלפן און שוואַך פילט ער זיך.

האָט ער זיך קודם געאייניקט מיט זיין מוטער איבערצוּוואַרטן, ביז שרהלע וועט פונדאַנען אַוועקפאָרן. ווי זאָגט מען: „וואָס די אויגן זעען נישט, טוט דאָס האַרץ נישט וויי״...

אַז זי וועט דאָ נישט זיין ביים צוריקשיקן די תנאים. וועט עס איר אַזוי נישט אַרן. און אַז די נייעס וועט דאָרט, אין איר נייעם לאַנד דערגריין, וועט זי דאָך שוין זיין פאַרבונדן מיט איר זעליקן.

*
* *

פון דער צייט וואָס שרהלע האָט אָנגענומען איר באַשלוס אַוועק־צופאָרן, איז שוין אַוועק אַ שיינע פּאָר טעג. זי איז דורך די טעג ליידיק נישט געזעסן. האָט געהאַט אַ סך צוטאָן און צוגרייטן. האָט קודם געדאַרפט קריגן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין וואַרשע. זי האָט אַזאַ דערלויבעניש פון דער קאָמענדאַטור געקראָגן. און פון וואַרשע צו פאָרן ווייטער, האָט זי שוין געהאַט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן. דאָס איז איר נישט שווער אָנגעקומען, ווייל נאָך פון פריער האָט זי געהאַט זעליקס אַרויספאָדערונגען. — און די טעג זענען געווען די לעצטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

זעליק, שרה׳לעס קוזין, איז געווען אַן איינפאַכער בחור מיט אַן איינפאַכן כאַראַקטער. איינפאַך אין זיין טראַכטן און אויך אַזוי איינפאַך אין זיינע מעשים.

ער איז נישט געווען קיין פאַרפלאָנטערטע נאַטור און האָט צום לעבן נישט געהאַט קיין איבעריקע פּרעטענזיעס. קענענדיק קוים שרייבן און לייענען, האָט ער נאָר צוויי זאַכן געפאָדערט פונעם לעבן: זאָט אָפּצועסן און אַ ווייב זאָל אים געבוירן קינדער.

אַ הויכער און פעסט געבויטער, האָט ער מיט זיין פּראַסטקייט און רויע מאַניערן, אויף שרהלען אָנגעוואָרפן אַ פּחד. זי איז אין איר סביבה נישט געווען געוווינט צו אַזעלכע כאַראַקטערן.

זייענדיק אַ באַוווסטזיניק, אינטעליגענטע מיידל, האָט זי גע־וואָלט האָבן אַ מאַן וואָס זאָל איר איבערשטייגן מיט זיין אינטעלי־גענץ און פון וועמען זי זאָל זיך קענען לערנען.

האָט זיך אויך געשראָקן פאַר זיין גבורה און ווילדקייט. בפרט נאָך יענער סצענע ווען זי האָט זיך אָפּגעזאָגט מיט אים צו הייראַטן און ער, ווילד ווערנדיק, האָט ביי איר אַרויסגעריסן דאָס גאָלדענע זייגערל מיטן בראַנזעלעט און איז דערמיט אַוועק קיין קאַנאַדע, נישט וועלנדיק דינען דעם קיסר.

ער האָט אָבער ביי איר געבעטן מחילה און האָט אַ גאַנצע צייט איר פאַרוואָרפן מיט בריוו. און נישט נאָר מיט בריוו, נאָר איר אַפילו געשיקט אַרויספאָדערונגס־פּאַפּירן אַלס צוקונפטיק ווייב, וואַרטנדיק ביז היינט אויף איר.

אַצינד אָבער האָט זי קיין ברירה נישט געהאַט. און כאָטש די ליבע איז אַן איינזייטיקע. — האָט זי זיך געגרייט צו אים צו פאָרן. זי האָט פּשוט פאַר חרפּה געוואָלט אַוועק פונדאַנען. זיין ווייט פון מענטשנס רייד און פון די היגע רכילות׳ניקעס.

שרהלע האָט זיך פיבערדיק געגרייט. האָט געפּאַקט איר אויס־שטייער וועלכן זי האָט שוין געהאַט גרייט און האָט צוגעקויפט נייע מלבושים און זאַכן. נאָר דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען אַרומ־געגאַנגען פאַרזאָרגט.

לאָזן אַליין אַ מיידל מעבר לים און נישט זיין אויף זייער קינדס חתונה? האָבן זיי מיט אַלע מיטלען איר געוואָלט אָפּריידן דערפון. עס האָט זיי אָבער נישט געהאָלפן. זי האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז זי מוז נאָך צוויי מאָליקע דורכפאַלן אַוועק. און אויב אַוועקפאָרן. האָט זי דאָך נישט צו קיין אַנדערן ווי נאָר צו אים. — און ער איז דאָך אַן אייגענער, אַ קוזין. האָט זי זיי געפּרוווט טרייסטן.

אַחוץ דעם, האָט זיך נאָך רחל די שוחטקע אַרומגעטראָגן מיט אַ באַזונדערן כעס קעגן ביילטשען. „אַלץ האָט דער דאָזיקער בלאָז־זאַק אָנגעמאַכט. ווען נישט זי, וואָלט צו דעם אַלעם נישט געקומען״.

בערעלע האָט געוווּסט פון שרהלעס גרייטן זיך. די טעג זענען געווען דער קריזיס פון זיין לעבן. און ער האָט אויסגעקוקט אַז דער דאָזיקער קריזיס זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן.

ער האָט זיך געוואָרפן צווישן וויכהאַרציקייט און האַרטקייט. צווישן שוואַכקייט און שטאַרקייט. ער פילט איר מיט און דאָך לייגט ער נישט צו קיין האַנט צו פאַרגרינגערן איר לאַגע. עס פאַרדריסט אים וואָס ער איז דער גורם פון איר אַוועקפאָרן און דאָך קוקט ער אויס זי זאָל וואָס גיכער אַוועק. פונוואַנען אַט די סתירות?

ער ווייסט אַפילו נישט. צי ער ליבט איר נאָך צי נישט. און נאָך מער וווּנדערט אים, ווי אַזוי האָט ער געקענט נאָך אַזאַ ליבן איר, זיך אויפהייבן און אַוועקפאָרן צו יענער און שרייבן תנאים. און דאָך איז דאָס אַלץ געשען.

ער האָט זיך פאַרטראַכט: „וועט ער מיט איר זיך גיין געזע־גענען? ניין! יעדנפאַלס נישט פון אייגענער איניציאַטיוו. ער האָט מורא פאַרן דאָזיקן מאָמענט. ער וואָלט זיך נישט וועלן טרעפן מיט אירע ליבנדיקע און אין דעם מאָמענט בעטנדיקע אויגן.

ער וואָלט אַצינד זיך אויך נישט וועלן באַגעגענען מיטן שוחטס

אומשולדיקע הירשענע אויגן און אַוודאי נישט מיט דער שוחטקעס קעציש־גליענדיקע פּייערלעך. און כאָטש איר גאַנצע שנאה טראָגט זי אויף איר מוטער. ווערט זי אינעם דאָזיקן מאָמענט אים אויך נישט שאַנעווען.

ביילטשע איז אַריין אים רופן עסן אָוונט־ברויט. און ווי נאָר זי איז צו אים אַריין. איז אָנגעקומען שרהלעס ברודער מיט די ברייטע פלאַקסענע פּיאות, מיט אַ צונויפגעלייגט פאַרקלעפּט פּאַפּירל.

ער האָט תיכף דאָס פּאַפּירל געעפנט. עס האָט אים אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרץ און ער איז אויף אַ ווייל בלאַס געוואָרן. די מאַמע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן און מיט מיטלייד געפרעגט וואָס ער וויל. ער האָט אויף אַ מאָמענט געקלערט, צי ער זאָל איר דערציילן צי נישט. ער האָט באַשלאָסן אַז יאָ.

צי ער וועט זיך מיט איר עצה רעכענען, צי נישט. איז אים אינ־טערעסאַנט צו הערן איר מיינונג. בפרט נאָך איר געענדערטן טאָן. ער האָט איר איבערגעגעבן, אַז זי בעט אים צו קומען זיך געזע־גענען. „הייסט עס, אַז זי פאָרט טאַקע אַוועק, שרהלע?״ האָט זי הויך אַרויסגערעדט.

— „גיי מיין קינד. דו דאַרפסט גיין, האָט זי אי ווייך, אי ווי באַפעלעריש געזאָגט. גיב איר אויך איבער אין מיין נאָמען, אַ פאָר געזונט. איך ווינטש איר פון טיפן האַרצן זי זאָל דערגרייכן איר ציל. זי איז טאַקע נישט פאַר דיר, זי איז אָבער אַ יידישע טאָכטער. און ס׳איז אויך אויף איר אַ רחמנות. נאָר זוים זיך נישט צו לאַנג. אַצינד אַוודאי נישט. דו ביזט דערווייל אַ חתן פאַר אַן אַנדערער״

**

ער איז צו איר אַריין. האָט געזאָגט אַ גוטן־אָוונט און איז געוועזן גרייט צו איר דינסט. אין עס־צימער וואו ער האָט איר געטראָפן, זענען שוין געשטאַנען פאַרפּאַקטע הילצערנע קאַסטנס, וועלכע מען האָט נאָר געדאַרפט פאַרקלאַפּן.

ווי נאָר אָבער זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן און אים דערזען, האָט זי זיך גלייך אויסגעדרייט און איז אַריין אינעם צווייטן צימער. ער איז איר נישט נאָכגעגאַנגען און איז געבליבן אויף זיין אָרט. זי האָט זיך אָבער באַלד צו אים אומגעקערט. קענטיק זיך באַ־

הערשט און האָט אים געבעטן איר צו העלפֿן פֿאַרפּאַקן די קאַסטנס. כאָטש זי האָט עס אַליין געקענט טאָן.

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן ווי נאָר זיי האָבן אים דער־זען, פֿאַרלאָזט דעם צימער. איז דאָס געווען פֿון פֿאַרדרוס, צי כּדי צו לאָזן זיי אין זייערע לעצטע געזעגענונגס מינוטן אַליין, האָט ער נישט געקענט וויסן.

זי האָט וועגן זייערע באַציונגען נישט גערעדט. ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט. אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום דער געשעפֿטלעכער זייט פֿון איר רייזע. זי האָט פֿונדעסטוועגן אָנגעהויבן ריידן וועגן באַגלייטן איר צו דער באַן. און ער האָט שוין פֿאַר איר געגרייט אַ תּירוץ. נאָר נאָך איידער ער האָט עפּעס געזאָגט, האָט זי אַליין דערפֿון רעזיגנירט.

דאָס האָט אַזוי געדויערט, ביז עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פֿון איר אָפּפֿאָר, ווען ס׳איז געקומען די שעה פֿון איר אָפּפֿאָר האָט זי מיט פֿייכטע אויגן אים געבעטן זיך געזעגענען און אַהיים גיין. איר בליק האָט זיך געענדערט. זי האָט דאַן אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט און ווי אומגערן אים צוגעדריקט צו זיך.

— זייט גליקלעך און צופֿרידן. און אויך פֿאַר מיר, בערעלע... האָט זי אַרויסגעכליפּעט.

— פֿאָרט געזונט און דערגרייכט אייער ציל, שרהלע. האָט ער קוים זיך איינגעהאַלטן און געענטפֿערט. אַ, יאָ, שיעור נישט פֿאַר־געסן, האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט. מיין מאַמע ווינטשט אייך אַ גליקלעכע רייזע, און איז אַוועק.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

ביילטשע האָט שרהלעס אַוועקפֿאָרן אויפֿגענומען מיט אַ פֿאַר־לייכטערונג. איז אָבער דערמיט נישט געווען גליקלעך. זי האָט עס באַטראַכט ווי אַ מוז, ווי עס וואָלט נישט געווען קיין אַנדער ברירה. און האָט עס אָנגענומען מיט באַדויער.

און וואָס מער ס׳איז אַוועק די צייט פֿון איר אַוועקפֿאָרן, אַלץ מער האָט זיך אין איר געשטאַרקט דער באַדויער. זי האָט שוין לאַנג נישט געפֿילט יענעם צאָרן וואָס זי האָט אין אָנהויב אויף איר גע־

טראָגן. זי האָט איר אַפּילו שוין מער נישט גערופן „די מויד״, נאָר פאַרצויגן שרהלע.

און וואָס מער בערעלעס שידוך האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, האָט זי אַלץ מער אין דעם געפּרוווט זען ווי אַ שטראָף פאַר שרהלעס פאַרשעמונג. כאָטש ס׳איז צווישן זיי נישט געווען קיין וואָרט און ס׳איז חלילה גאָרנישט געשען.

שרהלעס אַוועקפאָרן פון דער היים, האָט פאַר ביילטשען בולט געמאַכט די ליידן פון אַ צעוויטיקטער נשמה. און דאָס, האָט זי מורא געהאַט, וועט זיך פאַטאַל אָפּרופן אויף בערעלעס שידוך.

און זי האָט טאָפּלט מורא געהאַט. האָט מורא געהאַט פאַרן אָפּנאַרן אים, אַזוי אַז סיי ווי וועט ער ביי איר נישט האָבן קיין עקזיסטענץ, און זי האָט ווי מאָדנע, מורא געהאַט, טאָמער פירט מען יאָ אויס אַלץ וואָס מען האָט צוגעזאָגט און ער וועט דאַרפן מיט איר חתונה האָבן.

דאָס צווייטע, אַן אומגליקלעך צוזאַמענלעבן, האָט איר מער געשראָקן ווי אַלץ. זי האָט נישט געוואָלט אויף זיך נעמען אַזאַ אחריות. און צוליב איר מישן זיך, דאָס ווי צווינגען אים מיט איר איבערצורייסן, וואָלט איר געמאַכט פאַרן גאַנצן גורם פון דעם.

האָט זי זיך שוין מער נישט געוואָלט וואַרפן אויף בערעלען מיט איר מאַמעשער איניציאַטיוו. זי האָט אַצינד לגבי חייקען אַלץ מער געוואָלט זיין אין שאָטן. האָט געוואָלט אַלץ לאָזן פאַר אים אַליין. זאָל ער האַנדלען ווי ער פאַרשטייט און ווי עס דיקטירט אים זיינע געפילן.

זי האָט אים דעריבער צוגערעדט ער זאָל זיך אָריבערכאַפּן צו דער כלה אויף אַ באַזוך. ער זאָל זיך נישט איילן, זיך דאָרט גוט אומקוקן. זאָל ער אויספרווון זיין אייגן האַרץ און האַנדלען בלויז אין הסכם מיט זיך.

אויך בערעלע האָט דערפון געטראַכט. ער פילט ווי זיין האַרץ איז ליידיק ווי אַ ליידיקער זאַנג. דער איבעררייס מיט שרהלען און דאָס אַנהענגען אויף אים חייקען, האָט איינגאַנצן זיין נשמה צע־רודערט.

וויל ער נאָך איינמאָל פּרווון און זען, צי וועט זי חייקע, קענען איינשטילן די צערודערונג וואָס אין אים און אויספילן זיין אויס־געליידיקטקייט. — און אויב נישט, טאָ צו וואָס זיך נאָך בינדן מיט

שטריק? איז נישט גלייכער זיך לויז מאַכן און ווערן באַצייטנס פריי?...

ער האָט איר צווויסן געגעבן ווען ער קומט און זי האָט אים שוין אָפּגעוואַרט ביי דער באַן. זי האָט גענומען אַ דראָזשקע און זיי זענען צוגעפאָרן צום שטוב. זיי האָבן אויפן וועג גאָרנישט גע־רעדט, ווי ברוגז צווישן זיך. יעדער איינער האָט געוואָרט דער צווייטער זאָל אָנהייבן. נאָר דערוויי̈ל זענען זיי צוגעקומען צום שטוב.

אין שטוב האָט זי זיך אַנטשולדיקט אַז זי מוז גיין אין קראָם, העלפן דער קראַנקער מאַמען. „דאָנערשטיק", האָט זי דערקלערט, איז אַ שטאַרק פּאַרנומענער טאָג. און באַזונדער היינט, איז נאָך אַ יריד־טאָג. זי וועט קומען אין אָוונט און דאַן וועט ער מיט איר קענען פאַרברענגען.

ער איז נאָך איר אַוועקגיין אַראָפּ אין גאַס. האָט באַטראַכט דאָס הויז, באַזונדער די קראָם און האָט געכאַפּט אַ שפּאַציר איבערן שטאָט. די שטאָט איז אין איר גרויסער מערהייט געווען אַ יידישע און אין צענטער, וואו דער מאַרק איז געווען, האָט זיך קאָנצענ־טרירט גאָר דער יידישער האַנדל.

און אינעם דאָזיקן צענטער, אין סאַמע מיטן, האָט חייקע מיט איר מאַמען אַצינד געיאַרידעוועט. ער האָט געזען ווי זי האָט פלינק גע־ענטפערט אירע קונים. פויערים פון דער אומגעגנט און אויך דייטשע סאָלדאַטן.

זי האָט געוויגן און געמאָסטן, זיך געשוווירן אויף אַ געמישטן רוסיש־פויליש און אויך אויף אַ געמישטן יידיש־דייטש. זי האָט אים אויסגעזען אַ בריה. און ער האָט איר געפּרוווט פאַרגלייכן צו זיין הנה׳לען. נאָר וואָס מער בריה׳שאַפט זי האָט אַרויסגעוויזן אין קראָם, אַלץ ווייניקער איז זי אים געפעלן געוואָרן.

ווי אירע הענט, האָט ער געזען, איז אויך איר שפּראַך אַ פלינקע. אַ פלינקע, קרעמערישע — נאָר אַן אָרעמע, ווי ס׳איז אָרעם דאָס לעבן פונעם פויער וועמען זי באַדינט. און ער וואָלט נישט וועלן נאָך אָרעמער מאַכן זיין לעבן.

ס׳איז אים פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס אַרומדרייען זיך אין שטאָט. ער איז געווען איינער צווישן אַזויפיל פאַרהאַוועטע מענטשן. איז

ער צוריק אַרויף אין שטוב. וואַרטנדיק אויפן אָוונט, אויף חייקעס פריי ווערן.

חייקע איז אין אָוונט געקומען. און גלייך נאָכן אָוונט־ברויט, האָט זי זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. דאָס מאָל האָט זי מיט פאַרקאַשערטע אַרבל פאַרוקט אין אויוון, די פון פריער צוגעגרייטע ברויטן און חלות.

זי האָט איר חתן אַוועקגעזעצט אַנטקעגן איר אויף אַ סאָפע. זאָל ער זיך צוקוקן און זען די בריה׳שאַפט פון זיין כלה און זיך נישט לאַנגווײלן.

דער פלאַם פון אויוון וואָס האָט צעגליט איר געזיכט, האָט ראָזער געמאַכט די גרינקייט פון איר פנים, געבנדיק איר אויף אַ מאָמענט אַביסל רייץ. דערפאַר אָבער, האָט דאָס פאַרויסבייגן זיך פון איר קערפּער, נאָך בולטער געמאַכט די קרומע ליניעס פון אירע היפּטן. אַרויסרוקנדיק די איבעריקע צעוואַקסנקייט פון איר אונ־טערשטן טייל גוף.

זי האָט ענדלעך די אַרבעט געענדיקט און זיך אַוועקגעזעצט נעבן בערעלען. בערעלע האָט איר געהאַט אַ סך צו פרעגן. ער האָט גע־וואָלט מיט איר ריידן תכלית... ער האָט זיינע פראַגן נאָך פון פריער געהאַט צוגעגרייט. ס׳איז אים אָבער אָנגעקומען שווער זיי אַרויס־צוברענגען.

ענדלעך האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט אָנגעהויבן:

— זאָג מיר חייקע. וואָס וועט פאַרט זיין מיט אונדז? ס איז שוין אַוועק אַ צייט פון אונדזערע תנאים און ס׳איז שוין אויך אַרי־בער דער טערמין פון סילוקן דעם נדן. און גאָרנישט. ס׳רירט זיך נישט פון אָרט. אויב מען איז נישט בכוח צו געבן. דאַרף מען נישט צוזאָגן.

— איז וועגן דעם ביזטו געקומען? ביזט געקומען מאָנען דעם נדן? האָט זי פאַרדריסלעך אַרויסגעזייערט צווישן אירע ציין.

— וואָס מיינסטו. חייקע, איך בין געקומען מאָנען דעם נדן? דו האַלסט אַז איך דאַרף גאָרנישט ריידן דערפון? אויף דעם האָט מען דאָך געשריבן תנאים. און דו אַליין ביזט אין דעם נישט אינ־טערעסירט?

— איך מיין, בערעלע צו פרעגן, צי דו ביזט געקומען צו מיר, צי בלויז נאָכן נדן?

— איך בין טאַקע געקומען צו דיר, הייקע, איך וועל אָבער אַן דעם נדן נישט חתונה האָבן. איך וואַרט נאָך אויף די איבעריקע צוזאָגן, נאָר דאָס איז שוין אַ שפּעטערדיקע זאַך. איך פאַרשטיי די שוועריקייטן פון פאָרן נאָך אַמעריקע. דאָס איז נישט אָפּהענגיק בלויז פון מחותן, דער נדן אָבער, איז דער ערשטער באַדינג.

— האָב נישט קיין מורא נאַרעלע. דו מיינסט. אַז איך אַליין וואָלט נישט וועלן האָבן קיין טויזנט דאָלאַר? מען דאַרף אָבער נאָך האָבן געדולד. דערווייל וואָלסטו נישט געלעגן אויפן גאַס. זעסט דאָך, ס'איז דאָ אַ הויז. אַ קראָם און גאָט צו דאַנקען. פאַר קיין הונגער וואָלטן מיר דערווייל נישט געשטאָרבן. מ'דאַרף קודם זיין צוזאַמען.

— ניין, הייקע, די מאַמע וועט פריער נישט איינגיין אויף קיין חתונה. האָט ער זיך געשטאַרקט — און זיך אַרויסגעהאָלפן מיט דער מאַמען.

— און דו בערעלע האַלסט זיך נאָך ביי דיין מאַמעס פאַרטוך? איך מיין, אַז דו ביזט שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט זי אים ווי אַ מאַמע נעמט אַ קינד, אים צערטלעך אָנגענומען ביי דער האַנט.

און מיט אַ מאָל האָט זי זיך אויפגעשטעלט, אים אַריינגעפירט אינעם גרויסן זאַל און אָוועקזעצנדיק אים נעבן זיך אויף דער פּלושענער סאָפע, האָט זי אויסגעלאָשן דאָס ליכט.

אינעם צימער איז געווען אינגאַנצן טונקל. אַ בלאַסער שיין נאָר, האָט זיך אַדורכגעריסן פון אַ זייטיקן מיט טיול פאַרהאָנגענעם פענצטער. אַלץ איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקענט הערן דאָס קלאַפּן פון איר האַרץ.

ער איז אַזוי געזעסן נעבן איר ווי זי האָט אים אַוועקגעזעצט, אַ פּאַסיווער, אַ ווילנלאָזער און אָן שום באַוועגונג. קיין שום געפיל און ליידנשאַפט האָט ער אין זיך נישט געפילט. ווי אַל־דאָס מענלעכע וואָלט אין אים אויסגערינט.

עס האָט אים אַליין פאַרדראָסן זיין דאָזיקע שוואַכקייט. ער האָט איר פאַרשטאַנען — און האָט איר נישט צו פאַרשעמען, מיט עפּעס געוואָלט אַנטקעגן גיין און זי איז דאָך זיין כלה. ער איז אָבער געווען ווי געליימט און האָט איר נישט אָנגערירט...

אין הייקען האָט זיך אַלץ געצאַפּלט פון אויפרעגונג און ליידן.

איר פּנים איז נאָך גרינער און פאַרקרימטער געוואָרן. זי האָט זיך אָבער גובר געווען און ווי בערעלע, מיט גאָרנישט רעאַגירט.

בערעלע האָט זיך געפּילט שלעכט. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער זיך באַפרייען פון דער דאָזיקער ענגעניש. — און ער האָט נאָך געדאַרפט זיין ביי איר שבת. ער האָט אָבער נישט געקענט און נישט געוואָלט זיך אַליין אויפהייבן. האָט געוואַרט אויף איני־ציאַטיוו. ביז ענדלעך זי האָט זיך אויפגעהויבן און האָט אים מיט־גענומען אינעם צווייטן צימער. ער האָט זיך דערפילט דערלייכטערט. ווי אַ שווערע משא וואָלט פון אים אַראָפּ.

אויף פרייטיק איז זי געווען פאַרנומען. ערשט שבת, ווען די קראָם איז געווען פאַרמאַכט, איז זי געווען אינגאַנצן פריי. זי האָט אין אירע שבתדיקע מלבושים אויסגעזען אַביסל בעסער. נאָר איר געמיט איז ווי ביי בערעלען געווען באַשווערט.

בערעלע האָט דערזען די לאַגע — און ער האָט שוין געהאַט קלאָר זיין חשבון. ס׳איז ביי אים נאָר געווען אַ פראַגע פון צייט. דערווייל, ווי לאַנג ער איז ביי איר, וועט ער זיך אויפפירן פריינט־לעך און וועט מער וועגן תכלית נישט ריידן. ס׳איז שוין אַלץ איבעריק. ער וועט נאָר שפּילן דעם חתן.

זיי זענען שבת נאָכן עסן געגאַנגען שפּאַצירן. זי האָט אים געפירט אויסערן שטאָט, צו ערגעץ אַ קרובה, וואָס האָט געוווינט אין אַ קליין הייזל מיט אַ מאָכיקן שינדל־דאַך.

אַריין אינעווייניק, האָט זי אים פאָרגעשטעלט: „מיין חתן בערעלע, מומע לאה". מען האָט דערלאַנגט כיבוד, און לאה. אַן הויכע, דאַרע, עלטערע פרוי, האָט דעם גאַנצן געשפּרעך אָנגע־בונדן אין זיי.

און פרעגנדיק, ווען מיט מזל זיי האָבן חתונה, האָט זי שוין פאַר אייניקלעך געלויבט חייקען; איר בריהשאַפט. באַלעבאַטישקייט און חכמה. דערנאָך איז זי אַריבער צום מחותן.

און ווענדנדיק זיך צו בערעלען, האָט זי געזאָגט: „דו ווייסט דען מיין קינד, וואָס פאַראַ מענטש דאָס איז? ער איז דאָך אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ. ער וועט זיין קינד קיין עוולה נישט טאָן.

האָט ער עפּעס צוגעזאָגט, וועט ער עס מקיים זיין. מען דאַרף נאָר האָבן געדולד. און דו קוקסט אָן חייקען, זי איז דאָך זיין טאָכטער

און זון. אַ בת־יחידה איז זי דאָך. ער האָט דאָך נישט מער קיינעם הלואי וואָלט איך געהאַט אַזאַ שנור ווי זי, דיין כלה איז.

און דו בערעלע, שלעפ נישט מיט קיין חתונה. ביי יידן שלעפט מען נישט. געשריבן תנאים, איז חתונה געהאַט. איך אַליין האָב חתונה געהאַט צו זעכטצן יאָר. און איך האָב צום לעבן גאָרנישט דער־לעגט. צופיל אַריינקלערן דאַרף מען אויך נישט. ווי שטייט: „ווער עס גיט לעבן, גיט צום לעבן״. און זאָל זיין מיט מזל.

ער איז געזעסן בערעלע, און זיך אַלץ איינגעהערט. ער האָט סיי ווי סיי נישט געקענט קומען צום וואָרט. זי האָט אים ווייזט אויס צוליב דעם אַהערגעבראַכט. זיי האָבן דערנאָך נאָך גערעדט וועגן זייערע אייגענע, היימישע ענינים, וואָס האָט אים נישט אינטערע־סירט. ביז חייקע האָט זיך אויפגעהויבן און זיי זיינען אַוועק.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

ווען בערעלע איז אַהיים געפאָרן, האָט ער דערפילט אַ גאַנצע איבערקערעניש. ווי אַלץ וואָלט זיך אין זיין אַפּוועזנהייט געביטן. די טעג וואָס ער איז געווען ביי חייקען, איז ער געווען אַזוי פאַרנומען און פאַרטאָן מיט די אייגענע געדאַנקען, אַז ער האָט אויסער זיך גאָר־נישט געזען און געהערט.

עס האָט זיך אָבער ווי אויף פליגל פון אָדלער אַ נייע בשורה אַהער דערטראָגן. דערטראָגן, דורך אַלע צוימען פון עטער און גרענעצן. אַ בשורה פון פרייהייט וואָס פאַרלייכטערט דעם דרוק פון דער דייטשער אָקופּאַציע און גיט האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

די נייעס וואָס איז אַהער דערגאַנגען, האָט אויפגעטרייסלט אַלע הערצער און געמיטער. אין פּעטערסבורג, דער הויפּט־שטאָט פון די צאַרן, איז געווען ווי די נעוואַ וואָלט זיך צעשטורעמט און אַ צעבו־שעוועטע זיך אַריינגעריסן אינעם צאַרישן הויף.

דער טראָן פון די ראָמאַנאָווס, וואָס האָט אין לויף פון יאָר־הונ־דערטער באַצוואונגען אייגענע און פרעמדע, איז געוואָרן צעשטערט און ווי אַ פאַרצייטיקער געץ וואַלגערט ער זיך אין שטויב.

אַ שטילע פרייד, ווייל נאָך אונטער דייטשער אָקופּאַציע, האָט

אַלעמען באַהערשט. מען האָט שוין בחוש געזען, אַז נאָענט איז דער טאָג פון די דייטשנס אַוועקגיין. און דער סוף פון דער אומ־זיסטער בלוט־פאַרגיסונג און מענטשלעבן פיין איז נאָענט.

ס׳האָט נישט לאַנג גענומען ווי די רוסישע איבערקערעניש האָט אויך די דייטשע „זיגער״ מיט רעוואָלוציע אָנגעשטעקט. אויך אין בערלין איז דער „קאַיזער״ פון זיין טראָן געוואָרן אַראָפּגע־וואָרפן און אין גלות אַוועק.

און ווי צעשטורעמטע כוואַליעס האָבן די בערלינער געשעענישן אויך געשטורעמט די לענדער פון זייער פאַרכאַפּונג. אַ שוואַכקייט, וואָס האָט ווייך געמאַכט און צעבראָכן דעם גייסט פון דער דייט־טשער אַרמיי, בפרט ביים דערנענטערן זיך פון פילסודסקעס לעגיאָ־נען, איז די דייטשן באַפּאַלן.

מען האָט שוין אין פוילנס שטעט מיט די דייטשן נישט גער־דאַרפט צופיל קעמפן. אַ פּחד איז אויף זיי געפאַלן וואָס האָט זייערע הערצער ווי וואַקס געמאַכט צוגיין. די דיסציפלין איז ביי זיי לויז געוואָרן און יעדעס פוילישע יינגל האָט שוין ביים פאַריסענעם דייטש די ביקס פון האַנט געקענט אַרויסשלאָגן.

אין פאַרלויף פון טעג איז שוין אין פוילן קיין פרעמדער דייטשער פוס נישט געווען. אים — האָט פאַרביטן דער פוילישער זעלנער מיטן ווייסן אָדלער. ווי דעם רוסישן סטראַזשניק מיט דער לאַנגער שווערד, האָט פאַרביטן דער פוילישער פּאָליציאַנט מיטן נאגאַן און פאַלקע.

אין שטאָט האָט זיך ביסלעכווייז גענומען איינשטעלן אַ ניי לעבן. דער פויער און קרעמער איז געקומען צו זיך און ווי פריער האָט זיך אַלץ צוריק גענומען באַוועגן. קויפער און פאַרקויפער האָבן באַנייט דעם צוטרוי איינעם צום אַנדערן און די פאַרמלחמה־דיקע שפע האָט זיך צוריק באַוויזן.

אויך ביילטשעס קראָם האָט זיך באַנייט. זי האָט זיך אָנגע־שטרענגט, האָט פאַרקויפט איינִיקע איבעריקע זאַכן און האָט צוריק אָנגעפילט איר קראָם מיט כל טוב. און ביידע, ביילטשע מיט חנה־לען, האָבן געוואָלט אָפּנעמען די פאַרלוירענע צייט.

די איבעריקע מיידלעך זיינען אויסגעוואַקסן און נאָך אַן עול האָט אויסגעזען זיך צו לייגן אויף ביילטשעס פּלייצעס. זי האָט אָבער צופיל פאַר זיי נישט געדאַרפט זאָרגן. ווייל די מיטעלע

בתיה, האָט זיך צעבליט ווי אַ שלאַנקע סאָסנע און האָט איבערגע־ שטיגן אַלע מיידלעך פון שטאָט מיט איר שיינקייט און חן.

און ווי נאָר דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך נאָרמאַליזירט, איז בתיהן פּאָרמיאָוסט געוואָרן צו פירן די שטוביקע ווירטשאַפט, האָט עס איבערגעלאָזט פאַר דער יינגערער איטקען און איז אַוועק פאַר זיך אַליין פאַרדינען.

ביילטשען האָט עס אין אָנהייב נישט געשמעקט. האָט איר, כאָטש זי איז געווען באַשעפטיקט ביי דער אייגענער פאַמיליע, גע־ פּרווו שטערן. זי האָט אָבער דורך דער צייט צו אַ סך זאַכן זיך שוין געהאַט צוגעוווינט. און האָט בלית ברירה אויך צו דעם גע־ מוזט מסכים זיין.

בתיה איז אָבער לאַנג ביי איר באַשעפטיקונג נישט געבליבן. אַ קרוב, וואָס האָט נאָך ביי שלמה׳ס לעבן אויף איר געטשאַטשעוועט ווי מען טשאַטשעוועט אויף אַ שיינעם עקזאָטישן פויגל, האָט אויף איר אַ נעץ פאַרוואָרפן.

נאָר דאַן, זענען ביידע, שלמה און ביילטשע, געווען צו שטאָלץ ביי זיך. בתיה איז נאָך געווען צו יונג און דער בחור, כאָטש אַן אייגענער, איז ער אָבער מער ווי אַ טאַטנס אַ קינד נישט געווען. — ער איז פאַר שלמהן געווען צו פּראָסט, און פאַר ביילטשען ווייניק רייך. האָבן זיי פאַר אים דעם וועג פאַרצוימט.

דעם יינגלס מאַמע האָט זיך ביי ביילטשען געבעטן זי זאָל נישט שטערן די קינדערס גליק. „אַז די קינדער ווילן זיך, האָבן זיך ליב, דאַרפסטו זיי שטערן? וואָס? עס שטייט דיר נישט אָן מיין אפרים און דיין אייגענע משפחה?” האָט זי ,פרומע, נישט מיט אומרעכט געטענהט.

— יאָ, עס זענען דאַן געווען אַנדערע צייטן, די פייגל פון איר וואַלד, האָבן אַנדערע, פריילעכע לידער געזונגען. — אַציינד אָבער איז ביי איר אַן אַנדער לאַגע. און זי האָט זיך אויפגעהערט צו מישן.

אדרבא, זי וועט זיין צופרידן, אַז אין איר הויז וועט זיך ווער־ נעמען רירן, — זי וועט אויך פאַרקוקן דעם פריער און שפּעטער. — בפרט ווען זי זעט שוין פאָרויס אויך בערעלעס אַ דורכפאַל.

זי האָט לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. ווי נאָר דייטשן זענען אַוועק, האָט זיך אפרים אַראָפּגעכאַפּט צו בתיהן. ער האָט דערשפּירט

די ענדערונג וואָס איז ביי ביילטשען איינגעטראָטן. ער איז ביי איר אָפּגעווען אַ צייט. און די אַלטע ליבע האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט.

מען האָט באַלד געמאַכט אַ וואָרט און באַשטימט די חתונה. דער גאַנצער עול איז אַראָפּ פון ביילטשעס פּלייצעס. זי האָט אויסער אַ פּאָר לעקעכער מיט בראָנפן, צו דער חתונה מער נישט מיט־גענומען.

די חתונה אַליין, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, איז געווען אַ שטילע. בלויז אַ מנין מענטשן פון די נאָענטסטע קרובים זענען געווען. אַזוי האָבן חתן־כלה געוואָלט. „זיי זענען ביידע", האָט שוין אַצינד ביילטשע געזאָגט, „טייערע קינדער". זיי קענען די לאַגע און ווילן זייערע עלטערן נישט באַשווערן. און ס'האָט אויך אַזוי צוליב חנה'לען — געדאַרפט זיין.

בתיה האָט אַפילו איר דירה, איר חלק ירושה פונעם טאַטן אָפּגעטראָטן פאַר חנה'לען. זאָל איר זיין גרינגער צו אַ שידוך. אַלע האָבן מיט חנה'לען געהאַט איינזעעניש. האָבן אָפּגעשאַצט אירע פאַרדינסטן פאַר דער משפחה און האָבן געוואָלט זען איר גליק.

ביילטשע איז פון בתיה'ס חתונה צוריקגעקומען אַ באַנייטע, ווי אַ נייע נשמה וואָלט אין איר אַריין. און זי האָט דערזען אַ נייעם שטראַל פון האָפענונג. „דאָס אייז האָט זיך אַ ריר געטאָן", האָט זי אין זיך פון פרייד געלאַכט.

און מיט בערעלען האָט זי אויך נישט וואָס צו דאגהן. שרה'לע איז אַוועקגעפאָרן און מיט חייקען וועט ווי אַזוי עס וועט נישט זיין אויך זיין גוט. אַ בחור, איז אַ בחור, מיט אַלע זיינע אַדורכפאַלן. און אפשר דאַרף טאַקע אַזוי צו זיין? אפשר איז טאַקע באַשערט, אַז חנה'לע, די עלטערע, זאָל פריער חתונה האָבן פאַר בערעלען?

* *
*

הרב גרינבערג איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. אַצינד האָט בערעלע אַוודאי באַשלאָסן צו וואַרטן. מען דאַרף יוצא זיין פאַר מענטשן און צוגרייטן אַ באַרעכטיקונג פאַר די וויטערדיקע מעשים.

עס זענען אַוועק מאָנאַטן, און נישט נאָר איז פון מחותן נישט

געקומען קיין צורת מטבע, נאָר אויך נישט קיין צורת אות. האָט זיך בערעלע אָנגענומען מיט מוט און האָט צו אים געשריבן: „ליבער מחותן, דער טערמין פון סילוקן דעם נדן איז אַריבער. איר זייט שוין אויך מיט מזל אין אַמעריקע. און נישט קיין געלד שיקט איר און נישט איר נעמט מיר אַריבער.

„איז וואָס מיינט איר, אַז איך וועל זיך צוליב די תנאים אויף אייביק לאָזן בינדן? — ניין, און ניין! פאַרגעסט נישט, אַז איך האָב נאָך נישט חתונה געהאַט. כאָטש אויך נאָך אַ חתונה, קען מען זיך באַפרייען...

„איך גיב אייך אַלזאָ, נאָך דריי מאָנאַטן צייט. און אויב אין פאַרלויף פון דער צייט וועט איר נישט אויספירן כאָטש איין פונקט פון די תנאים, זאָלט איר וויסן זיין אַז איך בין פריי פון מיינע התחייבותן צו אייער טאָכטער".

ער האָט אים געענטפערט, אַז ער זאָל האָבן געדולד. ער וועט אם ירצה השם מיט דער צייט זיך איינאָרדענען. און אַז ער וועט זיין איינגעאָרדנט, וועט ער זען עפעס צו טאָן.ביידע זאַכן מיט אַמאָל וועט ער סיי ווי נישט באַווייזן.

די זאַך איז פאַר בערעלען שוין געוועזן קלאָר. ער וואָלט אַפילו נישט געדאַרפט וואַרטן. מ'זעט לויט זיין שרייבן אַז ס'איז אַן עסק אויף יאָרן. און אויך פאַר דעם — וועט קיינער נישט גאַראַנטירן. נאָר אַזוי ווי עס וועט זיך סיי ווי דערפון אויסלאָזן אַ טייך, וועט ער זיך שוין האַלטן ביי זיין געגעבענער צייט. און דערנאָך וועט ער האָבן יוצא געוועזן פאַר אַלץ און אַלעמען.

די דריי חדשים זענען אַוועק. און ער האָט צוריק געשיקט די תנאים. ער האָט פונדעסטוועגן זיי ביידע, חייקען און דעם מחותן באַדויערט. צי ער איז גערעכט צי נישט, זענען ווידער מענטשלעכע האָפענונגען געוואָרן צעשטערט. און ער איז זייער אומדירעקטער גורם...

אַזוי איז שוין דער גורל פון דער וועלט. יעדער איינער בויט זיך אויפן צווייטנס חורבות. דאָס קערנדל וואָס ברענגט אויף אַ נייע פרוכט, מוז פריער אין איר אייגענער צעפאַלונג פאַרשווינדן.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

בערעלעס אומרוהיקייט האָט זיך נאָכן צוריקשיקן די תנאים פאַרשטאַרקט. ער האָט פאַרלוירן דעם געדולד צו שטיין אין זיין מוטער׳ס קראָם. דער איבעררייס מיט שרה׳לען און דערנאָך מיט חייקען, האָט פאַרווונדעט זיין נשמה און האָט אים געשאָפן אַ צערייצטקייט, וואָס האָט אים געמאַכט נערוועיש און אומרוהיק. און זיין גאַנצער פריערדיקער שטייגער איז אים געוואָרן דערווידער.

און דערפילנדיק אין זיך אַ באַגער צו בייטן זיין אופן פון לעבן, איז ער ווי פריער בתיה אַוועק זיך אויסזוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג. ער האָט אָבער קיין פאַך נישט געהאַט. האָט ער זיך דערמאָנט איבעם יידישן שפּיטאָל פון זיין שטאָט, וועלכן זיין זיידע ר׳ יעקב ערליך האָט געהאָלפן בויען, און איז אַ הין אַוועק אַרבעטן.

מיטן נאָרמאַליזירן זיך פונעם לעבן נאָך די דייטשנס אַוועקגיין, האָט זיך אויך באַנייט די טעטיקייט פון שפּיטאָל. ער האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען קראַנקע און ס׳איז באַנייט געוואָרן די טעטיקייט פון זיין קליניק. האָט ער נישט האָבנדיק קיין שום מעדיצינישע דערפאַרונג, זיך אין אים געמאָלדן אַלס סאַניטאַר.

דער שפּיטאָל־פאַרוואַלטער אורי וויינער, אַן הויכער, שלאַנקער פאַרפוצטער ייד, מיט קיילעכדיקע ברילעלעך און צוגעשוירן רונדבערדל, האָט אים מאָדנע אָנגעקוקט. ער האָט אים מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן געוואָלט אַ דורכנעמען. וויסן צי מיינט ער ערנסט מיט זיין אַרבעט, צי וויל ער אַזוי זיך אַ שטיף טאָן מיט אים, שוין אַ ייד אין די פופציקער.

— בערעלע, האָט וויינער זיך געוווּנדערט. איר האָט שוין נישט פון וועמען חוזק צו מאכן, נאָר פון מיר? ווען איך וואָלט אייך נישט געקענט, וואָלט איך עס אָנגענומען פאַר ערנסט.

— פאַרוואָס גלויבט איר נישט אַז איך בין טאַקע געקומען אַרבעטן פאַרן שפּיטאָל? אָט וועט איר זען, צי איך וועל אַרבעטן צי נישט. און איבריקנס, וואָס שטעלט איר דאָ איין? אַז איך וועל נישט אויספירן מיינע פליכטן, וועט איר מיר נישט באַצאָלן.

— די זאַך איז די, בערעלע, וואָס איך וואָלט נישט וועלן קאָמאַנדעווען — מיט ר׳ יעקב׳ס אַן אייניקל. און די אַרבעט איז

אויך אַ שווערע. און כאָטש קיין גאָר שווערצע אַרבעט וועל איך אייך נישט געבן, איז אפילו די סאַניטאַרישע, וואָס קיין אַנדערע בלייבט שוין אוודאי נישט, ווייל איר זייט דאָך נישט קיין דאָקטאָר, אויך נישט צוגעפּאַסט פאַר אייך.

— מילא, אַ ביסל געניטקייט, לאָמיר אָננעמען, וועט איר קריגן. איר וועט אָבער דאַרפן צוזאַמען מיט דער שוועסטער אַרויפטראָגן און אַראָפּטראָגן די קראַנקע, גאַנצע נעכט ביי זיי אויף זיין. און אָפט אויך טאָן אַנדערע אומאַנגענעמע זאַכן. און וויסן זאָלט איר, אַז די אַרבעט אין אַ שפּיטאָל, איז בכלל נישט קיין אויסגערעכנטע.

— איך זע, ה. ווייבער, אַז ווי פאַר אַ גר מאַכט איר מיר שווער דאָס האַרץ. מוז איך אייך אָבער זאָגן, אַז ערשטנס האָב איך פעסט באַשלאָסן צו אַרבעטן. און דאָס איבעריקע וועט מיר פאַרלייכטערן דאָס געפיל צו אַרבעטן פאַר יידישע קראַנקע. —

— און אייער מאַמע ווייסט, אַז איר גייט אַרבעטן אין שפּיטאָל? האָט ער צוריק גענומען אין אים גרונטעווען — מיט זיינע קורצ־זיכטיקע אויגן.

— צי זי ווייסט, צי נישט, דאַרפט איר זיך דערפאַר נישט זאָרגן. ס'איז אויך נישט אָפּהענגיק פון איר. איך בין שוין אַ דערוואַקסענער מענטש און בין ביי זיך פריי אויסצוקלייבן מיין אייגענעם וועג. און ס'איז דאָך נישט קיין שידוך, וואו מען דאַרף זיך פאַרקנסנען אויף אייביק.

* * *

דער שפּיטאָל איז געווען די שענסטע געביידע פון שטאָט. אָפּגערוקט פון די שטאָטישע געדיכטענישן, — האָט ער זיך ווי אַ ווילע געפונען ביים סאַמע סוף פון דער ווייטסטער גאַס.

אַ דריי גאָרנדיקער מויער, איז ער געווען אַרומגענומען מיט אַ גרינעם גאַרטל פוןביימער, געוויקסן און בלומען, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אין אַלע זייטן געצויגן אַלעען.

אין די רחבותדיקע אַלעען, פלעגט מען זומער אַראָפּטראָגן די לייכטערע קראַנקע, פאַר וועמען דער בייט פון זייער מאָנאָטאָנעם

לעבנס־שטייגער און דאָס אַרייננאָטעמען פון פרישער לופט, איז געווען אַ צווייטע רפואה.

די לעגענדעס וואָס האָבן אַרומגעהילט דאָס בויען פון שפּיטאָל, האָבן אים געמאַכט אַנזעעוודיקער אין די אויגן פון מענטשן. עס האָט אים צוגעגעבן אַ רעאַל פון גלויבן — וואָס האָט פאַרשטאַרקט די האָפענונג פון די קראַנקע פאַר זייער געזונט ווערן אין אים, און איינע פון אַט די לעגענדעס איז געווען פאַרבונדן מיט ר׳ יעקבן אַליין. דערפאַר אויך, האָט עס בערעלען געצויגן אים צו מאַכן פאַר זיין אַרבעטס־פּלאַץ.

בערעלע האָט אין די ערשטע טעג פון זיין אַרבעט נאָך קיין שוועריקייטן נישט געפילט. ווייל פונקט דאַן איז נאָך געווען ווייניק קראַנקע. מיט דער צייט אָבער איז די צאָל פון קראַנקע געוואַקסן און מיט דעם זיין אַרבעט.

דאָס ערגסטע אָבער איז פאַר אים געווען, דאָס טראָגן אַרויף און אַראָפּ פון די טרעפּ די אָפּעריִרטע און שוואַנגערדיקע פרויען. ער האָט זיי געדאַרפט טראָגן צוזאַמען מיט דער קליין־ווּקסיקער שוועסטער בלומה, אַ יונג מיידל פון אַן אָפּגעקומענער משפחה. דאָס גיין פאָרויס מיטן טראָג־בעטל און דאָס פון אונטן אים אונטער־שטופּן דורך דער קליינער בלומה, האָט געדריקט אויף זיינע מוס־קולן און קראַנק האַרץ.

און וואָלט אים דער דאָקטאָר דאַן באַטראַכט דאָס האַרץ, וואָלט ער אים מיט זיין נערווישן אויסגעשריי: „צום טייוול! צום טייוול מיט אַזאַ גבורהדיקן סאַניטאַר, וואָס דאַרף אַליין גיין און בעט אַריין״. אים גלייך פונדאַנען משלח געווען.

ער האָט זיך אָבער נישט געקלאָגט, ווי די שוואַכע שוועסטער האָט זיך נישט געקלאָגט. ער האָט אויסבאַהאַלטן זיין האַרץ־קלאַפּן פון יעדן איינעם, ווי ער האָט שפּעטער אויסבאַהאַלטן זיינע שטיפע־רייען — מיט דער קליינער בלומה.

בלומה, וואָס איז געווען אַ קיילעכדיקע יתומה און וועמענס עלטערער ברודער קלמן שיין האָט צוזאַמען מיט די איבעריקע קליינע יתומים אויך פונעם פאָטער איבערגענומען דאָס גרויסע ירושה־הויז, האָט נאָך אַ קורצער צייט פון האַלטן זיי ביי זיך,

זיך פון זיי באַפרייט, ווי אַ פויגל באַפרייט זיך פון זיינע יונגע, ווי נאָר זיי הייבן אָן צופליען...

האָט זי די שווערסטע צייט אויסגעהאַלטן ביי אַ צווייטן ברודער אויך אַזאַ אַרויסגעוואָרפענעם ווי זי, נאָר אַ מער רחמנותדיקער ווי קלמן, וועלכער איז שוין געווען איינגעאָרדנט און מיט וועמענס הילף זי האָט זיך אויסגעלערנט נייען.

די אַגלויפנדיקע דייטשע האָרדעס האָבן אָבער אויך איר, ווי אַ צאָל אַנדערע מיידלעך, אַרויסגעשטויסן פון זייער וועג און זייערע היימען צעבראָכן. האָט זי זיך קוים געקענט דערוואָרטן אויף דעם דייטשנס אַוועקגיין. און ווי נאָר זיי זענען אַוועק, האָט זי אויס־געקליבן צו דינען די קראַנקע און דורך דעם אויך זיך צו דערוועררבן אַן אייגן ווינקל.

זי האָט ווי בערעלע און די שפּיטאָל־אָקושערין די שוואַרצע טאַמאַרע, געהאַט איר אייגענעם צימער ווו זי האָט געוווינט און ווו זי האָט געהאַלטן די קראַנקן־כלים מיט די נויטיקע מעדיצינען. און איר צימער, וועלכן ס'האָט ווי בערעלעס אָפּגעטיילט די גרויסע קראַנקן־זאַלן, האָט זיך געפונען אויפן זעלבן גאָרן ווי די קראַנקע.

בערעלע איז שוין דאָ געווען אייניקע וואָכן. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו זיין אַרבעט און די מענטשן אַרום אים האָבן זיך אויך צו אים צוגעוווינט. איז נאָכגעגאַנגען דעם דאָקטאָר אין זיינע פרי־מאָרגנדיקע וויזיטן און האָט אויסגעפירט זיינע אָנ־ווייזונגען.

האָט שוין אייניקע זאַכן אַליין באַוויזן צו טאָן. מיט אַ געניטקייט פון אַ דערפאַרענעם פעלדשער, האָט ער פלינק געשטעלט באַנקעס, געמאַכט קאָמפּרעסן און אָפּאַטרונקעס און לויטן דאָקטאָרס רעצעפּט אויך אייניקע פּראָשקעס.

האָט אַפילו אויף זיך אַליין גענומען אייניקע שווערע פאַלן. אַ זעלכע, פון וועלכע דער דאָקטאָר האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעזאָגט. ער האָט אמת דערמיט אַ ביסל ריזיקירט, דער קראַנקער אָבער האָט שוין נישט געהאַט וואָס איינצושטעלן און האָט זיך ביי אים געבעטן דאָס צו טאָן. ער האָט דאָס געטאָן און ס'איז אים געלונגען. און קיינער א חוץ אים און דער קראַנקער האָט דערפון נישט געוווסט.

די אַקושערין, טרעפנדיק אים אין דער לאַבאָראַטאָריע מישן פּראָשקעס, האָט אויף אים געקוקט קרום. זי האָט מורא געהאַט פֿאַר קאָנקורענץ. „דאָס געהערט נישט צו אייך, איר האָט אָן דעם אויך גענוג וואָס צו טאָן“, האָט זי אין אָנהויב נאָך מיט אַ מילדן טאָן געזאָגט.

וואָס ווייטער אָבער איז זי געוואָרן צערייצטער. דערהויפּט נאָך זיין דערנענטערן זיך צו דער קליינער בלומה. ווי זי די שוועסטער וואָלט איר געשטאַנען אין וועג.

* *
*

טאַמאַראַ געלער, אַן עלטער מיידל, איז געווען אַ דיפּלאָמירטע פֿעלדשער־אַקושערין. אַ הויכע, אַ שוואַרצע, מיט ציגיינערישע אויגן און פּנים, האָט זי זיך אויך ליב געהאַט צו קליידן ווי אַ ציגיינערין. זי האָט פֿיינט געהאַט צו זיין אויף דער העלפֿט, האַלבירט. —

האָט זי צו איר טונקעלען, אויסגעצויגענעם פּנים, אין אירע אויערן געטראָגן גרויסע רעדער־רינגען, וואָס האָבן אויסגעזען אַזוי דין און אויסגעצויגן ווי איר פּנים. און קליידנדיק זיך אין טונקעלע קליידער. האָט זי אויסגעזען ווי אַ פֿאַלבע ציגאַנקע. און ווען נישט איר ליטוויש־אויסגעטריקנטער יידיש, וואָלט קיינעם נישט איינגעפֿאַלן אַז זי איז אַ יידישע.

האָט געוווינט אויפֿן דריטן גאָרן, וואו זי האָט פֿאַרנומען אַ גאַנצע דירה. אַן אָנגעשטעלטע פֿון שפּיטאָל, איז זי אויך געווען פֿריי צו טאָן איר פּריוואַטע פּראַקטיק. דערהויפּט אין די נעכט.

אין איר אָפּוועזנהייט האָבן איר פּאַרטראָטן דער סאַניטאַר מיט דער שוועסטער, וואָס האָבן אויך געדאַרפֿט אויסער זייערע טאָגיקע אַרבעט, לויט דער ריי אויך וואַכן איבער די קראַנקע אין די נעכט.

וועלנדיק זיך דערשלאָגן צו אַ תּכלית אין איר לעבן, — האָט זי איר דירה פֿאַרוואַנדלט אין אַ צונויפֿקום פֿון מענער צו וועלכן זי האָט אויך בערעלען איינגעלאַדן. נאָר בערעלע איז צו איר געבליבן רעזערווירט, האָט מורא געהאַט מיט איר זיך צו פֿאַרפּלאָנטערן. ווי אַלע וועמען עס געלינגט נישט אַלץ אין לעבן, איז זי געווען שטענדיק צערייצט.

בערעלע, ווי פאַרזיכטיקער ער איז געווען אַפילו מיט שרה׳לען, ווען ער האָט ליב געהאַט, האָט זיך דאָ ביי זיין אַרבעט אין שפּיטאָל געהאַלטן פיל פרייער. דאָ, צוקוקנדיק זיך צום טרויעריקן שפּיל פונעם לעבן: צום פאַרגיין פון אַלט און יונג, פון שטאַרקע און שוואַכע, — איז דעריבער זיין לעבנס־בליק געוואָרן טראַציקער און פרייער...

דווקא די מורא פאַרן מענטשנס סוף, האָט אים דרייסטער געמאַכט צו לעבן. עס האָבן אין אים געוואונען מאָנען פאַרלאַנגען און באַגערן, וועלכע ער האָט פריער אין זיין אויסגערעכנטקייט אונטערדריקט.

און ער האָט אָנגעהויבן באַקעמפן זיינע פרום־בחורישע איבער־בלייבעכצן — מיט אַלץ וואָס איז אים געקומען אונטער די הענט, נישט זייענדיק איבערקלויבעריש אין גאַרנישט.

ער האָט די זעלבע דערשיינונג באַמערקט ביי אַ טייל כראָנישע קראַנקע און טאָקע ביי אַזאַ קראַנקן האָט ער זיך דערנענטערט צו בלומה׳ן, פאַר ווען ער האָט נישט געהאַט קיין שום אַנדער געפיל, ווי נאָר מיט איר צו לעבן.

בלומה האָט באַדינט אַן אָפּט־קומענדיקן פּאַציענט, וועלכער האָט געהערט צו בערעלען. זי האָט אים באַהאַנדלט מיט אַ באַזונדער פרייד. מיט יענער פרייד, וואָס שיינט נישט אַרויס פון קיין ליידן, נאָר פון גלוסטנדיקע אויגן. — און אויך ער, דער כראָניש־קראַנקער, האָט איר מיטן זעלבן געענטפערט. און דאָס איז אים געוואָרן אויפ־פאַלנד.

ער האָט זיך פאַרטראַכט: „מעג איך פּרוּוון, אָנהייבן מיט איר? באַגיי איך נישט קיין עוולה״ קעגן אַן אומשולדיקער, אַ זעלכע, צו וועמען איך האָב נישט קיין שום באַציאונג און צוגעבונדנקייט?

„דו הייבסט שוין ווידער אָן מיט דיינע חשבונות? האָט אַן אויפגערייצטע שטים פון אים אַרויסגעשטורעמט. ס׳איז דיין אַלטע שעמעוודיקייט וואָס פּענטעט דיין ווילן און גוף. דו מוזט איר סוף כל סוף ברעכן. אַ נישט וועסטו פאַרוויאַנען ווי אַ טרוקן געוויקס. ס׳לעבן איז דינאַמיש, עס פאָדערט מעשים און נישט קיין צוריק־געהאַלטנקייט.

און הער אויף צו בטלען. אויב נאָר דו וועסט איר נישט באַ־

צווינגעז און אַפּנאַרן מיט קיין צוזאָגן — מעגסטו טיילן מיט איר דיין פרייד".

ער האָט איר פונדעסטוועגן געוואָלט אויספּרווון. זיין איינ־גאַנצן זיכער און נישט בלייבן צום נאַר... איז ער בייטאָג אַריין צו איר אין צימער. זי איז דעם טאָג געווען פריי פון דינסט און האָט גענייט אויף דער מאַשין.

ער האָט מיט איר אָנגעהויבן צו שטיפן. — איר אַ ביסל אָפּ־געבויגן פון דער מאַשין און צוריק געלאָזט. זי האָט נישט פּראָטעס־טירט. איז געווען נאָכגיביק און איז אַרויס מיט אַ ווילדן געלעכטער. מיט יענעם געלעכטער וואָס רעדט מיט דער שפּראַך פון לוסט...

„דאָס איז עס"! האָט ער געטראַכט. דאָס מיידל גלוסט צו לעבן און האָט אין דעם מער דערפאַרונג פאַר אים. ער הייבט מיט איר נישט אָן... איר קליינקייט און מיזערנעקייט מאַכט איר צו זיין געפאַלן ביי זיך און איז דעריבער נישט איבערקלויבעריש. כאָטש זי איז אין תוך אַן אָרנטלעכע און פון אַ פיינער משפחה.

פול מיט לוסט און באַגער, — איז ער ביינאַכט צו איר אַריין. ער האָט פאַרגעסן צו פאַרשליסן זיין צימער און מיטצונעמען דעם שליסל. זי איז געלעגן אין בעט, נאָר נישט געשלאָפן, ווי זי וואָלט אויף אים געוואַרט.

ער האָט אַ נישט־דרייסטער זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון איר בעט. זי האָט אים דערלאַנגט אַ קישעלע און ער האָט אויך אַזוי שטיל, אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, זיך צוגעלייגט.

זיי זענען אַנטשלאָפן געוואָרן. און מיט אַמאָל האָבן זיי דער־הערט אַ קלאַפּן אין טיר. אין אָנהייב איז עס געווען אַ טעמפּער אָפּהילך פון עפּעס, וואָס זיי האָבן נישט געקענט באַנעמען. נאָר וואָס ווייטער האָט זיך דאָס קלאַפּן פאַרשטאַרקט און זיי האָבן דער־הערט די שטימע פון דער אַקושערין.

„עפנט די טיר", האָט זיך דערהערט דאָס טרוקענע קול פון טאַמאַרען. „אַז איר וועט נישט עפענען, וועל איך אַרויפרופן דעם דאָקטאָר און מאַכן אַ גאַנצן סקאַנדאַל". האָט זי שוין העכער געשריגן.

בערעלע איז געוואָרן צעמישט. האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. ער געפינט זיך אין אַ מאָדנער לאַגע און עס קען דערפון ווערן יענער סקאַנדאַל. און מער ווי אַ סקאַנדאַל. ער האָט איבער־

געלאָזט די קראַנקע און איז זיך געגאַנגען פאַרברענגען מיט בלומה'ן.

זאָל ער איר עפּענען, איז דאָך ווי געכאַפּט ביי דער האַנט. זי טרעפט אים אַפילו אַ נישט אַנגעטוענעם. ער האָט אין זיין צעטומ־לעניש אי דעם שליסל אין דער טיר געלאָזט שטעקן און אי זיינע זאַכן דאָרט געלאָזט.

און ווידער נישט גיין אָפּנעמען ביי איר דעם שליסל, וועט זי דאָך אויף צומאָרגנס דאָס אויסנוצן און מאַכן אים פאַר אַלע צום נאַר. און ווי מען זעט איז זי אויף אַלץ פעאיק.

און וואו איז געווען זיין שכל, — האָט ער זיך אַליין געפּייניקט. „וואָס", האָט ער צו זיך געטענהט. „האָב איך שוין גאָר דעם געדאַנק פאַרלוירן? ווי אַזוי האָב איך עס גענומען און געלאָזט שטעקן דעם שליסל און דער טיר, נישט אויסרעכענענדיק, אַז זי דער שוואַרצער טייוול וועט עס אויסנוצן"?

„און ווי ווידער", האָט ער זיך ווייטער געפּייניקט, „האָב איך געקענט איבערלאָזן די זאַכן אין אַן אָפענעם צימער און נישט אָנטאָן זיי, אָדער כאָטש זיי מיטנעמען מיט זיך און נישט דאַרפן בלייבן בלויז מיטן סאַניטאַרן פאַרטוך?"

„וואו, וואו איז געווען מיין שכל?"

— און וואָס ווידער חכם מיינער, — שטייסטו אַציגד און פּייניקט זיך און דערווייל רוקט זיך די צייט, עס וועט ווערן טאָג און דו וועסט בלייבן אַזוי אין דער זעלבער לאַגע? וועט עס דען דיר עפּעס העלפן? האָט אים ווער אונטערגעזאָגט.

ער האָט זיך פון צעטומלעניש און פאַרלוירנקייט באַגאָסן מיט שוויס? „אָט האָסטו דיר"! ער האָט נאָר איינמאָל געפּרוווט זינדיקן און שוין האָט ער זיין שטראָף. זיין געדאַנק איז אים שווער געוואָרן. ער האָט אויף אַ מאָמענט אינגאַנצן אויפגעהערט צו טראַכטן, ווי גייסטיק געליימט.

נאָר מיט אַ מאָל איז צוריק אַ ליכטיקייט אין אים אויפגעגאַנגען. דער געדאַנק איז אים געוואָרן קלאָר און פול מיט דרייסטקייט. מיט יענער דרייסטקייט פון לית ברירה, וואָס קען וווּנדער באַווייזן.

ער וועט תיכף ומיד צו איר אַרויפגיין און פאָדערן דעם שליסל. מיט אַלע מיטלען אים פאָדערן און אויך אָפּנעמען. אין קאָן שטייט

דער כבוד פון צוויי מענטשן און זייערע משפחות. און ער האָט אַלע רעכט צו דעם אויך.

און זי טוט עס דאָך נישט לשם שמים. — זי וויל אים צוליב איר אייפערזוכט שאַנטאַזשירן. אים צווינגען צו ווענדן זיינע באַגערן צו איר. און ווען אפילו ער וואָלט אין איר געווען פאַרליבט, וואָלט ער אויך נישט אויף אַזאַ אופן זיך געלאָזט נעמען. ער האָט ליב אָפנקייט און אָפענע ווענדונגען...

אַפילו אַ ליבע אויב זי באַהאַלט זיך אונטערן אייגענעם שטאָלץ, איז פאַר אים קיין ליבע נישט. ער איז נישט מחויב צו וויסן דעם סוד פון אַ האַרץ, וואָס באַהאַלט זיך אונטער שלייערן...

ער איז צו איר אַרויף. די טיר איז געווען אָפן. האָט איר געטראָפן אַרומגיין נערוועז איבערן צימער. זי האָט ווייזט אויס נאָך נישט געקענט גיין שלאָפן. כאָטש ס'איז שוין געווען שפעט אין דער נאַכט.

ווען ער איז צו איר אַריין, האָבן אירע אויגן ווי מיט פאָספאָר אויף אים אַ בליק געטאָן. ער האָט נישט געזוימט און איז גלייך אַרויס מיט לשון. האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן יעדע רגע.

— פרל', טאַמאַראַ, גיט מיר אַוועק דעם שליסל!

— איך וועל אייך דעם שליסל נישט געבן. נישט געבן וועל איך אייך, האָט זי מיט רוגזה געזאָגט.

— איר וועט מיר שוין יאָ געבן. און מיט וועלכע רעכט פאַרהאַלט איר דעם שליסל פון מיין צימער?

— מיט די זעלבע רעכט וואָס איר האָט איבערגעלאָזט די קראַנקע און זענט געקראָכן צו דער שוועסטער, — האָט זי אָן צערעמאָניעס און האַלב־הייזעריק, אַרויסגעצאַרנט.

— איך האָב די קראַנקע פאַר מיין פאַרלאָזן דעם צימער, באַזוכט און אַלץ באַזאָרגט. און קיין שווער־קראַנקע זענען היינט ביי אונדז נישטאָ. און מיט וועלכן רעכט מישט איר זיך אין מיין פריוואַטן לעבן, פרעג איך אייך? האָט ער צוריקגעצאַרנט.

— אַוועקגיין פון די קראַנקע און זיך פאַרמאַכן מיט דער שוועס־טער, הייסט עס ביי אייך אַ פריוואַט לעבן? אין צייט פון דינסט איז נישטאָ קיין פריוואַט לעבן. בפרט צו פראַוּוען ליובעס.

דאָס דערמאָנען אים ווידער אין דער שוועסטער, האָט אים נאָך מער צערייצט. ער האָט אין דעם געזען זייער ביידנס שוואַכן פונקט.

נאָר ווי מיט אַ בייטש, פּאָכעט זי גאָר באַזונדער קעגן אים. און זי קען דאָס טאַקע אויסנוצן. ווי סם דאָס לעבן, נעמט אייפערזוכט אָפּ דעם שכל. און ער האָט זיך ווי צו אַלעצטן שפּרונג אָנגענומען מיט גבורה. איז אין דעם מאָמענט געווען גרייט אויף אַלץ...

— און איך וואָרן אייך צום לעצטן מאָל מיר אָפּצוגעבן דעם שליסל. אָט דאָ באותו הרגע. וואָס איך האָב געטאָן, איז מיין זאַך, נאָר דעם שליסל גיט מיר אָפּ. און איר זענט נישט דער בעל הבית איבערן שפּיטאָל.

— איך וועל אייך דעם שליסל נישט געבן. איך וועל אים מאָרגן אַ וועקגעבן דעם דאָקטאָר, אָדער דעם קוראַטאָר פון שפּיטאָל. זאָלן זיי אויך דערפון וויסן.

בערעלע האָט זיך נאָכן לעצטן סטראַשונעק נאָך מער אויפגערעגט. זיין פּנים האָט זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט, די אויגן זענען גרעסער געוואָרן, האָבן גענומען זיך רייסן פון זייערע לעכער און אַלץ אין אים האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. ער איז ווילד געוואָרן און האָט אין זיין ווילדקייט אַ כאַפּ געטאָן דעם ברעג פון טיש.

— אַקושערין טאַמאַראַ, אויב איר גיט מיר נישט גלייך אָפּ דעם שליסל, דריי איך אויף אייך איבער אָט דעם טיש מיט אַלץ וואָס אויף אים. און זאָלן זיך אַלע אין מיטן דער נאַכט צונויפלויפן אויף אייער בייז וווּנדער.

זי האָט מורא באַקומען און האָט זיך אין איר עקשנות אַ וואַקל געטאָן. „מען דאַרף נישט צו פיל איינרייסן" האָט זי געטראַכט. ער האָט דאָך פאָרט אַ צד אין שיסל... און האָט אים דעם שליסל אַוועקגעגעבן.

ווי ער וואָלט געוווּנען דאָס גרעסטע געווינס, איז ער אַן אויסגעמאַטערטער און אויסגעשעפּטער, פון איר אַראָפּ. איז אַריין צו זיך אין צימער און האָט זיך צורעכט געמאַכט צו פאַר ענדיקן די נאַכטדיזשורנע.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

ביילטשעס מערכה איז אַלץ גרינגער געוואָרן. בתיה איז פון איר אַוועק. האָט חתונה געהאַט. זי האָט איר כמעט גאָרנישט געקאָסט.

אַצינד איז אויך בערעלע אַוועק. עס פאַרדריסט איר אפילו וואָס ער האָט איר גאָרנישט געזאָגט און געפרעגט. ווי זי וואָלט גאָר זיין מאַמע נישט געווען.

אמת, ער קומט איר פון צייט צו צייט באַזוכן. ער איז דאָך אין שטאָט. אָבער אויף אירע פלייצעס ליגט ער שוין נישט. זיין אַרבעטן אין שפיטאָל האָט איר לכתחילה אַפילו פאַרדראָסן. אין מאָמענט ווען מייטשע, איר אַלטע אַריינגייערין, האָט עס איר דערציילט, איז איר די גאַנצע פאַרב געקומען אין פנים...

וואָרעם וואָלט איר ביי שלמה׳ס לעבן גאָר איינגעפאַלן אַזאַ זאַך? איר בערעלע, איר אויסגעצערטלטער בן יחיד, זאָל גאָר ווערן אַ סאַניטאַר אין אַ שפיטאָל. אויף דעם האָט שלמה, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן, אַזוי פיל כוחות געדאַרפט אַוועקגעבן?...

נאָר בדיעבד, אַז עס איז שוין געשען, נעמט זי עס אָן פאַר ליב. זאָל עס אים נאָר נישט שאַטן צום געזונט. און טאַקע, זי האָט דאָך טייערע קינדער. טייערע קינדער האָט זי דאָך. מען דאַרף זיי קיין פינגער אין מויל נישט לייגן. —

„זע״, ווי פון אַנהייב אָן באַמיען זיי זיך איר צו מאַכן גרינגער. חנה׳לה אַרבעט, פאָרכעט פון קינדוויז אָן. בתיה׳לה האָט זיך אַליין עפּעס אויסגעזוכט, ביז זי האָט חתונה געהאַט. און אַצינד, האָט איר בערעלע נאָכגעטאָן. און געבליבן איז זי בלויז מיט חנה׳לען און איטקען.

אָ, אויך ער איז ווייזט אויס נישט געבוירן געוואָרן אין קיין ציידן העמדל. אויך ער איז שוין גענוג אָפּגעקומען. ביידע, שרה׳לע און חייקע, האָבן ווייזט אויס אים גענוג האַרץ־ווייטיק פאַרשאַפט. פאַר אַ מאַמעס האַרץ קען מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן. און דערפאַר טאַקע איז ער עס אַוועק אַרבעטן. זאָל עס אים נאָר זיין צו רפואה.

און שוין צייט זיך ווידער צו נעמען צו חנה׳לען. מען דאַרף זיך נאָר בעסער צוגרייטן. אָפּרייניקן דעם היפּאָטעק, כדי פאַר איר צו קענען אָפּשרייבן אַ פערטל הויז און אויך מיט אַ ביסל מזומנים איר פאַרזאָרגן. אַן האַלב הויז איז אָפּגעשריבן אויף איר אַליין, איז זאָל איר חלק אויך אין דעם אַריינגיין.

פיר קינדער, קומט יעדן צו פערטל. איז וואָס איז דער אונטער־שייד? ווען חנה׳לע נעמען איר חלק גלייך ביים לעבן. דאָס ווען דעם

חתן לאָקן. און אין אַ נויט, ווען מען איר נאָך עפּעס צוגעבן. איז דאָס ערשטע אָפּרייניקן דעם היפּאָטעק.

צוויי מקורות האָט זי פּאַר דעם געזען. אָפּנעמען איר אייגענעם היפּאָטעק פון סטעפּאַנאָוויטשן און זיך אָנעם טאָן צו די דייטשע שיינען. באַשטעטיקט און אָפּגעשאַצט זייער ווערט. טאָ זאָלן זיי צאָלן די רויבער.

***

די ספּראַווע קעגן סטעפּאַנאָוויטשן האָט ביילטשע געוווּנען. די דריידלעך אָפּצולייגן די ספּראַווע האָבן נישט געהאָלפן. דאָס געריכט האָט געהאַט פּאַר זיך אַ קלאָרן אַקט. און קיין שום באַווייזן אַז ער האָט ווען עס איז דעם היפּאָטעק געדעקט, האָט ער נישט געקענט צושטעלן.

ערגער איז אָבער געווען מיט די דייטשן. זיי האָבן אַפילו זייערע אייגענע „שיינען" נישט געוואָלט אָנערקענען. דאָ איז אַ שיין געווען שלעכט געשטעמפּלט און דאָ האָבן זיי נישט געקענט פעסטשטעלן דעם אונטערשרייבערס נאָמען. זיי האָבן אויך געטענהט: אַז היות דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד האָט איר געשאָנקען די רעפּעראַציעס און אַזוי ווי קאָנגרעס־פּוילן האָט פריער געהערט צו רוסלאַנד, בכן זיינען זיי פטור פון צאָלן.

און דאָך האָט זי נאָך גרויסע שוועריקייטן פון זיי עפּעס אַרויס־געריסן. און אויפן איבעריקן האָט זי זיך ווייטער פּראָצעסירט. זי איז אויך געוואָר געוואָרן, אַז אין ליפּיעצקיס וואַלד געפינען זיך נאָך אירע אַ פּאָר הונדערט קלעצער.

„ווער ווייסט", האָט זי זיך דערביי געזאָגט, וואו נאָך איר האָרע־וואַניע געפינט זיך. איר שלמה ע"ה, איז געווען אַ טייערער מאַן און טאַטע צו זיינע קינדער. נאָר זיין צו גוטקייט רעכנט זיך ערשט מיט איר אָפּ...

צוליב זיין צופיל זאָרגן זיך פּאַר איר, האָט ער פון איר אויס־באַהאַלטן יעדן דורכפאַל. פון מאָמענט ווען דער דייטש איז אַריין, האָט ער איר נישט איבערגעגעבן קיין איין אָנווייזונג...

אפילו ווען ער איז שוין געווען קראַנק, האָט ער איר נאָך אַלץ נישט אויפגעקלערט וואו עס געפינט זיך זיין צעוואָרפן פאַרמעגן.

און די קינדער זענען געווען יונג און האָבן נאָך פון איר ווייניקער געוואוסט.

האָט אַנטאָני, אַ ווילער קריסט, וואָס פלעגט פירן אין איר טאַרטאַק דאָס געהילץ, איר אַצינד אויפגעדעקט וועגן די פאָר הונדערט קלעצער. און ווי ער זאָגט, דאַרפן זיין נאָך אַזעלכע ערטער אין ליפּיעצקיס וואַלד. און נישט דער פּריץ און נישט דער לעשניק גיט איר וועגן דעם צו וויסן.

זי האָט דעם היפּאָטעק פון איר הויז באַצאָלט. אַ משא איז פון איר אַראָפּ און איר געמאַכט אַ טריט נענטער צו איר ציל. ס׳איז איר אפילו איינגעפאַלן, ווידער זיך צו נעמען צו בערעלען. כאָטש ער איז יונגער פאַר חנה׳לען, מאַכט שוין ערשט נישט אויס. בפרט אַז סיי ווי סיי האָט איר שוין בתיה מקדים געווען.

זי האָט דאָס געוואָלט, כדי ער זאָל זיך נישט מוטשען אין שפּיטאָל. זי האָט אַפילו געוואוסט, אַז אַצינד ווען ער האָט זיך שוין דאָרט איינגעאָרדנט, וועט ער איר אַוודאי נישט פאָלגן.

און געוואָלט האָט זי דאָס אויך, כדי ער זאָל זיך ווידער מיט וועמען נישט פאַרפּלאָנטערן. — זי האָט פון זיין געשיכטע מיט דער שוועסטער נישט געוואוסט. נאָר איר מאַמעשער אינסטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט צו זיין אויף דער וואַך.

האָט זי אַרויסגערופן די שדכנים און מען האָט אים ווידער גענומען פאַרוואַרפן מיט שידוכים. און „ברוך השם” האָט ביילטשע זיך געזאָגט, זיין נאָמען איז נישט קאַליע געוואָרן. אַפילו אין דער אייגענער שטאָט נישט קאַליע געוואָרן. נאָר וועמען מען האָט אים נישט פאַרגעלייגט, האָט ער אַלץ נישט געוואָלט.

„איך האָב מורא”, האָט זי זיך שוין געזאָגט, „אוי אַל תפתח פה”... אַז פון צופיל קלויבן, וועט ער סוף כל סוף אַריינפאַלן. ער וועט טאָן אַן ערגערן שידוך פון די וואָס מען שלאָגט אים פאָר. איז וואָס קען זי טאָן? זי קען אים נישט בייטן. וועט זיין אַ קלענערע מדרגה, אבי צום לעבן.

* *
*

בערעלע איז געקומען צו זיך. ער האָט זיך פון יענער מעשה — שוין געהאַט באַרוהיקט. כאָטש זיינע באַציאונגען מיט בלומען זענען

ווייטער אָנגעגאַנגען. עס האָט זיי ווי צו להכעיס געבונדן טאַמאַרעס אַריינמישן זיך. דער כעס קעגן דער שוואַרצער שדיכע, איז געווען דער צעמענט וואָס האָט זיי צוזאַמען געהאַלטן.

און געמיינט האָט ער אַז אַלץ איז שוין אַריבער. נאָר אין אַ צייט אַרום ווען דער דאָקטאָר האָט אים גערופן אַרויפצונעמען אַ פרישן קראַנקן, איז ער געוואָרן דערשטוינט פון צוויי אומגעריכטע געשענישן.

דער קראַנקער וואָס האָט אויף אים געוואַרט אונטן, איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי אַבא שלמה־גרשונס, פון זיין אייגן שטיבל. ער איז געווען אַ הויכער ייד אין די זעכציקער מיט אַ דין אויסגעצויגן פנים און שמאָלער באָרד, וואָס האָט זיין פיגור נאָך שמעלער געמאַכט.

אַ גבאי פון דער חברה קדישה, איז ער אויך געווען דער אייביקער גבאי און עליות־פאַרטיילער פונעם שטיבל. אַ מצבה־קריצער און חברה־מאַן, — האָט ער דעם נייַנציקער אין זיך געגאָסן מיט דער זעלבער לייכטקייט ווי ער האָט געקריצט זיינע מצבות.

און וואָס מער ער האָט אים אין זיך געגאָסן, אַלץ לעבעדיקער איז אין אים זיין גייסט געווען און אַזוי אויך זיין צוגעבונדנקייט צו גאָט און זיין תורה.

דער טויט פון די וועמען ער האָט באַדינט, האָט אים אויף אַ האָר נישט אַרויסגעשלאָגן פון זיין גלייכגעוויכט. ער האָט אָנערקענט די רעכט פון טויט — ווי פון זיין אייגן לעבן. וועט ער אויך אַ מאָל שטאַרבן? פון דעם האָט ער נישט געטראַכט. דאָס האָט די חדווה אין אים, דער שטענדיקער עקסטאַז — נישט צוגעלאָזט.

ער איז געקומען אַהער היילן זיינע לונגען, וועמען דער בראָנפן האָט פאַרברענט. ווי טריפנדיקע טראָפּנס וואָס צעלעכערן אַפילו אַ שטיין, האָבן אים די טראָפּנס נייַנציקער צעלעכערט און צעשטעפּט זיינע לונגען.

בערעלעס מאַטע נישט אויסגעשלאָפענע אויגן. האָבן זיך באַגעגנט מיט אַבאַס צוויי שוואַרצע פלאַמען, — געבנדיק זיך אַזוי אַ שטומען שלום עליכם.

נאָר דאָ, פאַרענדיק זיך אַרום אים, האָט ער מיט אַמאָל דערהערט ריידן וועגן אים אַליין. די רייד זיינען געקומען פון ביורא,

וואו עס זענען געווען פאַרזאַמלט דער מענער און דאַמען־קאָמיטעט אויף אַ בשותפותדיקער זיצונג. און צווישן די איבעריקע פראַגן האָט מען אויך באַהאַנדלט יענע נאַכט...

„אָ, זי האָט טאַקע דערציילט די שדיכע". איז אים דער ערשטער געדאַנק אַדורכגעלאָפן אין קאָפּ. ער האָט זיך שוין אָנגעשטרענגט צו הערן וואָס מער. נישט אַלע שטימעס האָט ער געקענט דער־קענען וועמענס דאָס איז. עס האָבן זיך אַרויסגערוקט נייע מענטשן וועלכע ער קען נישט צו גוט.

„אָבער, לאָמיר קודם הערן וואָס מען זאָגט. און ווער עס זאָגט, איז שוין נישט וויכטיק".

— „זי האָט אים דען געכאַפּט ביי דער האַנט?... זי זאָגט דאָך אַליין אַז די טיר איז געווען פאַרשלאָסן. און על פי שנים עדים יקום דבר". איז לויטן דין, „קענען מיר אים נישט משפטן".

— מיר משפטן נישט און פירן נישט קיין דין תורה. עס גייט אונדז אָבער אין די אינטערעסן פון שפּיטאָל. און איין זאַך איז דאָך קלאָר, אַז ביי די קראַנקע און ביי זיך אַליין, איז ער, בערעלע נישט געווען.

אָט דאָ, איז די פראַגע, האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— וואָסזשע זאָלן מיר טאָן מיט אים, זאָלן מיר אים אָפּזאָגן? מען זאָגט נישט אָפּ אַזוי גיך קיין מענטש. און פאַרגעסט נישט, אַז ערשטנס האָבן מיר נאָך נישט קיין אַנדערן אויף זיין אָרט. און צווייטנס, האָט ער אַ גרעסערן חלק אין שפּיטאָל, נישט נאָר ווי די פרעמדע אַקושערין. נאָר ווי מיר אַלע. ווייל ווען נישט זיין זיידע, וואָלטן מיר היינט קיין שפּיטאָל נישט געהאַט. האָט ווער געזאָגט.

— לאָמיר הערן וואָס עס זאָגט דער דאַמען־קאָמיטעט. דאָ איז דאָך אויך פאַרמישט די סאַניטאַרקע, האָט אַן אַנדערער געזאָגט.

די ווייטערדיקע שטימע האָט ער שוין יאָ דערקענט. „ס'איז דאָך די פאָרזיצערין, זיין קוזינע. לאָמיר טאַקע הערן וואָס זי וועט זאָגן". נאָר דאָ, איז אַ צעבושעווועטע כוואַליע אין אים אויפגעקומען וואָס האָט אים אָנגעפילט מיט רוגזה.

„פאַרוואָס האָט ער איר דאַן נישט אַ סטראַשע געטאָן, אַז אויב זי וועט ריידן וועגן אים, וועט ער דערציילן וועגן די פריוואַטע אַבאָרטן וואָס זי מאַכט דאָ צוזאַמען מיטן דאָקטאָר?

וואו איז דאָן געווען זיין שכל? אוי סאַקריכער דער שכל איז, רק ער קומט צו שפּעט. ווען ער וואָלט איר דאַן דאָס געזאָגט, וואָלט זי דאָך געציטערט ווי אַ פיש אין וואַסער און די גאַנצע זאַך אָפּ־געלאָזט. און ער האָט דאָך נאָך געקענט צושמעלצן, אַז ביי איר אַליין איז דאָך אַ צונויפקום פון פאַרשידענע פאַרשוינען...

„און ביזטו שוין טאַקע אַזוי געפאַלן, אַז דו וואָלסט איר אָפּ־געטאָן מיטן זעלבן?... האָט די מאָראַל אין אים זיך געבונטעוועט. צוריק איר אָפּגעטאָן וואָלט איך טאַקע נישט. און ס'איז דאָך אין דעם נאָך פאַרמישט דער דאָקטאָר, אָבער בלויז מיט דעם איר אַ פּאָכע געטאָן אין פּנים, — האָב איך יאָ געמעגט.

„אָבער וואָס האָסטו זיך אצינד צעטראַכט, חכם מיינער, ביזטו שטענדיק אַ בריה לאחר המעשה. אַ העלד נאָך אַלעמען. לאָמיר בעסער הערן וואָס די פאַרזיצערין פון דאַמען־קאָמיטעט זאָגט".

—ביידע פאַרמישטע זענען יתומים. די סאַניטאַרין, בלומה, איז נאָך אַ קיילעכדיקע יתומה. אַ מיידל פון אַ בכבודיקער משפּחה וואָס דאַרף חתונה האָבן. און צו צעבלאָזן אַזאַ זאַך, ווען אַפילו זי וואָלט זיי געכאַפּט ביי דער האַנט, האָט זי נישט נאָר פאַרשעמט צוויי יידישע קינדער, נאָר האָט אויך דעם שפּיטאָל קיין טובה נישט געטאָן.

— מיר האָבן שוין געזען אַזעלכע זאַכן. אויך די פריערדיקע אַקושערין, האָט זיך אַרומגעריסן, מיט וואָלפן דעם פריערדיקן סאַני־טאַר. זיי זענען אָבער געווען עלטערע מענטשן און מאַשע די אַקושע־רין איז געווען אָפּגעהיטער מיט רייד.

און ווייסט איר וואָס ס'איז געווען דער סוף? זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג אַרומגעריסן ביז זיי האָבן חתונה געהאַט און זענען דערנאָך אַוועק פון שפּיטאָל. אויך טאַמאַרע וואָלט בערעלען וועלן פאַרטשעפּען — און די גאַנצע מעשה איז מער נישט ווי אירע אַן אינטריגע.

— און איך זאָג אייך, האָט ער דערהערט עמיצנס אַ שטימע, ווייזט אויס פון אַ מאָדערנעם קאָמיטעטניק, מען זאָל די גאַנצע זאַך ליקווידירן. איר אַפילו אין פּראָטאָקאָל נישט אַריינגעבן.

— די מאַדאַם פּישער איז גערעכט. זאַכן צווישן יונגלעך און מיידלעך, איז היינט ביי אונדז אַ געוויינלעכע דערשיינונג, און

ס׳איז נישט אונדזער זאַך אַריינצוגיין אין פּרטים וואָס ס׳איז צווישן יונגע מענטשן געשען, ווען אַפילו ס׳איז געשען.

און די אַקושעריבס צעשמירן דעם ענין, — שטעלט איר נישט אַוועק אין קיין שיין ליכט. איך וואָלט איר דערפאַר געמאַכט אַ פאָרוואורף. נאָר אויף ווייטער צו באַוואָרענען די אָרדענונג אין שפּיטאָל, דאַרף מען פשוט וואָרענען מער צו היטן די נאַכט־דיזשור־סטוועס.

ער האָט שוין מער נישט געקענט הערן. דער פּאַרוואַלטער האָט שוין באַוויזן אַריינצושרייבן דעם קראַנקן אין בוך און בערעלען איבערגעגעבן די קראַנקן־קאַרטע. און ער האָט צוזאַמען מיט דער סאַניטאַרקע, אבאן אַרויפגעטראָגן אין קראַנקן־זאַל.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

ר׳ אבא שלמה־גרשונס איז געווען ערנסט קראַנק. דער דאָקטאָר, אַ פאַרפוילישטער מיטל־וווּקסיקער ייד, וואָס האָט אַליין געסאַפּעט פון איבעריקער שמאַלציקייט, איז אַהער געקומען פון אַ צווייטער שטאָט. ער איז געווען אַ כלבו־דאָקטאָר. הגם ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ לונגען־ספּעציאַליסט.

עס זענען דאָ צווישן די שווער־קראַנקע געווען נאָך בערעלעס באַקאַנטע, ווען דער דאָקטאָר האָט ווי די איבעריקע נישט פאַר־פעלט צו באַזוכן און העלפן. נאָר אינעם זכות פון קוראַטאָר, זיי־מל פישער, וואָס איז מיט ר׳ אבאן געווען פון איין שטיבל, האָט זיך דער שווער־לייביקער דאָקטאָר געלער, מיט אים באַזונדער אָפּגעגעבן.

איז געווען אין איינעם אַ פרייטיגדיקן אָוונט. די שבתדיקע מנוחה און שטילקייט, איז אויך דאָ אַ הער צו די קראַנקע אַריינ־געדרונגען. ס׳איז געווען נאָכן פאַרנאַכטיקן וויזיט פונעם דאָקטאָר און נאָך דער שבתדיקער סעודה.

ס׳האָט אויסגעזען ווי לכבוד שבת האָבן די קראַנקע אויפ־געהערט צו קרעכצן. זיי האָבן מיט פאַרביסענע ליפּן אין זיך דער־שטיקט יעדן ווייטיק, נישט אַרויסגעבנדיק פון זיך דעם מינדסטן קלאַנג.

די צייט איז געווען די בעסטע פאַר די שפּיטאָל־באַדינער. די קראַנקע האָבן אין דער נאַכט קיינעם נישט געוואָלט שטערן און באַאומרוהיקן. טיפער האָבן זיי דאַן אינעם טונקעלן אָפּשיין פון די לאָמפּן פאַרגראָבן זייערע קעפּ אין די קישנס און געחלומט פון אַן אמתער מנוחה, פון אַ מנוחה, וואָס זאָל זיי אינגאַנצן באַפרייען פון זייערעליידן.

בערעלע איז געווען ביי זיך אין צימער און האָט געלייענט אַ בוך. ווי מיט אַמאָל האָט ער דערהערט די האַלב־באַסאָווע שטימע פונעם דאָקטאָר, רופנדיק אים צו קומען אינעם קראַנקן זאַל און מיטנעמען אַ לאָמפּ. ער האָט אַ נעם געטאָן זיין אייגענעם לאָמפּ און איז מיט אים אַריין אין זאַל.

ווען ער איז אַריין, האָט זיך שוין ביים קראַנקן אַבאַן געפונען דער דאָקטאָר און דער קוראַטאָר. ר׳ אבא איז געלעגן אויף זיין קישן אַ פאַרשמאַכטער, מיט האַלב־פאַרגליווערטע אויגן. זיין אויס־געצויגן פנים און שטאַרע אויגן זענען געווען געווענדט צום סופיט. און ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט קיינעם נישט באַמערקט.

ווי נאָר אָבער דער דאָקטאָר האָט גענומען באַטראַכטן זיין האַרץ און בערעלע האָט אים צוגעלויכטן מיטן לאָמפּ, האָט זיך דער קראַנקער ווי אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרטראַגנקייט. ער האָט צונויפנעמענדיק גאָר זיינע געבליבענע כוחות און אויסשרייענדיק צו בערעלען: „אום שבת גוי״. האָט ער זיך פאַרמאָסטן אים צו דער־לאַנגען אַ פּאַטש.

פישער האָט אים צוריק געהאַלטן, אַ ברום טוענדיק צום קראַנקן אבאן: „ער מעג... פקוח נפש״... און גלייך איז דעם קראַנקנס האַנט, ווי אַ טויטע, צוריקגעפאַלן אויפן בעט.

אַ מאָמענט איז אין בערעלען אַ צאָרן אויפגעקומען, וואָס האָט אים ווי פייער אַ ברען געטאָן. דאָס בלוט איז אים געקומען אין פנים און זיין האַרץ האָט האַסטיקער אָנגעהויבן צו קלאַפּן. באַלד אָבער איז פאַרשוווּנדן די רויטקייט פון זיין פנים, ער איז בלאַס געוואָרן און די הענט האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן.

ער האָט זיך דערפילט באַליידיקט און פאַרשעמט. ער האָט נישט געוואוסט צי דעם קראַנקנס פאַרמעסטן זיך קעגן אים איז אַ באַוווּסטזיניקער אַקט, צי בלויז אַן אומבאַוווּסטזיניקער אימפּולס.

נאָר וואָס איז דער חילוק ?... אַזוי צי אַזוי, וועט ער מוזן בלייבן לגבי די קראַנקע אין אַ כסדרדיקער לאַגע פון אומבאַהאָלפנקייט.

ער האָט מיט ר׳ אבאן פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון זיין יונג לעבן. איז געוועזן מיט אים אין שטיבל, געזעסן ביי חסידישע טישן און אויך געלערנט צוזאמען מיט זיין איידעם.

און ביי די ערגסטע מחלוקתן און טומלעניש, האָט אים ער, דער גבאי, ר׳ אַבא, נישט געוואָגט אָנצורירן. אויך נישט דאַן, ווען דער קאַלע געוואָרענער בערעלע איז אַרויסגעטראָטן קעגן רב׳ינס קול־קורא. און דאָ גאָר אויפן קראַנקן בעט, פאַרמעסט ער זיך קעגן אים.

און ער איז פונקט אַזוי אומבאַהאָלפן ווי דער קראַנקער. ער וועט דאָך נישט גיין רעאַגירן קעגן אַ שווער־קראַנקן. און צוזאַמען מיט דער געשיכטע פון יענער נאַכט וואָס ער האָט נאָר וואָס אונטן געהערט, איז אים שוין די גאַנצע אַרבעט דאָ פאַרמיאוסט געוואָרן.

ער האָט געמיינט גוט. האָט געוואָלט ווערן זעלבסטשטענדיק און אויך העלפן קראַנקע מענטשן. ער האָט אָבער נישט אַלץ אויס־גערעכנט, און אַזוי ווי ס׳איז, איז איבער זיינע פיזישע און גייסטיקע כוחות.

ער וועט פון זיין זעלבסטשטענדיקייט שוין נישט צוריקטרעטן. עס ליגט נישט אין זיין נאַטור. האָט ער שוין דעם וועג אָנגעהויבן, וועט ער ווייטער אויף אים גיין. עס מוז אָבער נישט זיין דווקא ביי אָט דער אַרבעט. ער וועט געפינען עפּעס אַנדערש.

ער איז די נאַכט געוועזן אומרוהיק. האָט נישט געקענט שלאָפן, כאָטש ס׳איז געווען זיין פרייע נאַכט. אין זיין מוח האָבן זיך גע־באַמבלט פאַרשידענע רעיונות און זעאונגען. זיי האָבן זיך געקרייצט, אויסגעמישט און צום סוף זיך פאַרפלאָנטערט אין איין משונהדיקן געקנויל.

ביז ענדלעך האָט ער אָנגעוווירן דעם פאָדעם פון יעדן צו־זאַמענהאַנג און דאָס ליכט פון זיין באַוווסטזיין האָט זיך אין אים אויסגעלאָשן.

ער זעט ר׳ אבאן גוססן. ער ליגט מיט פאַרגלייזטע אויגן און לעבן אים שטייט זיין איינציקע טאָכטער און שרייט: טאַטע, פאַר־וואָס רעדסטו נישט צו מיר? ס׳איז דאָך דיין טאָכטער חמה. איך

האָב דיר געבראַכט אַ פּערטעלע עוף מיט אַ טייערע יויך. עס, וועסט נאָך צייט האָבן צו קריכן די מצבות. זיי וועלן דיר נישט פאַרפאַלן ווערן״.

ער פאַרשטייט נישט וואָס דאָ קומט פאָר. צו וועמען רעדט זי דאָס, צו אַ גוסס? קען אַ גוסס עסן אַ פּערטעלע עוף? און באַלד הערט ער דעם האַלב־באַסאָווען געשריי פונעם דאָקטאָר: „בערקאָ, נעם דעם קאָמפּער מיט דער נאָדל צו דער יונגער סוכאָטניצע. איך קום באַלד אַרויף״.

ער גייט אַריין צו דער סוכאָטניצע מיט די מכשירים און „אוי ווייי״, זי איז דאָך גאָרנישטאָ אין בעט. ער הייבט איר אָן זוכן און געפינט איר אַ טאַנצנדיקע אינעם גרויסן זאַל.

ס׳קומט דאָ פאָר אַ געטאַנץ פון מתים. און אין מיטן דערינען קומט אָן דער דאָקטאָר און שרייט: „בערקאָ, האָסט איר אַוועק־געהאַרגעט. האָסט פאַרביטן דעם מעדיצין. אנשטאָט קאָמפער, האָסטו איר גאָר איינגעשפריצט מאָרפיום. אַ גרויסע דאָזע מאָרפיום״.

ער וווּנדערט זיך און טענהט: „אָבער ה׳ דאָקטאָר, איך האָב דאָך איר אײנגאַנצן נישט געמאַכט קיין איינשפריצונג. אָט האַלט איך דאָך נאָך דעם קאָמפער מיט דער נאָדל״.

„וואָס איז דער אונטערשייד ווער עס האָט פאַרביטן, דו צי טאַמאַרע? נאָר אַוועקגעהרגעט האָט מען איר. האָסט אויך דעם גבאי אַוועקגעהרגעט. אַלע, אַלע קראַנקע, הרגעט איר אַוועק.

און וואָס שטייסטו ווי אַ ליימענער גולם? כאַפּ איר, די יונגע סוכאָטניצע, און לייג איר אַריין אין בעט״.

בערעלע איז צעמישט. ער ווייסט נישט וואָס עס קומט דאָ פאָר. ער וויל, דער דאָקטאָר, ער זאָל אַ מת צוריק אַריינלייגן אין בעט. און ער הייבט דאָ גאָרנישט אָן צו פאַרשטיין.

ער פּרוּווט טראַכטן, זיך ברעכן דעם קאָפּ, נאָר ער קען צו קיין טאָלק נישט קומען. און וואָס ווידער פאָר אַ רייד איז עס, אַז ס׳איז נישט קיין חילוק ווער עס האָט דעם מעדיצין פאַרביטן? איז ער שוין פאַראַנטוואָרטלעך אויך פאַר אַנדערע?

די פינצטערניש איז אין אים אויסגערונען און די געליימקייט פון זיין באַוואוסטזיין איז פאַרשווּנדן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ שווייס־באַגאָסענער און מיט אַ לייכטן קאָפּ־ווייטיק, וואָס איז באַלד פאַרשוווּנדן.

האָט זיך אָנגעטאָן, זיך אָפגעוואַשן און איז גלייך אַריין צו ר׳ אַבאָן. און „אוי, ס׳איז אמת״, דער קראַנקער איז טויט. ער איז ווי בלומה האָט איבערגעגעבן, ביינאַכט אויסגעגאַנגען.

ער איז דערנאָך אַריין צו דער קראַנקער מיידל. אויך זי איז אין דער נאַכט אויסגעגאַנגען. אמת, אויף דער מיידל האָט מען זיך מער געריכט, זי האָט געהאַט די „גאַלאָפּקע״ און האָט אַזוי גאַלאָ־פּירנד, — אירע לונגען אויסגעשפּיגן און איז שוין אַזוי אַ פּאַר־טראָגענע, אַ נוטה למות׳ניצע, געלעגן אַ פּאָר טעג.

זי איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן, פון אַ נאָענט שטעטל. אַ מאָגערע, אַ בלאַסע, איז זי אין אירע לעצטע טעג נאָך בלאַסער געוואָרן, ווי אָן איין טראָפּן בלוט. און די בלאַנקענדיקע ווייסקייט פון איר בלוזקע, האָט איר געמאַכט אויסזען, ווי זי וואָלט נאָך ביים לעבן געווען געוויקלט אין תכריכים.

אין איר ווייסקייט און פאַרטראָגנקייט, האָט זי אין די לעצטע טעג אויסגעזען ווי אַ ווייסער דרימלענדיקער מלאך. און נאָר אירע שוואַרצע אויגן וואָס האָבן זיך אַלץ מער געצומען לעשן, האָבן עדות געזאָגט אַז דאָ ליגט אַזוי אין ליידן און פּיין, אַ מענטשן־טאָכטער.

פון אָרעמע עלטערן, האָט זי איר סוכאָטע באַקומען פון אַ וויל־גאָטנע דירה. צו וועלכער די זון איז קיינמאָל נישט צוגעקומען. אירע נאָענטע האָבן זיך פון איר מיאוס געווען, נאָך איידער מען האָט איר אַ הערגעבראַכט. און זיי זענען דורך דער צייט וואָס זי איז דאָ געלעגן, איר נישט געקומען באַזוכן.

איז זי אַזוי געלעגן די קראַנקע צפּורה, אַ נישט־ריידנדיקע, אַ גאָרנישט־פאַרלאַנגענדיקע און אויך אַזוי אַ נישט־קרעכצענדיקע. ווי די קראַנקהייט וואָלט איר נישט געווען נוגע און דאָס לעבן וואָס אין איר וואָלט נישט געווען איר לעבן. און אַזוי שטיל איז זי אויס־געגאַנגען

בערעלע איז אין אָנבליק פון איר טויט, געווען פול מיט רחמ־נות. מיט רחמנות צום גאַנצן באַשאַף. צו יעדער קלענסטער בריאה. און אַלץ אין אים, ווי דאָ ביי זיין טאַטנס טויט, האָט זיך געבונטע־וועט קעגן דער גאַנצער וועלט־אָרדענונג.

געדאַנקען און געפילן האָבן זיך אין אים געצאַפּלט, געוואָרפן,

ווי אין אַ קדחת. דאָ איז ער געוואָרן באַהערשט פון מרידה, פון אומגלויבן און דאָ ווידער פון גלויבן און אַבערגלויבן.

איז געוואָרן מיסטיש און האָט אויף אַ מיסטישן אופן געזוכט אויסצוטייטשן זיין חלום. און וואָס ווידער דאַרף ער אַ סך טייטשן? זעט ער דען נישט דעם ביינאַכטיקן טאַנץ פון די מתים, און דעם טויט פון ר׳ אבאַן און צפורה אין דער ווירקלעכקייט?

און צי אויפן איבעריקן איז חל דער „אין חלום בלי דברים בטלים״ (נישטאָ קיין חלום אָן נאַרישקייטן) צי נישט, דאַרף ער אין דעם נישט אַריינקלערן און פאַר דעם נישט זוכן קיין באַווייזן.

ס׳איז פאַר אים גענוג ביז דער מעשה מיטן מאָרפיום. און ווער ווייסט? אפשר וועט מיט דער צייט אויך דאָס זיך אויפקלערן? און עס מוז דאָך נישט אַלץ מקוים ווערן אויף גאַנצע הונדערט פּראָ־צענט. ס׳איז גענוג אַז דער גרונט פון דער זאַך איז געשען...

ער מוז פונדאַנען אַוועק. אַוועק פונעם טויטן און לעבעדיקן געטאַנץ... ער מוז אַוועקגיין פון דער שוואַרצער שדיכע און אויך פון בלומען וועט זיין גלייכער אַז ער וועט פון איר אַוועק.

ער איז אין זיין פרייען טאָג געגאַנגען באַזוכן דער מאַמען. ער האָט דאָס געטאָן אויסגערעכנט. האָט זיך געוואָלט צעשטרייען, זיך פאַרגעסן און אָפּרייסן פון זיינע שפּיטאָל־טעטיקייטן. און דער עיקר איר צו וויסן געבן וועגן זיין פעסטן באַשלוס.

ביילטשע, איז באַלד נישט געווען צופרידן פון זיין אַרבעטן אין שפּיטאָל. זי האָט נאָר נאָכגעגעבן זיין עקשנות. נאָר אַצינד, אַז ער גייט פלוצלונג אַליין אַוועק, האָט זי פאַרשטאַנען אַז עס איז עפּעס געשען און האָט פון אים געוואָלט דערגיין די סיבה פון זיין אַוועקגיין.

און אַז ער האָט איר דערציילט וועגן דעם טיילווייז מקוים געוואָרענעם חלום מיט די איבעריקע נאָך נישט אויפגעקלערטע איינצלהייטן, האָט זיך תיכף איר פּנים געביטן און אין אירע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַן אַבערגלויבעריש פייערל.

— ניין. ס׳איז באַלד פאַר דיר נישט געווען קיין עסק מיין קינד. מיינע אבות אבותינו זיינען קיין סאַניטאַרן נישט געווען און דו וועסט מיט גאָטס הילף אויך נישט זיין. קיין ברויט פעלט חלילה נישט ביי אונדז. דו זאָלסט זיך דאָרט דאַרפן פייניקן מיט קראַנקע

און אַרומגיין אַרום מתים. אויף דעם זענען דאָ אַנדערע. און ס'איז אויך דאָ אַ חברה קדישא.

האָסט שוין גענוג געהאַט דיין אייגענעם צער, עס זאָל שוין ביי אונדז מער קיין צער נישט זיין. דו דאַרפסט חתונה האָבן, לעבן און געניסן פון לעבן. און דערווייל האָסטו אַ מאַמע ביז הונדערט און צוואַנציק און אַ שטוב עס זאָל נישט פאַרשטערט ווערן.

— יאָ מאַמע, האָט בערעלע, דערמוטיקט פון אירע רייד שוין מיט פרייד געזאָגט: דאָס מאָל מאַמע, פאָלג איך דיר אויף גאַנצע הונדערט פראָצענט.

— דו מעגסט מיר אויך ווייטער פאָלגן, מיין זון, האָט זי אַצינד געזען אַ שעת כושר אים אַרויפצופירן אויף איר וועג. אַ מאַמע וועט נישט שלעכטס־טאָן איר קינד. און ס'איז נישטאָ קיין טייערע זאַך ווי די מאַמע, האָט זי זיך געוווישט אַ טרער פון איר אויג און זיך פלוצלונג דערמאָנט אין איר אייגענער מאַמען.

***

מען האָט אין שפּיטאָל געבראַכט אַ נייעם קראַנקן. ס'איז געווען אַ כראָניש־ליידנדיקער, לונגען־קראַנקער, וואָס פלעגט כמעט יעדעס יאָר צום דאַטשע־סעזאָן, זיך קומען אין שפּיטאָל פאַריכטן. — אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, פלעגט ער אָפּליגן אייניקע וואָכן און דערנאָך צוריקגיין צו זיין אַרבעט.

ער האָט קיין „גאַלאָפּקע" — נישט געהאַט און זיין צושטאַנד איז נישט געווען קיין קריטישער. ער פלעגט זיך פריי באַוועגן און אויך אַזוי אַליין אַרומשפּאַצירן אין גאָרטן. נאָר דאָס מאָל האָט ער צוגעקראָגן אַ ווייטיק אין פוס.

דער ווייטיק איז געווען אַ שטאַרקער. דער קראַנקער האָט פון ווייטיק אָנגעהויבן שרייען, באַאומרוהיקנדיק די איבעריקע קראַנקע. דער דאָקטאָר האָט אים געפּרוווט באַרויקן, שטילן זיין ווייטיק. ס'איז אים אָבער נישט געלונגען. און ווען דער ווייטיק אין אים האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט, האָט דער דאָקטאָר פאַראָרדנט אים צו מאַכן אין פוס אַ מאָרפיום־איינשפּריצונג.

טאַמאַרע האָט אים די איינשפּריצונג געמאַכט, די איינשפּרי־

צונג האָט אים דעם ווייטיק געשטילט. ער איז נאָך איר אַריינגעפאַלן אין אַ מידקייט און איז תיכף איינגעשלאָפן. ער איז שוין אָבער איינגעשלאָפן אויף אייביק. און פאַר בערעלען האָט זיך אַלץ אויפֿגעקלערט...

בערעלע איז פון זיין אַרבעט אין שפּיטאָל אַוועק. ער איז צוריק געוואָרן פריי און האָט ווידער באַנייט זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.ביילטשע האָט אים נישט געשטערט. זי האָט געוואָלט ער זאָל דערווייל זיין פריי און פאַרגעסן אין זיינע קאָשמאַרן און מקוים געוואָרענע חלומות.

עס זענען נאָר אַוועק אייניקע טעג פון בערעלעס אַוועקגיין פון שפּיטאָל, ווי משה־מענדל איז ווידער געקומען צולויפן און האָט ביילטשען איבערגעגעבן טאַמאַרעס שליחות — זיך משדך צו זיין מיט איר בערעלען.

כאָטש ביילטשע האָט נישט געוואוסט פון יענעם סקאַנדאַל, — האָט זי בלויז צוליבן חלום, ביי משה־מענדלס אָנשלאָג דערפילט אַ ביטערן טעם אין מויל. זי איז אין כעס געוואָרן און אים שיעור נישט אָנגעזידלט. אַ נס וואָס ער איז אירער אַן היימישער.

— איך וויל מיט קיינעם פון די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע נישט האָבן צו טאָן, ר׳ משה־מענדל. פאַר כל הגעלד נישט. מיין בערעלע האָט שוין פון שפּיטאָל געהאַט גענוג.

— איך פאַרשטיי דאָס נישט מרת ערליך, האָט ער געפרוּווט ראַטעווען די לאַגע. מען זאָגט אַז זיי קענען זיך שוין פון לאַנג... און זי, די כלה ?... האָט ער ווי געשטאַמלט, וויל... וויל אים גאָר שטאַרק.

און וואָס נוגע פּרנסה, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן. זי איז דאָך אַ גאַנצער שמאַלץ־גרוב. אַ פעלדשערין און געענדיקטע אַקושערין. און אין אַלע הייזער רופט מען איר. די דאָקטוירים זאָגן, אַז זי האָט מער פּראַקטיק פאַר זיי. און וואו איז איר שטעלע אינעם יידישן שפּיטאָל ?...

נישט אַלץ אָבער איז געלד, ר׳ משה־מענדל, און איך פאַרקויף נאָך נישט מיין זון פאַר קיין געלד. מיין בערעלעס געזונט און וווילזיין, איז ביי מיר טייערער. זוכט אים אויס עפּעס אַנדערש. ער איז

דאָס ווערט. פונדעסטוועגן, וועל איך דאָס בערעלען איבערגעבן. נאָר איר מעגט זיין זיכער, אַז ער וועט עס ווי איך אָפּוואַרפן.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

אין „בית עם" איז געווען יום־טובדיק. דער זאַל פאַרפּוצט מיט די בילדער פון די מנהיגים און די ווענט אַרומגענומען מיט ווייס־בלאָע סטענגעס און קאָלירטע לעמפּלעך, האָט עס באַלד ביים אריינקומען אויף יעדן איינעם אָנגעווייעט אַ פריידיקע שטימונג.

באַזונדער האָט זיך בערעלע אַצינד דערפילט דערהויבן. און ווי ער וואָלט נאָך אַ לענגערע אָפּוועזנהייט געווען אַ גאַסט, האָבן אים אַלע אַרומגערינגלט און אים געשאָנקען אַ באַזונדערן אויפמערק.

זיין אַרבעטן אין שפּיטאָל, האָט אים אין זייערע אויגן צוגעגעבן חשיבות. זיי האָבן געהאַלטן, די יונגע, אַז יעדע פיזישע אַרבעט, דערנענטערט זיי צו זייער אידעאַל. און זיי האָבן אין בערעלעס גייסטיקן איבערברוך, — געפּרוווט זען אַ גרייטקייט פאַרן דאָזיקן ציל.

אויבן אָן איז געזעסן מאָטעלע מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים. ס'איז געווען זיין באַנקעט וואָס די חברים האָבן אים איינגעאָרדנט צוליב זיין עולה זיין אין ארץ. און ס'איז געווען אַ טאָפּלטע שמחה: די שמחה פון מאָטעלעס עליה און די פרייד פון דער אָרגאַניזאַציעס ערשטן עולה.

בערעלעס פרייד איז נישט געווען קיין גאַנצע. זי איז געווען געמישט מיט באַדויער. ס'איז דאָך זיין בעסטער חבר מיט וועמען ער האָט נאָך אָנגעהויבן דאָן אין שטיבל. און נאָך אַזאַ נאָענטן האָט ער נישט.

געדאַנקען און בילדער זענען אין אים אויפגעקומען. האָבן זיך איינגעביסן אין זיין כוח הזכרון און זיך אַוועקגעשטעלט פאַר זיינע אויגן. ער זעט זיך אינעם לאָקאַל פון „מזרחי". אַלץ איז פאַר אים אַזוי ניי און פריש, ווי מעשה בראשית.

ס'איז זיין ערשטער געזעלשאַפטלעכער אַריינטריט. ער לייענט צוזאַמען מיט מאָטעלען דעם „המזרחי", ווי ער האָט אין שטיבל

מיט אים צוזאַמען געלערנט. דער העברעאיש איז אַ לייכטער, די שפּראַך אַ פליסיקע, אַ קוועלנדיקע.

און יעדעס וואָרט, יעדעס אות, האָט זיין טעם און חן. נישט נאָר דער אינהאַלט פאַרכאַפּט אים, נאָר דאָס סאַמע וואָרט אַליין.

און ס׳פּאַלט אים איין, אז דער גאַנצער כוח פונעם לעבן ליגט נאָר אינעם שפּאַנען צום בראשית. צו יעדן נייעם בראשית... און ס׳גאַנצע לעבן איז נישט מער ווי אַן אַנאויפיקער פּראָצעס צו באַנייאונג... און אייביק דויערן וועלן די אידעען, וואָס וועלן זיך איבערפאָרמען — אויפן וועג פון זייער באַנייאונג.

ער האָט אין זיין פאַרטראַכטקייט נישט געזען ווי דער פאָר־זיצער העניך ווינשטיין, האָט זיך אויפגעשטעלט צו עפענען דעם אָוונט. ערשט העניכס קלינגנדיקע שטימע האָט איבערגעריסן זיין געדאַנקען דרימל.

— טייערע ח. האָט דער פאָרזיצער אָנגעהויבן. ס׳איז פאַר מיר אַ פרייד צו עפענען דעם היינטיקן אָוונט, געווידמעט צו מאָטעלעס עליה, ווי אויך אונדז אַליין, וואָס האָבן זוכה געווען אַרויסצוגעבן דעם ערשטן עולה. לאָמיר האָפן אַז ער וועט נישט זיין דער איינ־ציקער.

און איך ווינש אונדזער עולה אַ גרינגע „קליטה״ און אונדז אַלע פון אים צו האָבן פיל נחת. אַ דונערדיקער אַפּלאָז איז געווען דער ענטפער פון די חברים.

די חברים האָבן זיך געריסן צום וואָרט. אַלע האָבן מאָטעלען געוואָלט באַגריסן און געזעגענען. נאָר דער פאָרזיצער האָט גיך געשלאָסן די ליסטע.

דער ערשטער האָט געקראָגן דאָס וואָרט בערעלע.

— רבותי, מיר געזעגענען נישט סתם אַן עולה, נאָר אַן אַקטי־ויסט און אַ ראשון פון אונדזער אָרטיקער באַוועגונג. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דאָ פאַרזייט די קערנער פונעם נאַציאָנאַלן אויפלעב.

מיט עקשנות און אויסדויער האָט ער געוועקט דעם ווילן פונעם רעליגיעזן ייד, וואָס איז געווען פאַרגליווערט אין זיין פּאַסיווקייט. איינגעשלאָסן אין זיין פרומקייט, האָט ער אַ חוזק זיך, גאָרנישט געזען. געבויגן דעם קאָפּ פאַר די קלעפּ פונעם גורל, האָט ער מיט

גאָרנישט אים געפּרוווט ענדערן. ביז עס זענען געקומען די מאָטע־לעך, וואָס האָבן אים אַרויסגעריסן פון זיין פאַרגליווערטקייט.

איך ראַנגל זיך אָבער צווישן צוויי געפילן. צווישן דעם געפיל פון פרייד צוליב זיין עליה, און פון לייד און באַדויער, — צוליבן אָפּפאָרן פון אַ חבר, מיט וועמען איך בין פון מיינע יונגסטע יאָרן געווען פאַרבונדן.

נאָר דאָס איינציקע וואָס עס טרייסט מיר, איז די האָפענונג ווידער זיך צו טרעפן אינעם בויענדיקן לאַנד. און איך זאָג אים: „עלה והצלח!" (גיי און באַגליק)!

נאָך די באַגריסונגען איז מען אַרויס אין אַ געזאַנג: „לאָמיר, אַלע, אַלע אינאיינעם; אינאיינעם... דעם חבר מאָטעלען מקבל פנים זיין... און דאָס געזאַנג האָט זיך ווי אַ כוואַליע צעגאָסן איבער גאָר דעם אַרום.

דער עולם האָט זיך צעטיילט אין באַזונדערע זינגנדיקע גרופּעס און ווי אין אַ וועט־געיעג, האָט יעדע גרופּע אויפגעכאַפּט אַ ליד, אַ מאַרש און מיט אַלע כוחות זיך באַמיט די אַנדערע איבערצושטייגן.

נאָר צווישן אַלע האָט זיך באַזונדער אַרויסגעהויבן יצחקל, וואָס האָט דאָס מאָל מער געטרונקען. ער האָט געוואָרפן מיט תורה'ס און ווערטלעך:

— „הפוך בה והפוך בה, דכולה בה"... האָט ער מיט זיין גלעזל אין האַנט, געמוטיקט בערעלען צו טרינקען.

— טרינק בערעלע, טרינק, אָן שמחה, איז גאָרנישטאָ. אויך ארץ ישראל איז מען קונה מיט שמחה. מיט אַ גלעזעלע בראָנפן פאַרטרייבט מען נישט נאָר די עצבות, נאָר דעם סאַמע טייוול...

— דער איינזאַמער שומר וואָס שטייט אויף דער וואַך, דער שטיינהאַקער און ציגל־לייגער, אַלע, זיי אַלע; זאָג איך דיר, דאַרפן פאַר זייערע שווערע אויפגאַבן האָבן מוט. און מוט און חדווה, איז היינו הך. פון איין שורש הנשמה קומען זיי.

— אַ ייד, יצחקל, דאַרף טאַקע האָבן מוט. מוט גובר צו זיין זיינע שונאים. זיי גובר זיין, פיזיש און גייסטיק. און טרויער, איז דער היפך פון גבורה.

— אָבער כדי צו האָבן מוט און גבורה, מוז די חדווה קומען פון אינעווייניק. פון די טיפסטע טיפענישן פון האַרצן אַרויספלאַמען.

עס מוז זיין אייגן פייער און נישט קיין אש זרה. מיט פרעמד פייער קען מען נאָר דעם גוף דערוואַרעמען, אָבער נישט די נשמה פון אַ פאַלק.

— אוי ווי, בערעלע, דו ביזט דאָך אַ „תפסת מרובהניק". — וואָס טוט מען, אַז יידן זענען נישט אַזעלכע בעלי מדרגות, זאָל מען זיי דעריבער לאָזן אויסגיין אין זייער טרויער ?

— דאַן, יצחקל, זענען „כל השמנים כשרים"... זענען אַלע מיטלען כשר, איז אויך דיין משקה אַן עסק, האָט שוין בערעלע אים נאָכ־געגעבן.

— אָט אַזוי ברודער, איז יצחקל געווען צופרידן פון בערעלעס נאָכלאָזן. און שטופנדיק אים אין האַנט אַ גלעזל משקה, האָט ער אויך אין זיינס נישט פאַרגעסן...

ער איז שוין געווען גוט באַטרונקען, כאָטש ער האָט דעם קאָפּ נישט פאַרלוירן און געמאַכט ווייטער זיינע ווערטלעך און פאַר־אַפּראַזעס.

— און איך אַליין, בערעלע, געהער אויך נישט צו די בעלי מדרגות. והא ראיה, איך טרינק און טרינק. און איך זאָג דיר, אַז אויף אַזא נחות דרגא ווי איך בין, איז חל: דער „אלו דברים שאין להם שיעור, הפאה והביקורים... והמשקה".

— ניין, יצחקל, קיין נחות דרגא ביזטו נישט. עניוות איז טאַקע אַ פיינע מידה, נאָר איבערטרייבן מיט איר דאַרף מען נישט. השמי־נית שבשמינית, — מעגסטו זיך לאָזן. און צופיל עניוות, איז אויך אַ גאווה.

— אויב אַזוי בערעלע, זענען מיר דאָך קוויט. איך נעם אָן מיין שמינית...

— יצחקל, האָט בערעלע זיך פלוצלונג געווענדעט צו אים. ביזט בכוח מיר צו הערן ?

— וואָס הייסט צי איך בין בכוח ?

— איך מיין פשוט, צי דער רעיון איז נאָך ביי דיר קלאָר. ווייל איך וויל מען זאָל מיר נישט שלעכט פאַרשטיין.

— קלאָר, קלאָר; און דו רייד, און איך וועל הערן. מער קיין „נעשה" — וועלן מיר טאַקע נישט זאָגן, — אָבער נשמע, הערן; וואָס שאַדט עס.

— איך האָב מורא, יצחקל מיר זאָלן זיך נישט צו פיל קאָנ־צענטרירן אויף איין זאַך. נישט איבערטרייבן מיט איר. ווייל אויך אַ יידישע מדינה וועט נישט לעזן אַלע אונדזערע זאָרגן. זי וועט נאָך אַרויסרופן פרישע זאָרגן.

— און מען טאָר דעריבער אויך די תפוצות נישט פאַרזען. איינס מוז האָבן ס'אַנדערע. און דאָס פאָלק איז דער עיקר, ס'לעבע־דיקע פאָלק. און דורכן וואַלד. — לאָמיר אויך נישט פאַרזען די ביימער...

— אַ קעגן וואָס זאָגסטו דאָס אַצינד? איז יצחקל געוואָרן ערנסט.

— איך זאָג דאָס אַצינד, ווייל יידן האָבן אַ טבע זיך צו פאַרגעסן. בפרט בעת השמחה און ווען עס געלינגט זיי עפּעס.

— וואָס פאַר אַ פּראָבלעמען מיינסטו וועט די מדינה נישט לעזן?

— קודם, יצחקל, נישט דאָס פּראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם. די פאָרמען וועלן זיך בייטן, דער תוך פון דער שנאה, וועט אָבער בלייבן. זי וועט זיך נאָך שטאַרקן, מיט דער מדינה'ת דערפאָלגן. אויך די אַסימילאַציע וועט נישט שוואַכער ווערן.

— און וואָס זשע זאָלן מיר טאָן? נישט קעמפן פאַר אַ יידישע מלוכה?

— דאָס נישט. אַ מדינה, מוזן מיר האָבן. בפרט, ווען מיר האָבן שוין אָנגעהויבן איר בויען. מיר טאָרן אָבער נישט שטעלן אויף איין קאָרט, ווי וויכטיק זי זאָל נישט זיין.

— מיר דאַרפן אָרגאַניזירן דאָס גאַנצע פאָלק. אַלע יידישע ישובים. זיי פאַרזאָרגן מיט מיטלען פאַר פיזישער און גייסטיקער זיכערקייט. און דעם פחד פונעם ייד אַרויסרייסן. אים לערנען, צו זיין „העומד על נפשו". און האָבן אַן אייגענעם אויג און אויער — אויך פאַר די תפוצות...

* *
*

מען האָט צערוקט די טישן, געמאַכט אַן אָרט, און אַלע זענען אַרויס אין אַ טאַנץ. מען האָט געטאַנצט אַ „האָרא", און אַנדערע חלוצישע און חסידישע טענץ.

יצחקל האָט אין דער ראָד אַריינגעשלעפּט מאַטעלען מיט בערע־לען און ער אַליין האָט אַלעמען אַנטקעגן געטאַנצט.

ער האָט געטאַנצט מיט פלאַם, מיט ברען און מיט האַלב־פאַרזשומערטע רויטע אויגן. ביז אַ מידקייט איז אים באַפאַלן און אַלץ אין אים האָט זיך גענומען לעשן, אויך די פרייד. די פיס האָבן זיך אים געזעצט, ער איז שוואַך געוואָרן און געפאַלן צו דער ערד. די חברים האָבן אים אויפגעהויבן און אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, און אין דער שפּעטער באַכט־שעה איז מען זיך צעגאַנגען.

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

בערעלע איז אַ היימגעקומען אַ מידער און מיט אַ שלעכט געמיט. די בני בית זיינען שוין געשלאָפן. אויך ער האָט זיך געלייגט שלאָפן. האָט אָבער נישט געקענט. זיין מוח איז געווען פול מיט געדאַנקען, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער.

ווי אַ טשאַטע פייגל זיינען זיי פון ערגעץ אין אים אַנגעפלויגן און האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרטרייבן. האָט ער גענומען אַ בוך און אים אַזוי לאַנג געלייענט. ביז ער איז אים פון דער האַנט אַרויס־געפאַלן און איז פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

אינדרויסן איז שוין די זון לאַנג געהאַט אויפגעגאַנגען. ביילטשע און חנה'לע זיינען שוין געווען אין קראָם. ס'איז געווען אַ ירידי־טאָג און אין קראָם איז געווען טומלדיק. ביילטשע האָט געוואוסט אַז ער איז געקומען שפּעט פון מאַטעלעס באַנקעט, האָט זי אים נישט געוואָלט וועקן. „זאָל ער שלאָפן געזונטערהייט. ער האָט זיך אין שפּיטאָל גענוג אָנגעהאָרעוועט".

נאָר אַנטאָני איז געקומען איינקויפן און האָט איר ווידער דער־מאָנט אין די געבליבענע קלעצער. ער איז אַ גוטער אַנטאָני. האָט מיט איר איינזעעניש. פאָרט אַן אַלמנה. ער האָט געקענט שלמה'ן און איז מיט אים געווען היימיש.

האָט ער געוואָרנט אַנטאָני, אַז אויב זי וועט באַלד די קלעצער פון וואַלד נישט אַרויסנעמען, וועלן זיי פאַר איר פאַרפאַלן ווערן. ביי ליפּיעצקין לאָזט מען קיין פרעמדן געהילץ נישט לאַנג ליגן.

און וואָס קען זי אים חושד זיין? זאָל זיין, אַז ער וויל בײַ איר פֿאַרדינען פֿאַרן אַרויספֿירן זיי, טאָ איז וואָס? זי וועט דאָך דאַרפֿן עמעצן געבן צו פֿאַרדינען. איז פֿאַרוואָס טאַקע נישט אים אַנטאַנין? ער איז אַן היימישער און איז בילכער.

זי וועט חלילה מיט אים אַליין נישט פֿאָרן. כאָטש ער איז נישט אַזאַ... זי וועט אויך נישט מיטנעמען קיין איבעריקע געלד. און פֿאַרן דין — און פֿאַר מענטשן, — וועט זי מיטנעמען בערעלען. ער איז שוין אַ דערוואַקסענער מענטש. און דאָ, האָט זי זיך שטיל צעוויינט:

„וואָס פֿון איר איז געוואָרן? אַז מען ווערט אַן די קרוין פֿון קאָפּ, — איז מען אַליין גאָרנישט ווערט. זאָל נאָר זיין צום לעבן".

האָט זי זיך געדרייט אַרום בערעלעס בעט, ביז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט.

— אַ גוטער אויפֿשטיין, בערעלע, איך וואַרט שוין אויף דיר אַצינד. בערעלע האָט זיך אויסגעטשוכעט, האָט ברייטער צעעפֿנט די אויגן, און מיט פֿאַרוווּנדערונג געפֿרעגט:

— וואָס איז מאַמע, וואָס וואַרטסטו עפּעס אויף מיר? לאָמיר הערן.

— מיר וועלן באַלד נאָך מיטאָג מיט אַנטאַנין פֿאָרן אין דאָרף אַריין. מיר וועלן ביי אים נעכטיקן און מיטן שפּראָץ אויף טאָג צוזאַמען פֿאָרן אין ליפּיעצקיס וואַלד, אָפּצונעמען די קלעצער וואָס זענען פֿון טאַטן געבליבן. ווער ווייסט וואָס נאָך פֿון אים איז געבליבן. זיי וועלן דען אויסזאָגן די גנבים?

מאַך זיך גרייט און גיי אין ערגעץ נישט אַוועק. מיר וועלן די קלעצער אָפּציילן און זיי הייסן אַנטאַנין אַרויסגעבן. צוזאַמען מיט דער דערלויבעניש פֿון דער „לעשניצטוואָ" זיי אַרויסצוגעבן, וועט עס אונדז נעמען אַ טאָג צוויי.

— גוט מאַמע, איז בערעלע געווען צופֿרידן. אי עפּעס אָפּ־צונעמען און אי זיך אַ דורכצופֿאָרן אויף פֿרישע לופֿט, וועט אונדז אָסור נישט שאַטן.

— זאָל נאָר זיין בשלום, האָט שוין ביילטשע צוגעטאַקעוועט.

* * *

אַנטאָני האָט לכבוד זיינע געסט אויסגעבעט דאָס פורל. האָט פונאַנדערגעשאַרט דאָס היי, עס צוריק אויפגעבערגלט און אויף דעם אויסגעשפּרייט זיין יום טוב׳דיקע פלאַכטע. און ס׳איז דערפון אַרויסגעקומען אַ פיין, ווייך געזעס. אַליין האָט ער זיך געזעצט באַזונדער און פון פאָרנט.

ער האָט מיט אַ וויאָ אַ צי געטאָן די לייצעס און אין איין אָטעם געטריבן דאָס פערדל צום דאָרף, וואָס איז געווען אַ פופצן וויאָרסט פון שטאָט. דער וועג איז געווען אַ באַטשנער, נאָר אַ גוטער.

ווי לאַנג ס׳איז געווען ליכטיק, איז בערעלע געווען במנוחה (רוהיק). ווי נאָר אָבער ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט און מען איז אריין אין וועלדל, איז ער געוואָרן אומרוהיק און ווילדע מחשבות זיינען אים באַפאַלן.

„די מאַמע האָט אים מיטגענומען פאַר אַ שומר. אמת, אַ שומר פאַר יוצא וועגן... ס׳איז דאָך אָבער צו לאַכן אין די פויסטן, ווען ס׳וואָלט נישט געווען אַזוי טרויעריק. וואָס פאַר אַ שומר קען ער דאָס זיין? אַ שומר מיט ליידיקע הענט?...

„אַנטאָני איז טאַקע אַן אייגענער. און אַריינפאָרנדיק אינעם וועלדל האָט ער זיך אויך איבערגעצלמט. נו, איז סטעפאַן מיטן האָלצערנעם פוס נישט געווען קיין אייגענער?

און אַזוי אייגנדיק און היימיש אַזן מיט איין פוס, האָט ער נישט שמעון פאַכטער אַוועקגעהרגעט? אוי ווי נאַאיוו יידן זיינען״, האָט ער אין זיין פחד שיעור נישט אַרויסגעשריגן.

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען. מורא געהאַט זיי זאָלן זיך נישט איבערגעבן צו דער מאַמען און האָט שוין אויסגעקוקט וואָס גיכער אַרויסצופאָרן פונעם וועלדל. זיי זענען פונעם וועלדל אַרויס און גלייך אָנגעקומען צו אַנטאָניס כאַטע.

אין דער כאַטע האָט זיי שוין יאַנינאַ אָפּגעוואַרט. האָט זיי באַגריסט און ס׳האָט נישט לאַנג גענומען ווי זי האָט צום טיש דער־לאַנגט צעפּאַרעטע שיסלען מיט קאַרטאָפל און שוואַרצע ראַזעווע ברויט.

ביילטשע האָט זיך פון די קאַרטאָפל אָפּגעזאָגט. האָט דערקלערט אַז זי האָט מיט זיך גענומען גענוג צום עסן. נאָר פאַר יוצא וועגן האָט זי פאַר זיך און בערעלען געבעטן צוויי גלעזער מילך.

נאָכן עסן איז מען גלייך געגאַנגען שלאָפֿן. מ׳האָט זיך געדאַרפֿט גרייטן צום מאָרגנדיקן אַרויספֿאָר. יאַנינאַ האָט נעבן דער קיך צעשפּרייט אַ פֿריש בינטל שטרוי, האָט די געסט געגעבן צוויי פּלאַכטעס זיך צוצודעקן און איז מיט אַנטאַנין אַריין אינעם צווייטן צימער.

אַנטאַני, אַ מיטל וואוקסיקער און מיטל יאָריקער פּויער, מיט אַ ביסל אַרויסשטאַרצנדיקע קין־באַקן און לעבעדיקע ברוינע אויגן, האָט אין זיך געהאַט גענוג ענערגיע זיך אַרויפֿצואַרבעטן פֿאַר אַ מיטל־פֿאַרמעגלעכן פּויער.

זיין כאַטע איז געווען די איינציקע אין דאָרף וואָס איז באַשטאַנען פֿון צוויי צימערן און וועמענס דאַך איז נישט געווען געדעקט מיט קיין שטרוי. איז געווען אַ קינדערלאָזער און זייבע עלף מאָרג ערד האָבן אים געגעבן גענוג אויף חיונה און אַן עודף, אויף צו פֿאַרקויפֿן.

ער פֿלעגט אַ חוץ דעם אין די ווינטערס טאָן פֿורמאַנסקע אַרבעט. ער פֿלעגט נישט בלויז אַליין פֿירן געהילץ, נאָר ווי אַ פּויער־אונטערנעמער, אויך אָפּדינגען אַנדערע פּויערישע פֿורן און צוזאַמען ברענגען די קלעצער אין די טאַרטאַקן.

אַזוי אַרום האָט ער נאָך אין שלמה׳ס שפּיפּטן פֿאַבריק און אין טאַרטאַק געבראַכט די נייטיקע געהילץ און איז מיט דער משפּחה ערליך געווען באַקאַנט.

אין דרויסן איז נאָך געווען שטאַרק פֿינצטער, ווי יאַנינאַ האָט זיך שוין געפּאָרעט ביי דער קיך. האָט אָנגעצונדן אַ קאָפּטשיקל וואָס האָט געשפּרייט זיין טונקלען שיין איבערן חלל פֿון קיך און גענומען שיילן קאַרטאָפֿל. ווען זי איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די קאַרטאָפֿל, איז זי אַוועק אין שטאַל און פֿון דאָרט אַריינגעבראַכט פֿריש־געמעלקטע מילך.

בערעלע האָט זיך איבערגעוועקט. ער האָט פֿאַרטאַיעט געעפֿנט אַ שטיקל שפּאַלט פֿון אַן אויג און אָבסערווירט איר יעדע באַוועגונג. ער איז דאָך אַ שומר... ער האָט נישט געטרויט די האַלב־פֿינצטערניש. ביז ער האָט זיך איבערצייגט אין דער אומשולד פֿון יאַנינאַס אַרבעט.

ס׳האָט נישט לאַנג גענומען ווי זיי זענען אַלע געווען אויף די פֿיס. און גלייך נאָכן פֿרישטיק איז מען געפֿאָרן אין ליפּיעצקיס

וואַלד. דער לעשניק האָט שוין אויף זיי געוואַרט. בערעלע האָט איבערגעציילט די קלעצער און האָט פאַרשריבן זייערע נומערן. אוןביילטשע האָט אַנטאָנין אונטערגעשריבן די פולמאַכט אַרויסצופירן דאָס געהילץ.

איבעם זעלבן טאָג זענען זיי מיט אַנטאָנין צוריק געפאָרן אין שטאָט. בערעלע האָט שוין נישט מורא געהאַט. דער צוריק וועג איז געווען אַ מער אָפענער און זיכערער. און ווען זיי זענען אַדורכ־געפאָרן אַ שטיקל וועלדל, איז עס געווען אַ שיטער וועלדל און אין ליכטיקן טאָג.

צוריקקומענדיק, האָט שוין אויף זיי געוואַרט אַ פריידיקער סיורפריז. חנה׳לע איז זיי אַנטקעגן געגאַנגען מיט צעלויכטענע אויגן. האָט זיי אַנטקעגן געפאָכעט מיט עפּעס אַ צעקנייטשט פּאַפּירל און אַ צעפריידטע געשריגן: „אַ טעלעגראַמע, אַ טעלעגראַמע פון וואַרשע!"

ביי ביילטשען איז שיעור דאָס האַרץ נישט אַרויס פון שרעק. „ווער ווייסט וואָס פאַר אַ פרישע בשורה דאָס איז?" איז געווען איר ערשטער אימפּולס. זינט שלמה׳ס טויט, האָט זי נאָך דערוייל נישט געהאַט קיין צופיל נחת פון אירע קינדער. אַ פאַרמאַטערטע און נאָך נישט קיין צונויפגענומענע פונעם וועג, האָט זי חנה׳לעס פרייד נישט באַמערקט.

די אומקלאָרקייט אין איר איז אָבער באַלד פאַרשוווּנדן. און דערקענענדיק חנה׳לעס פרייד, האָט זי שוין באַנומען, אַז קיין שלעכטע נייעס קען דאָס נישט זיין. און נאָך איידער זי האָט די טעלעגראַמע אַליין גענומען לייענען, האָט איר חנה׳לע אַלץ אַנט־פּלעקט.

— עס קומט אונדז אַ מזל טוב, מאַמע. בתיה האָט געהאַט אַ יינגל. און זי לאַדעט אונדז אויפן ברית.

— טפו, טפו, האָט ביילטשע צוויי מאָל אויסגעשפּיגן. אויף אַלע וויסטע פעלדער און וועלדער, וואָס איך האָב שוין איבערגעטראַכט. און פאַרוואָס גזלן, האָסטו מיר דאָס אַלץ באַלד נישט געזאָגט? אַרויס־צונעמען ביי דער מאַמען דאָס האַרץ, איז ביי אייך קינדער ווי אַ שפּילכל. האָט זי שוין ליבלעך אַלעמען געמאַכט אַ פאַרוואורף.

— איך האָב נישט אוספּייעט מאַמע, דיר אַלץ צו דערציילן. און

פאַר וואָס ווידער זאָלסטו באַלד אַלץ אויסלייגן צום שלעכטן? ווייניק שלעכטס איז ביי אונדז געווען?... און ס'איז שוין צייט אויף גוטס. האָט חנה'לע זיך געפּרווט פאַרענטפערן.

— נו, נו, זאָל זיין מיט מזל, היינט קריגט מען זיך נישט. האָט זיך שוין בערעלע אַריינגעמישט. אַ קניפּטועַנדיק פון באַשמחהטער ווילדקייט אין באַק, דער יונגסטער איטקען.

— אַ לויב צו גאָט, אַ לויב צו גאָט; דערפאַר, האָט ביילטשע אויפגעהויבן פרומלעך אירע אויגן אין דער הויך. זאָל עס שוין זיין אַ גוטער אָנהייב. ווי דערלעבט מען שוין דאָס צו זען ביים לעצטן?

— און דו, האָט זי זיך געווענדעט צו בערעלען. שיק איר גלייך צוריק אַ טעלעגראַמע און אויך אַ בריוו. שרייב איר: אַז די גוטע בשורה האָט אונדז אַלע דערפרייט די הערצער. זי זאָל זיין אַ געזונטע מאַמע און דאָס קינד זאָל האָבן אַ גרינגע האָדעוואַניע. און אַז איך וועל מירצעשעם קומען אויפן ברית און זי מיט איר מאַן זאָלן זיך עלטערן אין כבוד און נחת.

— אפשר מאַמע, וועסטו מיר אַצינד אויך מיטנעמען פאַר אַ שומר און אויך איך וועל זיין ביי בתיהן אויפן ברית? האָט זיך בערעלע געחכמעט.

— ניין, צו בתיהן דאַרף איך דיר נישט, חכם מיינער. און מען קען נישט איבערלאָזן די קראָם מיטן הויז אויף הפקר. ביזט דער איינציקער מאַנסביל אין דער משפחה און דו וועסט דאַרפן אויף אַלץ אַכטונג געבן.

ער האָט אייגנטלעך דאָס אַליין געוואוסט. מען קען דאָך טאַקע חנה'לען אַליין נישט לאָזן. אַפילו נישט אין קראָם. נאָר ס'האָט זיך אים סתם געוואָלט מוסיף זיין צו דער גוטער שטימונג און זיך אַ שפּיל טאָן.

דער אָוונט איז שוין געווען אַ יום־טובדיקער. אַ יום טוב אין דער וואָכן. מען האָט די קראָם פריער פאַרמאַכט, ווי עס וואָלט געווען ערב שבת. און טאַקע, ביילטשע מיט בערעלען זענען געווען מיד פונעם וועג און דאָ איז נאָך צוגעקומען די טעלעגראַמע.

נאָר פונקט פאַרן גיין שלאָפן, האָט זיך ביילטשע אין עפּעס דערמאָנט „ווי דאָס אַלץ איז איר אַרויס פון זינען". זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן: „זע נאָר, זע, ווי האָב איך דאָס געקענט פאַרגעסן?

האָב איך שוין דעם זכרון פאַרלוירן, צי וואָס ז״ האָט זי זיך אַליין געפּרעגט.

כאָטש זי אַליין האָט פון דער זאַך נישט געהאַלטן און האָט ביי זיך פעסט באַשלאָסן אויף ניין, — האָט זי פונדעסטוועגן ביי זיך נישט געקענט פועלן אים דאָס נישט איבערצוגעבן.

עס וואָלט נישט געווען יושרדיק, האָט זי געהאַלטן. בפרט ווען די זאַך איז דאָך קודם אים נוגע און נישט איר. און זי האָט דאָך משה־מענדלען צוגעזאָגט, אים, בערעלען, דאָס איבערצוגעבן.

זי האָט אָבער אין זינען געהאַט, אַ נאָך וויכטיקערן מאָטיוו. זי האָט געהאַלטן אַז דאָס וועט זיין אַ מעלה צו הייבן זיין גייסט. נאָך דעם אַלץ וואָס ס׳איז מיט אים געשען, זאָל ער ביי זיך נישט זיין געפאַלן.

זאָל ער וויסן אַז עס פעלט אים נישט קיין שידוכים. און טאַקע מיט אַן אמתער מאַטעריעלער סיטואַציע. נישט ווי ביי הרב גרינ־בערג, וואָס האָט קיין הונדערט דאָלאַר אַפילו נישט געקענט ווייזן. טאַמאַרע איז דאָך היינט די גרעסטע פאַרדינערין. און איצט איז דאָס בעסטע צייט אים דאָס איבערצוגעבן.

ס׳איז איר אויך אינטערעסאַנט צו זען ווי אַזוי ער וועט אויף דעם רעאַגירן. כאָטש זי איז זיך משער און מער ווי משער, אַז ער וועט דעם אָנשלאַג אָפּוואַרפן. בפרט נאָכן חלום — און נאָך דעם ווי ער איז פון דאָרטן אַליין אַוועק. ער וועט דאָך צוליב איר נישט גיין צוריק און לעבן צווישן קראַנקע.

די קינדער זענען שוין גשלאָפן. אויך בערעלע האָט דאָס מאָל געוואָלט גיין פריער שלאָפן. ער האָט זיך אַפילו געוווּנדערט וואָס די מאַמע שלאָפט נאָך נישט. נאָר איידער וואָס ווען, האָט זי אים אַריינגערופן אין אַ זייטיקן צימער און אים איבערגעגעבן אַלץ וואָס משה מענדל האָט איר געבראַכט פון טאַמאַרען.

בערעלע איז אויפגעשפרונגען און מיט כעס אויסגערופן:

— עס קומט נישט אין באַטראַכט מאַמע! זאָל זי קומען אַנדערע צו חלום...

— שאַ, שאַ, מען שלאָפט, דאָך, האָט אים ביילטשע געפּרוווט איינבנעמען. און וואָס רעגסטו זיך אַזוי אויף? אויך מיר איז עס נישט צום האַרצן. איך האָב עס דיר נאָר איבערגעגעבן, ווייל

ס׳איז דײַנע אַ זאַך און איך האָב משה־מענדלען צוגעזאָגט עס דיר איבערצוגעבן.

און באַלד האָט זיך בערעלע באַרוהיקט און ווי ער וואָלט נישט דערהערט געפרעגט:

— ווער זאָגסטו, האָט געבראַכט דעם אָנשלאָג, משה־מענדל?

— יאָ, משה־מענדל.

— און וואָס האָסטו אים וועגן דעם געזאָגט? האָט ער געוואָלט זײַן מער זיכער מיט איר.

— וואָס האָב איך אים געזאָלט זאָגן? איך האָב אים געזאָגט דאָס זעלבע וואָס דו זאָגסט, נאָר אויף אַ רוהיקערן אופן. און צו דעצידירן האָב איך געלאָזט פאַר דיר.

## קאַפּיטל ניין און צוואנציק

ביינאַכט אויפן געלעגער, האָט בערעלע אַלץ איבערגעטראַכט. ער האָט סיי ווי נישט געקענט שלאָפן. זײַן אָנצינדן זיך ביי דער יאַמעס איבערגעבן אים וועגן טאַמאַרען, איז געווען נאַריש.

„מען דאַרף נישט זײַן אַזוי הייס געבאָדן. מען דאַרף אַלץ קענען רוהיק אויסהערן. בפרט ווען ס׳איז נישט איר אָנשלאָג, נאָר משה־מענדלס. ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט גאָר געווען אין כעס אויף איר. און מ׳קען דערמיט זיך אַליין קאַליע מאַכן.

„ווייל אויף צו וויסן יענעמס מיין, — דאַרף מען אים קאַלט־בלוטיק אָבסערווירן און אויסהערן. דײַן כעס וועט דאָ גאָרנישט העלפן. פאַרקערט, עס קען נאָך פירן דערצו, יענער זאָל אויף אַ ווייל ענדערן זײַן אמתע מיינונג און דו וועסט נישט אָנהייבן צו וויסן ווי דו האַלסט מיט אים. כאָטש זײַן מאַמען גליִיבט ער. זי ציטערט און פלאַטערט איבער אירע קינדער, ווי א פויגל־מוטער איבער אירע יונגע. און זי וועט צוליבן מינסטן סימן פון אַ חלום מיט גאָרנישט איינשטעלן.

„און וואָס זאָגט ער, זי וועט נישט איינשטעלן, און ער אַליין, דער גאַנצער ווייסער, וועט יאָ איינשטעלן? ער איז דאָך נאָר אַזוי

פיל לאָגיש, ביז זיך. — און ווי עס קומט נאָר צו זיך, גייט ער שוין אַ קאַדריל צווישן זיין לאָגיק און גלויבן.

„זאָל זיין אַז דאָס איז צוליב דער מורא וואָס צענעמט יעדן איינעם. דער פּחד פאַרן אייגענעם נפש. און אַז מורא איז וואָס? מיינט דאָך עס, אַז גאָר זיכער מיט זיין לאָגיק איז ער נישט.

„אָבער זע נאָר", איז ער צוריק געקומען צום פריערדיקן. „ווי די לילית האָט געשפילט איר ראָל. ער האָט עפּעס אַ שטיקל פאַר־דאַכט וועגן איר יאָ געהאַט. נאָר מער נישט ווי אַ שטיקל. און ער האָט דערפאַר מורא געהאַט איינצושטעלן.

און ווי האָט ער געקענט איינשטעלן, אַז זי האָט אים מיט גאַרנישט וועגן דעם געגעבן אָנצוהערן. וואָס איז ער אַ טרעפער. אַ „בוחן לבבות" איז ער?

עס קען זיין אַז ער טויג זיך נישט צו דעם. איז נאָך דער זעלבער שטיבל־בחור. זאָל זיין אַזוי.

„און ווידער, אויב זי איז אין אים פאַרליבט, אַפילו בלויז זי האָט אים גערן, סקאַנדאַלעוועט מען אַזוי און מען דערציילט אַזש דעם קאָמיטעט? ער קען דאָס נישט פאַרשטיין. איז פאַראַן אַזאַ ליבע וואָס ווערט דערגרייכט אַפילו דורך פאַרשעמונג און דערנידע־ריקונג?...

„קיין מיאוסע איז זי אַפילו נישט, די זמאַריכע. האָט חן און רייץ. אַ שוואַרץ־ציגיינערישן חן. אַ פיגורנע אויך. און פּרנסה וואָלט ביי איר אויך געווען. נאָר די פאַרדאַרבנקייט, איר כאַראַקטער, שרייט פון איר אַרויס. ווען אירע אויגן הייבן אָן צו בליצן, דאַכט זיך אים, ווי אַ שלאַנג וואָלט זיך געוויקלט אַרום זיין האַלדז.

„און ווי קען מען איינשטעלן? כאַראַקטער איז אַזוי טיף און פאַרבאָרגן, אַז מיטן גרעסטן ליכט וועסטו אים נישט דערגרונטעווען. און וואָלט זי אַפילו געווען צען מאָל שענער, וואָלט ער איר נאָך יענעם סקאַנדאַל אויך נישט גענומען. מיט אַזעלכע מיטלען נעמט מען אים נישט. און ער איז צו איר געווען און געבליבן אַ פרעמדער".

***

ביילטשע איז געפאָרן קיין וואַרשע אויפן ברית. אַ צעפריידטע, אַ דערהויבענע, האָט אַלץ אין איר געטאַנצט און געזונגען. אַלץ האָט אַרום איר אַצינד אויסגעזען שענער.

ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל ווי זי פאָרט קיין וואַרשע. מ'קען זאָגן, אַז וואַרשע איז איר באַקאַנט. בפרט דער יידישער טייל. און דאָך האָט אין אירע אויגן אַלץ אַצינד אויסגעזען אַנדערש.

דאָס שטאָלענע געפלעכט איבער דער ווייסל, האָט איר אויסגעזען וואונדערלעכער ווי תמיד. די ווייסל אַן אַ דורכזיכטיק־קלאָרע ווי קרישטאָל, האָט זיך פאַר איר געשפּרייט ווי אָן אַ סוף.

אַפילו די דאַראַזשקע וואָס זי האָט זיך אַצינד פאַרגינט צו נעמען אַנשטאָט דעם טראַמוואַי, האָט איר אויסגעזען ווי אַ קעניגלעכע קאַרעטע.

און געדאַכט האָט זיך איר, אַז נישט דורכן בריק פאָרט זי איבער דער ווייסל, נאָר דאָס גליטשט זי זיך אַזוי אויפן סאַמע „לייב" פונעם טייך.

דאָס קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס האָט זי נישט געהערט. אַפילו דאָס אַ פּאָר מאָליקע פרעגן איר פונעם דאַראַזשקאַזש, וואוהין ער זאָל איר פירן, האָט זי נישט געהערט.

אין איר פאַרטראַכטקייט האָבן אין אירע אויערן אָפּגעקלונגען: אַ באָבע, געוואָרן אַ באָבע... ס'ערשטע אייניקל... דערלעבט צום ערשטן אייניקל. און ווי גוט וואָס ס'איז אַ יינגל. מען וועט אים אַ נאָמען געבן נאָך שלמה'ן.

און באַלד. „ווי זעט ער אויס? איז ער געראָטן אין בתיה'ן צי אין אפרימען? און וואָס איז איר די נפקא מינא? זיי זענען ביידע שיינע און עס דאַרף זיין אַ שיין און געראָטן קינד. און ווי זעט מען עס שוין? זי וואָלט עס שוין וועלן זען". האָט זי נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן.

ערשט אַריינפאָרנדיק אין דער יידישער געדיכטעניש, אין די סאַמע נאַלעווקעס, וואו זי האָט באַוווּנדערט די אין פּראַנט אַרויסגעשטעלטע זעק מיט געטריקנטע פלוימען, צימערינג און פעפער, פון די יידישע גרויסע קאָלאָניאַל־געשעפטן, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי מוז דאָך אים זאָגן וואו ער זאָל זיך אָפּשטעלן. אַ נישט וועט ער איר אויף אירע קאָסטן אַרומפירן איבער גאַנץ וואַרשע.

האָט זי ווי פון זיך אַרויסגעוואָרפן די גאַס מיטן נומער און איז געפאָרן ווייטער, ביז זי האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט ביי בתיה'ס וווינונג אויף די לעשנע. זי איז אַ שווער־סאַפּענדיקע אַרויף

אויפן פערטן גאָרן. דאָס האַרץ אין איר האָט אונטערגעשפרונגען, נאָר זי האָט נישט געהערט און נישט געפילט.

אין שטוב איז געווען אַ פריילעכער געטומל. פול מיט מענטשן: קרובים און פריינט. און צווישן די קרובים זענען אויך געווען די וואַרשעווער ערליכס, מיטן גבירישן דאזאר בראש. אַלץ איז געווען גרייט. אויך דער מוהל מיטן סנדק זענען שוין געווען. מען האָט נאָר געוואַרט אויף ביילטשען.

זי איז אַריין אָן איין אָטעם. האָט זיך אויף קיינעם נישט אומגעקוקט נאָר גלייך אַריין צו דער קימפעטאָרן, האָט אַ כאַפּגעטאָן דאָס קינד, עס צוגעדריקט צו זיך מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דאָס עופהלע האָט זיך אַזש פאַרגאַנגען.

ערשט נאָך דעם, האָט זי זיך צעקושט מיט בתיה׳ן און פון זיך אַרויס געהעשעט: „מזל טוב! וואָס מאַכסטו טאָכטערקע? השם יתברך זאָל געבן, דו זאָלסט אים דערציען צו חופּה און מעשים טובים. און איך זאָל נאָך זוכה זיין צו זיין אויף זיין חתונה. אָמן!” „אָמן!”, האָט בתיה איר נאָכגעזאָגט.

דער ברית איז אַדורך זייער פייערלעך. מען האָט דאָס קינד אַ נאָמען געגעבן נאָך שלמה׳ן, ווי זי האָט געוואָלט. בתיה האָט גאָר אַנדערש נישט געטראַכט. און נישט נאָר איז ביילטשע פונעם ברית געווען צופרידן, נאָר זי האָט זיך נאָך דורך אים געטראָפן מיט איר פאַרשטאָרבענעם מאַנס משפחה, די ערליכס, מיט וועלכע זי האָט זיך פונעם דייטש אָן נישט געזען.

זיי האָבן איר אויפגעדעקט אַ נייעם חוב וואָס איז געבליבן אויפצומאָנען. און דאָס דווקא פון אַ רייכן וואַרשעווער בעל הבית, וואָס איז איר נישט אָנגעקומען שווער אים אָפּצונעמען און האָבן איר אויך צוגעזאָגט עפּעס צוטאָן פאַר חנה׳לען.

זי האָט אַהיימפאָרנדיק, באַזוכט איר רבין. ס׳איז איר נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג צו אים צוצוקומען. ס׳האָט שוין אויף אים געוואַרט אַ לאַנגע ריי פון חסידים.

נאָך דערציילנדיק דעם שמש ווער זי איז און אַז זי האָט אין דער היים אַלץ געלאָזט ווי אויף הפקר, האָט דער פאַרוואָקסענער משה־בער אויף איר רחמנות געהאַט און איר אַריינגעלאָזט אויסער דער ריי.

אַריינקומענדיק, איז זי אַ נישט דרייסטע געבליבן שטיין ביי דער שוועל פון טיר. נאָר דער רבי וויסנדיק פון איר קומען, האָט אויפגעהויבן זיינע געדיכטע ברעמען פון קוויטל און קוקנדיק אויפן אושאַק פון דער טיר וואָס איבער איר, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט: „אַ, האַ... דעם משה שלמה׳ס אשה״.

— וואָס פאַרלאַנגסטו אשה?

— איך פאַרלאַנג, הייליקער רבי, האָט זי שטיל מיט דרך ארץ געזאָגט: אַ ברכה, חתונה צו מאַכן מיינע קינדער.

— וויפל קינדער איז נאָך שלמה׳ן געבליבן?

— פיר רבי. נאָר איינע האָט מיט גאָטס הילף שוין חתונה געהאַט און איך פאַר טאַקע פונעם ברית פון איר ערשט יינגעלע.

— קומט דאָך דיר אַ מזל טוב.

— מיט מזל זאָלט איר לעבן, רבי.

— נו, ר׳ שלמה׳ס אלמנה, האָט דער רבי ווי אַריינריידנדיק אין זיין ברייטער, ווייסער באָרד, אויסגערופן:

— זאָרג זיך נישט אשה. חתונה מאַכן קינדער איז אַ גרויסע מצווה. און „אין המצווה נקראת אלא על מי שגומרה״... האָסט אָנגעהויבן מיט דער מצווה, וועסטו מיט השם יתברכ׳ס הילף איר ענדיקן.

„אוי, רבונו של עולם, פון רבינס מויל אין גאָטס אויערן״. האָט זי אַרויסגייענדיק, צו זיך שטיל געזאָגט.

***

דער וועג איז איר אַדורך נאָך פריידיקער. געשטאַרקט אין איר מוט פונעם ברית און רבינס ברכה, איז זי געוואָרן פעסטער אין איר אמונה. און ס׳ערשטע האָט זי אין איר פאַנטאַזיע געזען חנה׳לעס חתונה. דערנאָך, האָט זי געטראַכט, וועט שוין אַלץ גיין ווי געשמירט.

זי איז אַ היימגעקומען אַ באַגייסטערטע. באַגייסטערט פון אַלץ האָט געטיילט די קינדער דעם מיטגעבראַכטן לעקעך און האָט גענומען לויבן איר אייניקל.

— אַזאַ קינד, האָב איך נאָך נישט געזען, קינדער. שיין איז עס, קיין עין הרע, ווי די ליכטיקע זון. אַ זגראַבנע נעזעלע מיט

בלאָע אויגן. זעט עס אייס ווי אַ קליין מלאכל. און גוט אויך. ס׳האָט ביים מל זיין נישט געוויינט.

— נו, און קלוג מסתם איז עס ווי די וועלט. און באַלד: ביים רבין ביזטו געווען, מאַמע? האָט פון גוטער שטימונג בערעלע איר געפּרואווט קיבעצן.

ביילטשע האָט זיך ווי אַ קליין מיידעלע פאַרויטלט. „זע נאָר ווי דאָס טרעפט, דער בענאָק מיינער". און גלייך האָט זי אים צוריק געצאָלט:

— עס וועט מערצעשעם זיין קלוג אויך, חכם מיינער. און ביים רבין בין איך אויך געווען.

— און וואָס האָט ער דיר געזאָגט? האָט ער נישט באַוויזן אַ נייעם מופת? איז בערעלע געוואָרן דרייסטער.

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַזאַ בחור ווי דו, דאַרף חתונה האָבן, ווערן פאַר זיך אַליין אַ בעל הבית און מיר מזכה זיין מיט אייניקלעך. און אַצינד, זאָג מיר בעסער, צי האָסטו געהאַלפן חנה׳לען אין קראָם און צי איז אַלץ אין אָרדענונג.

— אין אָרדענונג, אין אָרדענונג; האָבן שוין ביידע, חנהלע מיט בערעלען, ווי אָפּגערעדט, זיך איר געאיילט צו ענטפערן.

— נו, גוט, האָט זי שוין מיט אַן היימלעכן, פרומלעכן טאָן פאַר־ענדיקט. כ׳לויב דיר און אַ דאַנק דיר גאָט, פאַר דעם. איך האָף, אַז דו וועסט מיר שוין מער נישט פאַרלאָזן. שוין גענוג אָפּגעקומען פאַר מיינע זינד...

* * *

זי האָט די נאַכט גוט געשלאָפן. איז פאַרזונקען אין זיך — און האָט זיך דערזען אין אַ גרויסן וואַרשעווער זאַל, וואָס איז געווען פול מיט ליכט. אַזוי פיל ליכט האָט זי ביז דאַן נישט געזען. עס האָט ווי פון אַ וואַסער פאָנטאַן פון אַלע זייטן געשפּריצט מיט ליכט.

אין אַ ווינקל פון זאַל שפּילט אַ קאַפּעלע און פּאָרלעך טאַנצן צום ריטעם פון איר מוזיק. אַלע טאַנצן. און מיט אַמאָל באַווייזט זיך אַן אויסגעפּוצטע דאַמע באַהאָנגען מיט פּערל און בריליאַנטן וואָס דערנעטערט זיך צו איר און זאָגט: „קומט מחותנסטע, לאָמיר

טאַנצן אויף אונדזער קינדערס חתונה. „לאָמיר זיי וויזן די „מאַלאָ־קאסאקעס" ווי מען טאַנצט אויף אַ יידישער חתונה. און זיי טאַנצן און טאַנצן, ביז זי הערט: „שוין צייט צו באַזעצן די כלה", זי זוכט מיט די אויגן די כלה, ביז זי דערזעט חנה'לען אין אַ שטול, אָנגעטאָן אין אַ ווייס־זיידן־חופה־קלייד און דעם קאָפּ פאַרדעקט מיט אַ ווייסן וואַל.

זי איז צעטומלט און איבעראַשט פון פרייד. ווייסט נישט ווער עס האָט צוגעגרייט די חתונה און חנה'לען אַהערגעבראַכט. נאָר ס'נעמט נישט לאַנג ווי דער בדחן באַזעצט די כלה.

ווידער וואַקסט נעבן איר אויס די פריערדיקע דאַמע און פרעגט איר: „ווער פון אייך וועט אונטערפירן די כלה?" „איטקע מיט בתיה'ן", ענטפערט זי.

— און וואו איז דער חתן? פרעגט זי צוריק.

— אָט, וועט מען אים באַלד אַרויספירן צו דער חופה.

און אָט טאַקע זעט זי חנהלען מיט איר חתן אונטער דער חופה. זי זעט איצט קלאָר: ער טוט איר אָן דאָס קידושין־רינגל און זאָגט „הרי את"... און מיט אַמאָל אַ קנאַק און פון אַלע זייטן שרייט מען: מזל טוב, מזל טוב!

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ ביסל צו שפּעט. חנה'לע איז שוין געווען אין קראַם. אין ערשטן אויגנבליק האָט עס איר פאַרדראָסן. נאָר באַלד האָט זי זיך געזאָגט: „סאיז דאָך די ערשטע נאַכט פון איר קומען פון ברית, טאָ מעג זי זיך פאַרגינען צו שלאָפן אַביסל לענגער".

און נאָך אייניקע רגעס: „ס'האָט אָבער געלוינט. אָ, ס'האָט געלוינט... אַזאַ גוטן חלום האָט זי שוין לאַנג נישט געהאַט. און ס'איז אַ גוטער סימן. און זי וועט אים קיינעם נישט דערציילן. צו וואָס? זי דאַרף נישט מער אים איר פותר זיין. ס'איז דאָך אַן אָפענער זעקס און זעכציק, און ער דערקלערט זיך אַליין. און זי גלויבט אין אים, ווי זי גלויבט אין גאָט.

# קאַפּיטל דרייסיק

אין אַ צייט אַרום, האָט איר דער פּאָסט־טרעגער געבראַכט אַ בריוו. ווי זי האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן קאָנווערט, האָט איר דאָס האַרץ אַ טיאָכקע געטאָן. „עפּעס בייעס", האָט זי צו זיך אַליין אַ מורמל געטאָן. און באַלד, ס'איז דאָך פֿון חיים וואַרשעווער, שלמה'ס קוזין, מיט וועמען זי האָט אויפֿן ברית גערעדט וועגן חנה'לען.

און סאַ נאַר זי איז, באַלד דערשרעקט זי זיך און עס דאַכט זיך איר אַז ס'איז צום שלעכטן. האָט זי דען ווייניק שלעכטס געהאַט? און וואָס ווידער שטייט זי אַזוי ווי אַ גולם און טראַכט? וואָס דאַרף זי טראַכטן? „עפֿן דעם בריוו און וועסט אַלץ וויסן. וועסט לייענען כתוב וחתום".

זי האָט דעם בריוו געעפֿנט. ער שרייבט: „די זאַך איז אים גוט אַריין אין קאָפּ. ער האָט אַוועקגעלייגט אַלצדינג און האָט זיך באַלד גענומען צום עסק. — און ווי ער גלויבט, איז אים מיט גאָטס הילף געלונגען.

„מען האָט אים רעקאָמענדירט אַ סוחרישן ייד, אַ ייד אַ חסיד. דאַכט זיך אַ משלנו'דיקער. קיין גרויסער גביר איז ער נישט. ער האַנדלט מיט תבואה אין אַ שטעטל נעבן וואַרשע. זיין בחור גייט אין טאַטנס וועגן. איז נישט קיין פּראַנט און נישט קיין קאַליע געוואָרענער. און דאָס דווקא, האַלט ער, איז אַ מעלה צום שידוך,,,

„אַזאַ בחור איז נישט קיין איבערקלייבער און וועט זיך צוהערן צום טאַטן. און דער טאַטע ר' זלמן פּרייס, האָט געהערט פֿון שלמה'ן. ער האָט זיך אין מיין אָנשלאָג אָנגעכאַפּט ווי אין אַן אבן טוב.

„האָט אויך נישט קיין גרויסע השגות. ער וויל פֿאַרן זון אַ שטיקל דירה מיט אַ קראָם און אַביסל נדן. איז וואָס שייך וועגן דעם, מיין איך אַז דו זאָלסט אים אויף דער ערשטער צייט אַריינגעמען צו זיך אין קראָם. דאָס וועט אים גאָר לאָקן. און חנה'לע איז דאָך עס אַוודאי ווערט.

„איך האָב אויך דעם בחור געזען. איז געראָטן אין טאַטן און לערנט אין שטיבל. ער איז אמת, נישט קיין גרויסער למדן און צייכנט זיך באַזונדער נישט אויס. ער איז אָבער אַ געזונטער און אַ יידישער און חנה'לע גלויב איך, וועט אים שוין מאַכן פֿאַר אַ לייט.

„מיין עצה איז: די זאַך נישט צו שלעפּן. פֿאַרבעט גלייך זלמנען

מיטן בחור, שמעון הייסט ער, אויף אַ זעאונג. איך האָב מיט אים אַזוי אָפּגערעדט. גרייט צו דעם צו חנה׳לען. און ווי נאָר די צדדים וועלן מסכים זיין, שרייב גלייך תנאים און באַלד דערנאָך חתונה. און דער וואָס זיצט אין הימל וועט געבן זיין ברכה.

„און איך וועל דיר שוין מודיע זיין נאָך עפּעס. שלמה׳ס פּעטער אשר ערליך, האָט ווי עס ווייזט זיך ארויס, דיר איבערגעלאָזט צען טויזנט זלאָטעס. אַ חוץ די קראָם וואָס ער האָט אָנגעזאָגט דיר נישט צו טשעפּען, — ווי לאַנג דו וועסט לעבן.

דאָס געלד איז קוראַנט וועסט מיטן אפשריפט פון דער צוואה אין וואָכן אַרום עס קענען אָפּנעמען פון באַנק. אַלזאָ, ווי דו זעסט, ביילטשע, דאַרפסטו זיך מער נישט זאָרגן. איך פאַרלאָז זיך אויף דיר, אַז דו וועסט וויסן ווי מיטן געלד זיך צו באַגיין. אַזוי, אַז עס זאָל עפּעס אויך בלייבן פאַר איטקען״.

ביילטשען האָט ווי געצוּמען רייסן אין האַלדז. אַ געפיל פון רחמנות און אַ דאַנקבאַרקייט איז פון ערגעץ אין איר אויפגעקומען, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן צו אירע אויגן. און גלייך זענען איר די אויגן פייכט געוואָרן פון די אַנלויפנדיקע טרערן.

זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון צו וויינען, די סענסיטיווע ביילטשע. „אַ, געבענטשט זאָל ער זיין, חיים״. ער האָט דאָך איר דערפרייט דאָס האַרץ. צוויי גוטע נייעס אויף איין מאָל.

ער איז זייער פּראַקטיש, חיים. און ער איז גערעכט אויך. אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי אַריין צו חנה׳לען און איר גלייך איבער־געבן וועגן אַלץ. זאָל זי זיך אויך פרייען. עס טויג אָבער נישט. נאָך צו פרי. בעסער אַ ביסל פאַרשפּעטיקן מיט דער פרייד, נאָר אין צייט — און זיין מיט איר אינגאַנצן זיכער. —

זי וועט אויך קיין אַנדערע וועגן דעם נישט דערציילן. ביז עס וועט זיין אַ זעאונג און די צדדים וועלן איינגיין אויף אַלץ. ס׳איז גלייכער אַזוי. בפרט אַז זי איז שוין גענוג געפּרוּווט געוואָרן.

און וואָס שייך די פאַרבעטונג פאַרן מחותן, וואָלט זי אים אַליין געשריבן, ווען זי קען מער די קליינע פּינטעלעך. איר יידיש איז אָבער אַ ווייבערישער. און דאָ דאַרף מען אַנדערש שרייבן. מען דאַרף ריידן מיט תורה. און פאַר בערעלען האָט זי מורא, ער קען נאָך באַצייטנס אויספּויקן.

„או ווייי״, וואָס ברעכט זי זיך דעם קאָפּ, איז איר איינגעפאַלן.

נאָך גוט, וואָס דער איינפאַל איז איר געקומען אין צייט. זי וועט אָנשרייבן אַ קאַרטל צו חיימען און אים בעטן, ער אַליין, בכבודו ובעצמו, זאָל ר׳ זלמנען אין איר נאָמען פאַרבעטן. נישקשה. מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן. ער וועט שוין וויסן וואָס און ווי אַזוי צו שרייבן. און זי האָט תיכף ומיד צו אים דאָס קאַרטל אַרויסגעשיקט.

עס האָט לאַנג נישט גענומען. ווי זי האָט פון זלמנען געקראָגן אַ טעלעגראַמע, אַז ער מיטן זון קומען צופאָרן. זי האָט שוין מיט איטלעכן נישט געררוט, נאָר אויפסניי צוגעגרייט די שטוב. דאָ צור־גענומען, דאָ געשטעלט, געשייערט, געפוצט, ביז אַלץ האָט גע־בלאַנקט.

ערשט אין דער לעצטער מינוט האָט זי געהייסן חנהלען זיך איבערטאָן. איר מודיע געווען אַז זי וועט האָבן געסט. און חנה׳לע האָט פאַרשטאַנען. נאָך צוויי מאָל, — האָט זי שוין אין דעם געהאַט גענוג דערפאַרונג.

זי האָט אויך בערעלען צוגעגרייט. נישט געקענט אים אויס־מיידן. ער וועט דאָך דאַרפן זיין איר פירשפּרעכער. איר „מאַן" און פאָרשטייער. אַ מאַן מיט אַ מאַן וועט זיך בעסער קענען צונויפריידן, בפרט מיט אַ פרומען ייד, וואו מען דאַרף באַנוצן תורה. מען קען דאָך נישט באַלד ריידן תכלית. און ער וועט שוין וויסן וואָס צו ריידן. מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן.

* * *

זי איז מיט חנה׳לען אין קראָם שוין נישט געגאַנגען. האָט אַפילו אין אָנהייב געטראַכט, דעם טאָג, די קראָם אינגאַנצן נישט צו עפענען. ס׳איז נישט קיין אומגליק אַז זי וועט אָנווערן אַ טאָג פדיון. מען קען נישט מיט איין מאָל טאַנצן אויף צוויי חתונות.

נאָר זי האָט זיך באַרעכנט, אז ס׳איז בעסער איר נישט צו פאַר־מאַכן. פאַר מענטשנס וועגן בעסער... מען וועט זיך אָנשטויסן און עס פעלן נישט קיין נישט־פאַרגינערס. וואָלטן געווען אַזוי בעלנים אויף גוטס, ווי עס זענען פאַראַן אויף שלעכטס, האָט זי צוגעקרעכצט. וועט איבער דער צייט איטקע זיצן אין קראָם. זאָל זי זיך צוגעוווינען. זי וועט דאָך נאָך חנה׳לעס חתונה איר דאַרפן פאַרטרעטן.

זי איז אַרויס אין דרויסן, זען צי די פענצטער פון איר הויז

זענען פֿאַרשטעלט. האָט נישט געוואָלט מען זאָל בעת דער אויפֿנאַמע אין זיי אַריינקוקן. האָט זי זיך דאָ אָנגעשטויסן אין צוויי יידן. אין איינעם אַן עלטערן, שוואַרץ־באַבערדלטן אין די מיטעלע יאָרן און אַ יונגערן, וועמען עס האָט ווי דער ערשטער אויפֿשפּראָץ פֿון אַ פֿעלד, נאָר וואָס גענומען שפּראָצן עפּעס אַ בערדל.

ביידע זענען געווען טונקל, מיטלוווקסיק, האָבן אויסגעזען געזונט און ווי צוויי טראָפּנס ענלעך איינער צום אַנדערן. ביילטשעס האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן. „דאָס מוזן זיי זיין", האָט אין איר אויפֿ־געבליצט. און ווי איר קאָפּ וואָלט געווען אָפּגעדעקט, האָט זי אינ־סטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן דאָס שייטל און עס אַראָפּגערוקט טיפֿער איבערן קאָפּ.

„גוט מאָרגן", האָט דער עלטערער געזאָגט. „וואו גייט מען דאָ אַריין צו מרת ביילטשע ערליך?"

— אָ, איר האָט געטראָפֿן, ר' זלמן. מיר זאָלן אַזוי טרעפֿן מיט אַלדאָס גוטס. איר זענט אויפֿן ריכטיקן אָרט. און אין זיך: „אַ גוטער סימן. ס'איז אַ גוטער סימן". זי האָט זיך אָפּגערוקט פֿון די מאַנסבילן און מיט דרך ארץ זיי אָנגעוויזן אויף דער אַריינגאַנג טיר פֿונעם גלעזערנעם גאַניקל.

— איך וועל בעטן אייער כבוד אָט דאָ אַריינצוגיין. מיין זון וואַרט אייך שוין אָפּ. זיי זענען אַריין דורך דער פֿאַראַדנער טיר און ביילטשע איז אַריין דורכן הויף פֿון דער אַנדערער זייט.

דערווייל האָט זיי בערעלע פֿאַרבעטן אין דער גרויסער סאַליע וואו אויפֿן טיש איז געווען אָנגעגרייט פֿון כל טוב און האָט מיט זיי אָנגעהויבן צו שמועסן.

— ווי איז אייך ר' זלמן געגאַנגען דער וועג?

— נישט שלעכט. אַז גאָט וויל, פֿירט ער אין ריכטיקן וועג.

— און אָט איז מיין מאַמע, די אמתע בעלת הבית, האָט בערעלע דערזעענדיק דער מאַמען, איר געפּרוווט פֿאָרשטעלן.

— יאָ, מיין זון, איז זלמן געוואָרן אינטימער. איך האָב געהאַט אַ שטיקל „קפיצת הדרך". — דיין מאַמע, די אם הכלה, האָט אונדז באַגעגנט פֿאַרן סאַמע אַריינגאַנג און מיר האָבן פֿאַרשפּאָרט בלאָנ־דזשען. נישט שלעכט פֿאַר אַן אַתחלה. און איך האָף אַז אויך ווייטער וועט אונדז די השגחה פֿירן אינעם ריכטיקן וועג. „אָמן", האָט פֿון

איר ווינקל ביילטשע געענטפערט, „אָמן״, האָט בערעלע געמוזט צוגעבן...

— און וואָס הערט זיך ביי אייך אין וויסאָקע? האָבן יידן עפּעס פּרנסה?

— זיי וואָלטן געהאַט, ווען מען לאָזט זיי, האָט זלמן געענטפערט.

— און ווער לאָזט זיי נישט?

— אָ, מען וואָלט געדאַרפט פרעגן און ווער לאָזט זיי יאָ? האָט זלמן צוריק געפרעגט און אַליין געענטפערט:

— עס לאָזן זיי נישט די ניי־געגרינדעטע פּוילישע קאָאָפּעראַ־טיוון און עס לאָזט זיי נישט די ניי אַרויפגעלייגטע שטייערן.

— וועגן די נייע שטייערן ר׳ זלמן, וואָלט מען נאָך צו פּוילן קיין טענות נישט געקענט האָבן, אויב נאָר זיי זענען פאַר אַלע און נישט בלויז פאַר יידן. נאָר וועגן די קאָאָפּעראַטיוון, איז שוין יאָ אַ טענה. ווייל זיי זענען אויפגעקומען, בלויז כדי אַרויסצורייסן דעם האַנדל פונעם יידן. און מיר האָבן שוין די צרה אויך דאָ.

— אוי, יידן דאַרפן האָבן אַ ישועה. האָט ביילטשע פון איר זייט געפונען אַ שעת הכושר זיך אַריינצומישן.

— און ווען האָבן יידן נישט געדאַרפט קיין ישועה? האָט בערעלע זיך שיעור נישט פאַרפּלאָנטערט אין זיינע רייד...

— השם יתברך וועט העלפן, און אַז מיר וועלן גיין אין זיינע וועגן, וועלן מיר זיך דערוואַרטן אויף דער גאולה. האָט זלמן פרומ־לעך פאַרענדיקט.

— מעג מען פרעגן, ר׳ זלמן, וואָס עס טוט אייער זון, איך מיין, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך? איז בערעלע אַריבער צו תכלית.

— מיין זון, שמעון, לערנט, און אין די פרייע צייט העלפט ער צו דעם טאַטן אין מסחר. אַז מען וועט דאַרפן, וועט ער זיך אינגאַנצן איבערגעבן צו דער פּרנסה. איך וועל זיך מוזן אַן עצה געבן אָן אים און ער וועט זיך באַהעפטן מיט זיין זיווג. ער דאַרף נאָר האָבן ביי וואָס צו טאָן.

— ער וועט מיט גאָטס הילף האָבן. איך וועל מיין חנה׳לען נישט באַעוולהן. זי וועט האָבן אַ דירה, קראָם און אַ ביסל געלד אויך. איך וועל אַלץ טאָן וואָס איך וועל קענען. מסתם האָט אייך מיין חיים אַלץ איבערגעגעבן. האָט ביילטשע אויף דעם געענטפערט.

יאָ, ער האָט מיר אַלץ איבערגעגעבן און מיר גייען אויף דעם

איין. און עס וועט פאַר אונדז זיין אַ כבוד זיך משדך צו זיין מיט דער משפחה ערליך.

חנה׳לע האָט זיך פון איר ווינקל צו אַלץ צוגעהערט. זי האָט אירע אויגן נישט אַראָפּגענומען פון שמעונען און האָט געוואָלט דער געשפּרעך זאָל זיך וואָס לענגער ציען, כדי וואָס מער אים צו באַטראַכטן.

אויך שמעון האָט פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ בליק אויף חנה׳־לען. ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, און ווי אָפּגעבריט זיך פון פייער — האָט ער גלייך דעם בליק פון איר צוגענומען. צוריק־גענומען און דאָך ווייטער אזוי געקוקט.

— נו, וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן, ר׳זלמן. אַלץ איז אויס־געגלייכט. און אַצינד: „נשאלת הנערה את פיה״. איך מיין, לאָמיר פרעגן די קינדער אַליין. און אַז זיי וועלן זיך געפעלן, וועלן מיר שרייבן תנאים. האָט בערעלע ווי אַ געניטער „מחותן״ זיך אַריינ־געמישט.

— יאָ ר׳ זלמן, מיין זון איז גערעכט. און דערווייל וועט איר עפּעס איבערכאַפּן. איר האָט דאָך נאָך גאָרנישט געגעסן. איר קומט דאָך פון באַן. איז „וסעדו לבכם״ — האָט איר בערעלע אַרויס־געהאָלפן.

מען איז איבערגעגאַנגען אין עס־צימער און מען האָט זיך געזעצט עסן. דער שמועס איז געוואָרן פאַרגעזעצט. זיי האָבן שוין ביידע זיך געהאַט גענוג אָנגעקוקט, און עס איז געווען נאָך זייער הסכם. און זיי האָבן ביידע געהאַט זייערע חשבונות וואָס איז זיך ערגעץ וואו צונויפגעקומען.

אמת, זי גייט אַ ביסל צוריק. ער איז אַ פרומער, ווי זיין און איר טאַטע איז געווען. איז אפשר גלייכער אַזוי. זי וועט מיט אים זיין זיכערער. דערפאַר אָבער, וואָס פאַר אַ שפּרונג זי מאַכט עס פון אים ביזן יענקאַטש. יענער האָט דאָך אַ חוץ זיין פראַנטישקייט גאָרנישט. איז נישט געבילדעט און געהערט נישט צו איר קרייז.

דער אָבער איז אַ בעלעבאַטיש־חסידישער בחור, אַ גאַנצער, נישט קיין קריפּל און ווי מען זאָגט, אויך אַ שטאַרקער. — איז נישט קיין גראָבער יונג, קען לערנען, און קען אויך געפעלן ווערן. און אַז מען לעבט צוזאַמען, געוווינט מען זיך צו.

„איז וואָס קען זי נאָך וועלן? אָ, ווען דער טאַטע וואָלט געלעבט,

וואָלט ער אים זיכער געפּעלן געוואָרן. און זי אַליין, וואָס איז זי, אַ קראַסאַוויצע? זי איז ווייט דערפון. און דריי מאָל איז געגנוג״...

אויך שמעון האָט זיך געקענט. אין שטוב האָלט מען אים פאַר אַ בטלן, אַ טויגעניכטס. אַ חוץ אַ ביסל לערנען, טויג ער דאָך אייגנטליך צו גאָרנישט. האָט נישט קיין געלד און נישט קיין מלאכה. און דאָ קומט ער אַריין אין אַ משפחה פונעם שענסטן יחוס. נעמט אַ ווייב, אַ פּראַצאָוויטע, אַ סוחרטע, מיט אַ דירה, קראָם און מזומנים.

אמת, זי איז אַ נידעריקע, אַ פולע. נו, מיט אַלע מעלות קען דאָך נישט זיין. און „שקר החן והבל היופי״ זאָגט דער חכם. פון דעסטוועגן איז זי אַזוי טונקל און האָט אַזעלכע שוואַרצע אויגן ווי ער. און וואָס איז ער אַנדערש ווי זיין טאַטע? זיין טאַטע האָט אויך אַזוי חתונה געהאַט.

נאָכן עסן איז אַלץ געוועןן אויסגעגלייכט. און ס׳איז מער נישט געווען איבער וואָס צו אונטערהאַנדלען. סיידן נאָר, צו וואַרטן אויפן אָוונט און שרייבן תנאים.

ביילטשע האָט צו די תנאים פאַרבעטן אַ קליינע צאָל מענטשן. מער נישט ווי אַ מנין. זי האָט נאָך אַלץ וועגן חנה׳לען מורא געהאַט. מורא געהאַט אויפצורייסן די אויגן.

נאָר פאַר זיך, האָט זי פונדעסטוועגן געטראַכט: „אָט דאָס הייסט באַשערט. ווי גיך דאָס אַלץ איז געוואָרן. ווי לאַנג איז עס דען, אַז זי האָט מיט חיימען גערעדט? און באַלד באַקומט זי פון אים אַ בריוו און נאָך מיט אַ צוגאָב וועגן די צען טויזנט... און גלייך נאָך דעם, קומט איר דער מחותן מיטן חתן אַנטקעגן, ממש ווי רבקה ביי אליעזרן. — און אַלץ ווערט אויפן בעסטן אויפן אַ דורכגעפירט.

און מעג בערעלע פון איר לאַכן. איז עס נישט אַנדערש, ווי נאָר שלמה, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן, האָט זיך פאַר איר געמיט. און זי האָט אים אין קבר נישט פאַרשעמט. ס׳איז אַ שידוך, וואָס ער אַליין וואָלט צו דעם מסכים געווען. און ס׳איז גוט געשען, וואָס יענער, דער שטעקל־מאַכער, האָט צום סוף געדרייט מיט דער נאָז.

און מען קען קיינמאָל נישט וויסן דעם סוף פון אַ זאַך. אָט דאַכט זיך דיר אַז דער הימל ליגט דיר שוין אויפן קאָפּ — און צום סוף דרייט זיך אַלץ אויס צום גוטן. אָ, מען וועט דאַרפן צו דער חתונה, נישט אויסגערעדט זאָל זיין, גיין אויפן הייליקן אָרט, שלמה׳ן אָנזאָגן די בשורה און מאַכן אַ „מלא״...

אויך דער רבי האָט געהאָלפן. ס׳איז געגוג זיינס אַ וואָרט. און דער מחותן איז דאָך אויך זיינער אַ חסיד. און ס׳קען מעגלעך זיין, אַז זלמן האָט זיך טאַקע מיט אים מיישב געווען און ער האָט אים דאָס געהייסן טאָן.

די תנאים זענען אַדורך אויפן בעסטן אופן. קיין סך מענטשן האָט זי טאַקע נישט גערופן. דערפאַר אָבער זענען געווען די פני פון שטאָט מיטן רב בראש. און ער טאַקע, דער רב, האָט אַליין געשריבן די תנאים. און מען האָט די חתונה באַשטימט אויפן קורצסטן טערמין.

## קאַפּיטל איין און דרייסיק

חנה׳לעס חתונה איז פאָרגעקומען אין וואַרשע. חיים ערליך האָט געאַרבעט מעשים אַז אַלץ זאָל אַדורכגיין אויפן בעסטן אופן. ער האָט דאָס געטאָן נישט בלויז ווי אַ קרוב, נאָר אויך ווי אַ מצווה חתונה צו מאַכן אַ יתומה.

און ער האָט דאָך פון שלמה׳ן געהאַט אַזוי פיל טובות. שלמה האָט אים נישט איינמאָל אַרויסגעהאָלפן און אים געשטעלט אויף די פיס. האָט ער געדונגען דעם שענסטן זאַל, באַשטעלט די בעסטע קאַפּעליע און דעם אָנגעזעענסטן רב פאַר אַ מסדר קידושין.

און ווי ביילטשע האָט זיך ביי די תנאים געהיט פון אויפרייסן מענטשנס אויגן, — אַזוי האָט זי זיך דאָ אין וואַרשע צעלאָזט — ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן. ווי איינער וואָס איז פאַרשפאַרט אין דער פינצטער רייסט זיך צו ליכט, אַזוי האָט זי זיך אַצינד געריסן צו פרייד.

זיך אָפּצונעמען פאַר דער צייט אין וועלכער זי האָט יעדן טראָפּן פרייד אין זיך געמוזט אונטערדריקן. און אַצינד ביי חנה׳לעס חתונה און אין וואַרשע, האָט זי שוין אַ חוץ פאַר דעם וואָס זיצט אויבן, — פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט.

האָט זי געוואָלט וואָס מער מענטשן זאָלן זיין אויף דער חתונה. האָט איינגעלאַדן וואו עפּעס אַ קרוב, אַ באַקאַנטן. האָט זיך דערמאָנט אין אַזעלכע, וואָס זענען איר שוין לאַנג אַרויס פון קאָפּ. האָט אויך

נישט פֿאַרגעסן אָנצוזאָגן שלמה׳ן, ר׳ יעקבֿ׳ן און אויך די געשטאַר־בענע פֿון איר צד.

נאָר דאָס האָט זי געטאָן נאָך אַ צייט פֿאַרן אַרויספֿאָרן. כּדי זיך און חנה׳לען וועמען זי האָט מיטגענומען אויפֿן פֿעלד, נישט צו צעטומלען אין דער סאַמע ערבֿ שׂמחה. „זאָל דער טויט זיין אָפּ־געשיידט פֿונעם לעבן".

זי איז געווען דאַנקבאַר חיימען פֿאַרן איינאָרדענען די חתונה אין וואַרשע, אי צוליבֿ בתיה׳ן וועמען עס וואָלט שווער געווען צו קומען אין אַן אַנדער שטאָט און אי צוליבֿ שלמה׳ס און אירע אייגענע קרובֿים. אויך פֿאַרן מחותן איז וואַרשע געווען נאָענטער.

ביילטשע האָט זיך אויפֿן חתונה־אָוונט שוין נישט געקענט דערוואַרטן. און ווי פֿאַרטאָן זי איז נישט געווען, האָט איר יעדע שעה אויסגעוויזן ווי אַן אייביקייט. אירע נערוון זענען געווען געשפּאַנט און אָנגעצויגן, ווי אָנגעצויגענע סטרונעס פֿון אַ פֿידל.

דערפֿאַר טאַקע ווען ס׳איז געקומען צום טאַנצן, האָט זי מער און שטאַרקער ווי אַלע געטאַנצט. האָט געטאַנצט מיט אַזאַ עקסטאַז, מיט אַזאַ פֿייער און ברען, אַז חנה׳לע וואָס איז געווען ווי צוגעשמידט צו איר כּלה־שטול, האָט פֿאַר דער שוואַכער מאַמען מורא באַקומען.

חנה׳לע האָט זיך אָפּטמאָל אונטערגעהויבן פֿון איר שטול און מיט אירע אויגן ווי געבעטן דער מאַמען אויפֿצוהערן טאַנצן. זי האָט אָבער נישט אויפֿגעהערט. האָט מיט די ווייבער אויס־געטאַנצט אַלע אירע באַקאַנטע טענץ.

אירע פֿאַרטנערינס זיינען מיד געוואָרן און האָבן איר נישט געקענט מיטהאַלטן אין טריט. איז זי צום סוף אַליין אַרויס אין אַ ברוגז־טאַנץ. האָט זיך געדרייט אַרום זיך מיט ברוגז. פֿון זיך אַליין אַוועק געדרייטע אויגן. ברוגז מיט דער גאַנצער וועלט. —

די ווייבער האָבן איר געפּרוּווט שטערן. האָבן זייערע בליקן אין איר אָנגעהאַנגען, כּדי אַזוי אַרום קאַליע צו מאַכן איר פֿאַר־ברוגזטן בליק און די מימיק פֿון איר פּנים. עס האָט זיי אָבער נישט געהאָלפֿן. מיט אַרטיסטישער געניטקייט האָט זי איר טאַנץ ריטם נישט פֿאַרלוירן, פֿון זיי דעם בליק אַוועקגענומען און ווי פֿריער איר פֿאַר ברוגזטן פּנים נישט געענדערט.

חנה׳לע איז געווען אָנגעשטרענגט און פֿול מיט מחשבֿות. דאָס זיצן אויף איין אָרט, איז איר דער ענערגישער חנה׳לע, געווען

דערוווידער. ס'איז איר געווען ווי אַן אַפּקומעניש. און זי האָט אויך צוליב דער מאַמען, וואָס גיכער דאָס אַלץ געוואָלט איבערקומען. האָט געוואָלט, ס'זאָל שוין זיין נאָך דער חופּה.

בערעלע האָט זיך געפילט גוט.. אים האָט די חתונה נישט אָנ־געשטרענגט. ער איז געווען דער צענטער פון די מאַנסבילן און דער ראש המדברים. די איינציקע אומבאַקוועמלעכקייט איז פאַר אים נאָר געווען, וואָס צוליבן רב, האָט ער נישט געקענט פריי פונאַנדערוויקלען זיינע געדאַנקען.

ער איז במקום מחותן, געזעסן אַנטקעגן חתן און ר' זלמנען, ביי דער זייט פונעם רב. און ער האָט געוואָרפן מיט פסוקים און תורה'ס, נישט ווי אַ קאַליע געוואָרענער, נאָר ווי ער וואָלט נאָך געווען דער שטיבל־בחור און מאַמין.

חיים האָט זיך געהאַלטן ווי דער הויפּט־מחותן. איז געווען אַלעמענס באַדינער און בעל הבית, ווי עס וואָלט געווען נישט ביילטשעס שמחה, נאָר זיין אייגענע. און כאָטש שוין מיט פאַר־גאָסענע אויגן — האָט ער אַלץ געהאַט אויפן קאָפּ.

נאָכן וויפלטן לחיים, — האָט ער זיך געווענדעט צום רב:

— לחיים רבי, זאָל נאָר זיין שמחות, וואָס מער שמחות ביי יידן.

— הלוואי, הלוואי; אויף אַ יידישער חתונה פריידט זיך אויך די שכינה, האָט הרב שיינבערג צוגעגעבן.

— אַוודאי, אַוודאי; איז גוט וואָס מער שמחות ביי יידן. נאָר זאָלן אונדז די שמחות נישט צעמישן. — מיר טאָרן אויף קיין איין רגע נישט מסיח דעת זיין פון אונדזערע אויפגאַבן. האָט בערעלע געזען אַ שעת־הכושר זיך אַריינצומישן.

— אַז יידן וועלן היטן די תורה, „אם בחוקותי תלכו”, זאָגט גאָט, וועט זיי קיינער נישט צעמישן. האָט דער רב געזאָגט.

— און צו דעם רבי, דאַרף מען ערשט רעכט עוסק במעשים זיין. ווי די תורה איז לא בשמים, נאָר איז געגעבן געוואָרן צו מענטשן אויף דער ערד, אַזוי דאַרפן מיר פאַרזיכערן אונדזער לעבן אויף דער ערד.

— וואָס מיינסטו דערמיט בערעלע? האָט חיים געפרעגט.

— איך מיין, מיר זאָלן נישט פאַרזאַמען דעם מאָמענט און טאָן אַלץ פאַר אַן אייגן לאַנד. און צו טאָן איז פאַראַן אַזוי פיל.

— אַן דעם איבערשטנס ווילן, זון מיינער, וועט גאַרנישט אַרויס־קומען. אַז די צייט וועט קומען, וועט ער אונדז שיקן דעם גואל צדק וואָס וועט אונדז פון אַלע אונדזערע צרות באַפרייען. האָט דער רב אַראָפּלאָזנדיק די אויגן צו זיין באָרד, אין איר אַריינגערעדט.

בערעלע האָט געקליבן זיינע ווערטער. אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער אויף אַזעלכע רייד געענטפערט שאַרף. נאָר אַצינד האָט ער מורא געהאַט. האָט נישט געוואָלט צעשטערן די שמחה. און ער האָט מיט ווייכקייט און געלאַסן געזאָגט:

— אַ ייד וואַרט טאַקע אויף משיחן, כאָטש דער תנא זאָגט: „יבוא ולא אחמיני״ (זאָל ער קומען און איך זאָל אים נישט זען)... פונדעסטוועגן וועט קיין ייד צוליב דעם נישט פאַרנאַכלעסיקן זיינע געשעפטן נאָר וועט טאָן אַלץ בדרך הטבע זיך צו פאַרזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן. איז פאַרוואָס זאָל ער דאָס זעלבע אויך נישט טאָן פאַרן פאָלק?

— מיין בערעלע איז גערעכט, רבי. מיר דאַרפן ווי פאַרן יחיד, אויך זאָרגן פאַרן כלל. האָט חיים נישט כאַפנדיק בערעלעס מיין, אים צוגעהאָלפן.

— ניין, ר׳ חיים, האָט זיך שוין דער מחותן ר׳ זלמן נישט געקענט איינהאַלטן. נישט דאָס מיינט ער. אַוודאי דאַרפן מיר זאָרגן פאַרן כלל. אויף דעם איז „לית מאן דפליג״. און מיר טוען דאָס טאַקע. ער מיינט אָבער די ציוניסטן, וואָס האָבן פון זיך אַראָפּ־געוואָרפן דעם „עול מלכות שמים״ (יידישקייט) — און ווילן אויף אייגענער האַנט בויען אַ לאַנד.

שמעון האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה. — ער האָט געוואָלט פאַרגלעטן און אויסגלייכן צווישן טאַטן און בערעלען. זאָל ער זיך אַריינמישן? ער זיצט אַ גאַנצע צייט ווי אַ שטומער. מען קען טאַקע מיינען, אַז ער ווייסט גאָרנישט. איז אַ „בור מדאוריתא״ (עם הארץ). עס וועט אָבער נישט טויגן. ער איז אַ חתן און דאַרף אין קיין פּלוגתות נישט אַריינגיין.

דער שמועס וואָלט זיך ווייטער געצויגן, נאָר חיים, דערזעענ־דיק די סכנה, — האָט זיך גלייך אַרויסגעשאַרט פונעם מענער־זאַל און איז אַוועק צו ביילטשען זען צוצואיילן די חופּה.

די פרויען האָבן אויפגעהערט טאַנצן. די לייכטע, צעשפּילטע פרייד האָט זיך געענדיקט. און זיי זענען געוואָרן ערנסטער. זיי

זענען שוין לאַנג געווען מיד און הונגעריק, און האָבן אויסגעקוקט די חופה.

נאָר צום מייַנסטן איז די כלה דערפון געווען צופרידן. זי האָט מורא געהאַט פאַר דער מאַמעס צו גרויסער פרייד — אָנשטרענגונג. און גלייך זענען אַלע אַוועק צו דער חופה.

שמעון האָט ביי דער סעודה געוויזן וואָס ער קען. ער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ פּלפּול פון וועלכן ער איז קוים אַרויס. די לומדים זענען געווען צופרידן און זיין מערכה האָט זיך געהויבן. ערשט אין די גראָע מאָרגן־שעהן, האָט זיך די חתונה געענדיקט.

***

ביילטשען איז דער שלאָף אָנגעקומען שווער. האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פונעם נעכטיקן גערויש און טומל. אינעווייניק אין איר, איז נאָך אַלץ די חתונה אָנגעגאַנגען. און וויפל זי האָט די פריידיקע זעאונגען פון זיך געוואָלט פאַרטרייבן, איז עס איר נישט געלונגען. ענדליך האָט זיך אַלץ אין איר געגומען לעשן — און זי איז אין שלאָף פאַרזונקען.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין די שפּעטע נאָכמיטאָג שעהן. בתיה האָט איר נישט געוואָלט וועקן. און ווען זי האָט געעפנט אירע אויגן און דער געדאַנק איז איר צוריק קלאָר געוואָרן, האָט זי ביי זיך אויפן בעט דערזען אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט. האָט אים מיט אומ־געדולד געעפנט און אין אים געפונען אַן אָנווייזונג אויף די צען טויזנט זלאָטעס.

„ער האָט אין איר נישט פאַרגעסן, נישט פאַרגעסן אין איר, דער פעטער. אויך די קראָם איר באַזאָרגט. מען וועט דאַרפן זען, מ׳זאָל פאַר אים לערנען משניות. און אַז מען וועט דערלעבן, וועט זי צו יאָרצייט אויך שטעלן ליכט". האָט זי מיט דאַנקבאַרקייט צו זיך גערעדט.

פול מיט האָפענונג און דערוואַרטונגען, איז זי מיטן נייעם פאָרל אַהיים געפאָרן. די זון האָט ביי איר צוריק אָנגעהויבן שיינען. זי גייט צו איר ציל. אַלץ גייט כשורה און אויך פאַר איטקען זעט זי שוין נישט קיין מניעה. ס׳איז נאָר אַ ווייטיק, וואָס שלמה, אפּ־געשיידט זאָל ער פון איר זיין, האָט צו דעם נישט דערלעבט.

חנה'לע איז לאַנג מיט דער מאַמען אין קראַם נישט געווען. ס'איז פאַרביידע משפחות געוואָרן צו ענג. — און די טרייע חנה'לע האָט איינגעזען, אַז זי דאַרף איצט דאָס אָרט אָפּטרעטן פאַר דער מרושינקע, איטקע.

זי איז אַוועק אויפן מאַרק און האָט זיך גענומען צו איר שווערט מסחר. האָט זיך אויפגעשטעלט אַ גרויסן שפּייכלער און אָנגעהויבן ביי די פּויערים אויפקויפן די תבואה.

די נייע־אויפגעקומענע פּוילישע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיוון האָבן איר אָנגעהויבן פאַרפּאַלגן. האָבן אויף איר אויסגעטראַכט, ווי אויף די איבעריקע יידן, אַלערליי בלבולים. זיי האָבן אָבער דער געניטער חנה'לען פון איר מעמד נישט געקענט אַרויסשלאָגן.

ביילטשע האָט צוריק גענומען וועבן אַ נעץ אַרום בערעלען. אויב פריער איז חנה'לע ווי די עלטערע פאַר אים געווען אַ שטער, איז שוין אַצינד איינגאַנצן דער וועג פריי. ער איז שוין אין די יאָרן, ראוי לחופּה און זי קען צוליב אים זיך נישט נעמען צו איטקען. אַצינד וואָלט שוין אוודאי נישט געפּאַסט.

נאָר בערעלע, האָט אַצינד נאָך מער פאַר דעם קיין צייט נישט געהאַט. ער איז געוואָקסן אין זיין טעטיקייט און זיין נאָמען איז געשטיגן. איז געוויילט געוואָרן אין די צענטראַלע אינסטאַנצן פון זיין אָרגאַניזאַציע און האָט יעדעס מאָל איבערגענומען אַ נייע אַרבעט. איז געוואָרן דער באַנייער פון דער קהילה אין זיין שטאָט און דער פירער פון די איבעריקע יידישע טעטיקייטן.

האָט די אַרבעט אים איינגאַנצן פאַרשלונגען און ער האָט קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן זיך. ביילטשע איז דערפון נישט געווען צופרידן. „וואָלט דאָס כאָטש געווען נאָך זיין חתונה און אויך דאָ, ווען ער קען זיך אויף דעם דערלויבן. אָבער נישט זיך אַליין מקריב צו זיין פאַר אַ קרבן. און ווען ער וועט זיך אַרומקוקן, וועט שוין זיין צו שפּעט".

ער האָט אַזוי לאַנג געאַרבעט, ביז אין איינעם אַ ווינטערדיקן אָוונט ווען ער האָט זיך פאַרנומען צו גיין אין זיין לאָקאַל, איז ער אַזוי פאַרטראַכטערהייט מיטן פוס אַריין אין אַ פאַרפרוירענע קאַלו־זשע. זיין פעסטער טריט האָט אַדורכגעבראָכן דאָס דינע אייז־הייטל און ער איז איבערן קני אַריין אין וואַסער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אויסגעגלייכט זיך און ווייטער

געגאַנגען זיין וועג. דער לאָקאַל איז געווען געפּאַקט פון מענטשן. ס'איז אין אים געווען היים און דושנע. בערעלע האָט זיך דורך זיין אַרויסטריט נאָך מער צעוואַרעמט און צעשוויצט.

אַ צעהיצטער, מיט אַ נאַסן פּוס, איז ער אַזוי אין דער קאַלטער ווינטער־נאַכט אַהיימגעגאַנגען. ערשט ווען ער האָט אַ מידער, זיך געוואָרפן אויפן בעט, האָט ער אין דער רעכטער זייט דערפילט אַ שטאָך.

לכתחילה האָט עס אים אויסגעזען ווי אַ דורכגייענדיקער ווייטיק, וואָס עס טרעפט ביי אים אָפט און ער לייגט אויף דעם נישט קיין אַכט. נאָר באַלד האָט זיך דער ווייטיק פאַרשטאַרקט. ער איז אַריין טיפער אין אים.

ער האָט זיך איינגענאָרעט און ווי פאַר אַ לייכטער פאַרקילונג, האָט ער זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ און געהאָפט אַז דער ווייטיק וועט איבער דער נאַכט פאַרשווינדן.

דער ווייטיק איז אָבער נישט אַוועק, נאָר האָט זיך פעסטער אין אים איינגעסטיקט און ווען ער האָט זיך אויף צו מאָרגנס אויפ־געכאַפּט פון שלאָף, איז אים שוין דער קערפער שווער געווען ווי אַ קלאָץ. און ווי ער וואָלט געווען געליימט, האָט ער זיך שוין נישט געקענט רירן פונעם אָרט.

בערעלע האָט דערזען אַז די זאַך איז ערנסט, און אַ פאַרדראָס איז אין אים אויפגעקומען: „אַצינד, דווקא אַצינד, אין מיטן דער אָרבעט", האָבן שוין זיינע צעהיצטע ליפּן געמורמלט. ער האָט אַריין־גערופן דער מאַמען און איר פאָרגעשטעלט די לאַגע. —

אויך ביי ביילטשען איז דער ערשטער געדאַנק געווען: „פּונקט אַצינד, פאַר אַ זעאונג?" נאָר באַלד האָט זי אים אונטערדריקט. איז אַפילו אויף זיך אַליין געוואָרן אין כעס. וועגן וואָס טראַכט זי דאָס איצט? איז זי משוגע, צי וואָס? דער בחור איז קראַנק און זי טראַכט גאָר פון שידוכים „אוי וויי", האָט זיך שוין ביילטשעס פאַנטאַזיע צעשפּילט: זי איז דאָך שוין אַ געפּרוּווטע...

זי איז שוין ווי אַן אונטערגעשאָסענע און פול מיט פחד, געלאָפן צום דאָקטאָר. עס האָט איר ווער אויפן באַגריסט און איר אָפּגעגעבן מזל טוב. זי האָט אָבער נישט געהערט און געזען. אַנ־שטאָט דעם האָט זי צו זיך אַליין געמורמלט: „דער שטן... דער שטן

איז שוין ווידער דאָ... אוי, רבונו של עולם, נעם אים פון מיר אַוועק, דעם בייזן שטן״.

זי איז אַריינגעפאַלן אַן איין אָטעם צום דאָקטאָר. האָט זיך מיט אים אַרויפגעזעצט אויף אַ דראָזשקע און אים גלייך געבראַכט צום קראַנקן. דער דאָקטאָר, אַ מיטל יאָריקער און שווער־לייביקער, מיט אַ גוידער און שמאַלציקן קאַרק, האָט אים אויסגעהערט, אויסגעהערט דאָס האַרץ, די לונגען און האָט אויסגעקלאַפּט יעדעס ביינדל אין אים.

ביילטשע איז דערווייל נעבן אים געשטאַנען אין איין שרעק. אַ צאָן אין אַ צאָן האָט אין איר געקלאַפּט און אַלץ אין איר האָט זיך געוואָרפן. און ווי אַ פאַרברעכער וואַרט אויף זיין אורטייל, אַזוי איז זי געשטאַנען און געוואַרט אויפן דאָקטאָרס דיאַגנאָז.

ענדליך האָט דער דאָקטאָר אָפּסאַפּנדיק פון זיין אייגענער שווערקייט, אַרויסגעגעבן זיין פסק: „אַ לונגען־אָנצינדונג אויף דער רעכטער זייט״. ער האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט און הייסנדיק אים מאַכן הייסע קאָמפּרעסן, האָט ער דערקלערט, אַז אין אייניקע טעג וועט די אָנצינדונג אַריבער.

ביילטשע, ווי זי וואָלט געוועזן צעמישט, האָט שוין נישט געוואוסט וואָס מיט איר טוט זיך. אַלץ איז איר געפאַלן פון דער האַנט. האָט געבראָכן און האָט געקנאַקט די פינגער פון אירע הענט און האָט זיך באַגאָסן מיט אַ שווייס. „אַ נייע חתונה אויף מיין קאָפּ״, האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן.

בערעלע דערזעענדיק איר צעשראָקנקייט, האָט איר געפּרוווט באַרויקן: „מאַלע וואָס מען ווערט קראַנק, האָסט דאָך געהערט וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ס׳איז אַ פראַגע פון אַ פּאָר טעג. איז וואָס זשע שטייסטו אַזוי? באַזאָרג בעסער דעם רעצעפּט״.

„יאָ, טאַקע, וואָס שטייט זי אַזוי ווי אַ נעבטיקע? זי וועט אים דאָך נאָך ערגער מאַכן מיט איר שרעק. זאָל זי בעסער גיין נאָכן רעצעפּט און אים מאַכן דעם קאָמפּרעס״. האָט זי זיך ווי פון שלאָף, פון איר צעמישונג אויפגעכאַפּט. און תיכף ומיד איז זי געלאָפן אין אַפּטייק.

זי האָט דעם מעדיצין געבראַכט און געטאָן אַלץ וואָס דער דאָקטאָר האָט געהייסן. און ווען זי האָט אויף צומאָרגנס ווידער דעם דאָקטאָר גערופן, האָט ער נאָך אַן אונטערזוכונג דערקלערט,

אַז די אָנצינדונג פֿאַרשווינדט און מען זאָל דעם קראַנקן עפּעס געבן צו עסן.

דעם חולה איז נאָך דעם דאָקטאָרס אוועקגיין געוואָרן ערגער. ער האָט אָנגעהויבן צו פּילן ווייטיקן אויך אין דער לינקער זייט און די היץ האָט זיך ביי אים פֿאַרשטאַרקט.

ביילטשע האָט גערופֿן אַ צווייטן דאָקטאָר. דער נייער, דאָקטאָר קרעמפּאָוויטש, איז געוועזן דער קאָנטראַסט פֿונעם ערשטן. אַ שטשופּ־לער, מיט אַ דינעם געזיכט און ברוינע אויגן, איז ער אויך געווען מער פּינקטלעך און געזעצטער.

ער האָט לאַנג דעם חולה אונטערזוכט און צוויסן געגעבן, אַז די אָנטצינדונג אַנטוויקלט זיך אויף ביידע זייטן. אַז מען דאַרף זיך ריכטן אויף אַ פֿאַרצויגענער קראַנקהייט און ערנסטע טעג, ביז עס וועט געלינגען צו ברעכן דעם קריזיס וואָס וועט קומען. ער איז מער נישט ווי אַ מענטש און דאָס איבעריקע ליגט ביי גאָט אין די הענט. האָט ער אָנגעוואונקן אויף דער לאַגע...

ביי ביילטשען האָט זיך גלייך דאָס פּנים געביטן. איז בלאַס געוואָרן און באַלד איז די בלאַסקייט אַריבער אין אַ גראָ־אַשיקן קאָליר. אירע הענט און פֿיס האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן און ס'איז איר שווער געוועזן אַרויסצוברענגען אַ וואָרט.

קרעמפּאָוויטש, דערזעענדיק דאָס, האָט זיך גלייך צוריקגעכאַפּט.

„ס'איז נישט אַזוי שלעכט, פּאַני ערליכאָוואַ", ס'איז אַזוי דער שטייגער פֿון יעדער לונגן־אַנטצינדונג. עס מוז זיך אויסשטיין.

## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

די קראַנקהייט האָט פּראָגרעסירט ווי קרעמפּאָוויטש האָט פֿאַר־אויסגעזאָגט. עס זענען אַוועק טעג ווי די היץ האָט אָנגעהאַלטן. אויפֿן דאָקטאָרס פֿאַראָרדענונג, האָט מען אים ווי דאַן שלמה'ן איבערגעטראָגן אין דער גרויסער סאַליע. „ער דאַרף האָבן לופֿט", האָט קרעמפּאָוויטש דערקלערט.

ער איז געלעגן דער דינאַמישער בערעלע אַ צוגעשמידטער צום בעט און האָט מיט קיין אבר נישט געקענט אַ ריר טאָן. עס האָט אים געדישעט און געשטיקט, האָט געוואָלט הוסטן, נאָר ביי יעדן

מינדסטן פרווו אַ הוסט צו טאָן, האָט ער געפילט ווי עפּעס אין אים זאָל זיך וועלן אָפּרייסן און אים אינגאַנצן צעזעצן.

האָט ער זיך געוואָלט באַהערשן, זיך אָפּהאַלטן פון הוסטן, ער האָט אָבער נישט געקענט, בשום אופן נישט. די באַדערפעניש צו הוסטן איז געווען שטאַרקער ווי זיין ווילן. האָט ער זיך צווישן אָט די ביידע כּוחות ביטער געראַנגלט.

ביילטשע מיט די שוועסטער זענען יעדעס מאָל צו אים אַריין. זיי זענען אַריין אַזוי פּאַרטאַיִעט און בלויז פון אַ זייט אויף אים אַ קוק צו טאָן. האָבן מורא געהאַט מיט זייערע אייגענע צערפּולע בליקן אים נישט צו שרעקן.

ער איז אָבער אַליין נישט געווען. גאַנצע טעג און נעכט, האָבן די חברים אַרום אים געפּאַדעט. זיי האָבן ביי אים געוואַכט און געזאָרגט פאַר אַלע זיינע באַדערפענישן. די דאָזיקע פון זייער זייט איבערגעגעבנקייט, האָט אים גערירט און געשטאַרקט אין זיינע שווערע טעג.

כאָטש דער גוף איז געווען ווי געליימט, איז אָבער זיין ווילן צו לעבן, ווי קיינמאָל נישט געווען אַזוי שטאַרק. אויך דער פאַר־שטאַנד אין אים איז געווען קלאָר. קלאָר ווי קרישטאָל. ער האָט באַנומען זיין גאַנצע לאַגע — נאָר זיך נישט אונטערגעגעבן...

זיינע באַגנטע האָבן געציילט די טעג, געוואַרט אויף אַן איבער־ברוך פונעם קריזיס. ער איז אָבער אַזוי גיך נישט געקומען. דער דאָקטאָר איז יעדעס מאָל געקומען און האָט געטאָן אַפילו מער ווי זיין פליכט. זיך אָנגעשטרענגט ווי פאַר אַן אייגענעם.

ביילטשע האָט שוין נישט געהאַט קיין כּוח פון קלאָגן און וויינען. זי האָט צוזאַמען מיט זיינע שוועסטער די טרערן פון אים אויסבאַהאַלטן. אַנטלאָפן מיט זיי און קיך. „אַזוי פלוצלונג... אַזוי פּלוצלונג... ער איז דאָך באָך אַזוי יונג... אַזוי יונג... האָט זי געהע־שעט און מורא געהאַט צו דעררייידן.

דער קראַנקער האָט זיך שוין אינגאַנצן געשטיקט, נישט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען. נאָר קרעמפּאָוויטש האָט אָנגענומען אויסער־געוויינלעכע מיטלען. מען האָט אויף דער גיך געבראַכט אַ גומענעם לאָגל מיט זויער־שטאָף, פון וועלכן בערעלע האָט ווי אַ קינד געזויגן.

ווידער איז ביילטשע געגאַנגען איינרייסן. איז אַריינגעפאַלן אין שטיבל מיט אירע ווייבער, פונקט דאַן, ווען שמעון איז געשטאַ־

נען פאַרן עמוד און האָט מיט אַ וויינענדיק קול, צוזאַמען מיט די איבעריקע, פאַר בערעלען געזאָגט תהלים.

איז דערנאָך אַרויף צום רב, צו ר׳ מענדעלען, צום זעלבן, וואָס האָט אויף די ציוניסטן אויסגערופן דעם חרם. ר׳ מענדעלע האָט נישט באַמערקט איר אַריין קומען. ער איז געווען פאַרטיפט אין אַ האַרבן רמב״ם. נאָר פון איר געיאָמער, האָט ער זיך ווי אויפ־געכאַפּט פון שלאָף.

האָט אויפגעהויבן זיינע גראָע ברעמען: „אַ חולה, אַ חולה?״ „אוי ווײ איז מיר, אַ חולה מסוכן, רבי. „נאָך אַזוי יונג״, קיין זיבן און צוואַנציק יאָר נישט אַלט. „איז ער נישט פון יענע?״... האָט ער מיט אַ מאָל אַ פרעג געטאָן.

ביי ביילטשען האָט זיך שיעור דאָס האַרץ נישט אָפּגעשטעלט און ווי ס׳לשון וואָלט ביי איר געוואָרן אָפּגענומען. אוי ווײ איז איר, וואָס טוט מען, וואָס זאָגט מען אים... זאָל זי אים אָפּנאַרן, זאָגן אַ ליגן? אין אַזאַ שעת סכנה — קען זי נאָך ערגער מאַכן״. און ס׳איז איר איינגעפאַלן: זי וועט אויף דעם אויסמיידן צו ענט־פערן. זי וועט אים נאָר זאָגן ווער ער איז.

„ס׳איז מיין זון רבי, איך בין שלמה׳ס אַלמנה און ר׳ יעקב׳ס ע״ה שנור״.

„ר׳ יעקב׳ס?״, האָט אין אים עפּעס אויפגעבליצט. און ער איז באַלד געוואָרן ווייכער. „נו, ביזטו דאָך שוין גענוג אָפּגעקומען גיי צוריק צום קראַנקן. דער רופא חולים — וועט שיקן אַ רפואה שלימה. און זע אים נאָכן געזונט ווערן גלייך חתונה צו מאַכן.

ווי אַ שטיין וואָלט פון איר אַראָפּ. אַרויסגעדרייט זיך פון דער לאַגע און אויך אַ ברכה באַקומען. און איז ווי אַן אונטערגעשאָסענע צוריק געלאָפן צום קראַנקן.

*

ס׳איז געווען דער זיבעצעטער טאָג פון בערעלעס קראַנקהייט. דער קריזיס האָט נישט געבראָכן. בערעלע איז געווען ווי פאַר־טראָגן און מיט די אויגן געקוקט פון זיך. ער איז אָבער געווען ביים פולן זינען. ער האָט זיך אפילו אַליין געפרווט אַנאַליזירן און האָט זיך איבערצייגט, אַז די קלאָרקייט פון געדאַנק האָט אים נישט פאַרלאָזט.

ער איז אַצינד געווען אינגאַנצן פאַרטאָן מיט זיך. מיטן אייגע־נעם „איך". ער האָט געוואוסט זיין לאַגע. האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר עפּעס אַ וווּנדער קען אים ראַטעווען. כאָטש ער האָט אין קיין נסים נישט געגלויבט.

נאָר מוז דען אַ נס קומען פון איבער די וואָלקנס? אַלץ איז פאַרן מענטשן אַזוי נאַטירלעך ווי אומנאַטירלעך. ס'איז אָפּהענגיק פון וויסן און ווי מען קוקט אויף דעם. — און אַ נס קען אויך קומען פון אינעווייניק. פונעם אייגענעם ווילן און לעבנס־אָנשטרענג...

און ער איז נישט צעשראָקן. די לעצטע טעג האָבן אים שוין צוגעגרייט צום געדאַנק פון אַוועקגיין. פון אויפהערן זיין. — און וואָס איז דען דער נישט־זיין? נישט־זיין, איז בכלל נישט קיין ממש און נישט קיין יש. — ס'איז אַן „אַריבערגיין" אין יענעם אין", וואָס לייזט אַלץ אויף.

און מעג די אויפלייזונג פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַנדער עפּעס... איז עס אָבער שוין זיין עפּעס... נישט דער עפּעס פון זיין פילן און דענקען, פון זיינע ליידן און פיין. און אַלדאָס איבעריקע, זענען בלויזע ווערטער־שאָלעכצן. ווערטער אָן דעקונג...

אָבער ער וויל פאָרט לעבן. אַלע זיינע געוועבן גלוסטן צו לעבן, און ער פילט אין זיך אַ מאָדנעם צו להכעיס. אַ צו להכעיס די דאָק־טורים וואָס האָבן זיך שוין פון אים אָפּגעזאָגט, אַ צו להכעיס די, וואָס גרייטן זיך צו פאַרנעמען זיין אָרט און אַ צו להכעיס אַלע לעבנס־נאָרמען און כללים. — און זיי אַלע וועט ער אַרויסשטעלן אַ פייג. איין גרויסן פייג.

ער האָט פונדעסטוועגן נישט פאַרגעסן זיך צוגרייטן אויפן ערגסטן. האָט געוואָלט זיין פּינקטלעך און אָרגאַניזירט אויף פאַר יענעם מאָמענט. — האָט נישט געוואָלט איבערחזרן זיין טאַטנס פעלער. און אפשר האָט ער געטראַכט, איז זיין טאַטע גאָרנישט געווען שולדיק? עס האָט אים אַ כאַפּ געטאָן און אים שוין מבלבל געווען ביזן סוף?...

ער האָט צוגערופן זיין געטרייען חבר בנימין, אים אָנגעוויזן אויפן שופלאָד וואו עס ליגן דאָקומענטן און געזעלשאַפטלעך געלד און אים אויך איבערגעגעבן אַנדערע אָנווייזונגען.

באַזוכער זיינען געקומען און געגאַנגען. בערעלעס פּאָפּולאַ־ריטעט איז אין שטאָט געווען גרויס. אַלע האָבן זיך אינטערעסירט

מיט זיין קראַנקהייט. עס זענען געקומען חברים, שטיבל־יידן און סתם מענטשן, וואָס האָבן געהערט פון זיין שווערער קראַנקהייט.

אַ טייל האָבן ביי אים פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט. אַנדערע זענען בלויז געקומען אים שענקען זייער לעצטן בליק. און די זעלבע וועלכע האָבן אים געזונטערהייט קיינמאָל נישט געפרעגט וואָס ער מאַכט, האָבן אַצינד אויף אים אָנגעשטעלט זייערע רחמנות־פולע אויגן.

בערעלע האָט געטראַכט: גאָרנישט ווערט געטאָן פאַר דער זאַך אַליין. אַלץ מוז דעם מענטשן מיט עפּעס אַנעם טאָן... אים אַ פּיק טאָן. — און וואָס גרעסער דער פּיק, אַלץ שטאַרקער זיין רחמנות.

די בלום פאַרלאַנגט גאָרנישט פאַר איר שיינקייט און ריח. אויך דער עפּל און פלוימען בוים, גיט פריי אָפּ זיין זאַפטיקע פרוכט. נאָר דער בן אדם מוז פאַר אַלץ עפּעס באַקומען. אַפילו פאַר זיין לעצט געוואָרפענעם בליק.

אָבער ניין, ס'איז נישט זייער לעצטער בליק אויף אים. ער וועט זיי אַלע אָפּטאָן אויף טערקיש. — ער וועט אַרויס, וועט אַרויס פון זיין ענגעניש. ער גלויבט נישט אַז ס'איז זיין לעצטע שעה. ער וועט אַלץ גובר זיין.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרטראַכטקייט, האָט זיינע אויגן אַ ווענד געטאָן צו די באַזוכער. און אָ, ווער איז, ער, טאַמאַ־רען. איז זי דער טייוול אויך געקומען? איז זי אויך געקומען לשם רחמנות, צי פאַר עפּעס אַנדערש?

און אפשר רעדט ער זיך אַזוי איין, עס דאַכט זיך אים בלויז אַז דאָס איז זי? ער פאַרגעסט, אַז ער איז אַ חולה מסוכן און קען האָבן האַלוציאַנאַציעס. „אָבער ניין, וואָס רעדט ער, אויב נאָר ער איז בכוח צו טראַכטן, איז ער שוין אויך בכוח צו זען".

און באַלד: „ס'איז דאָ אַן עצה. לאָמיר צורופן בנימינען און אים פרעגן ווער עס שטייט אין ווינקל". ער האָט אַזוי געטאָן. און ס'איז זי ער האָט איר געוואָלט אַרויסשיקן, נאָר האָט זיך באַרעכנט: די מאַמע ווייסט דאָך נישט פון דער גאַנצער געשיכטע — און ס'פּאַסט אָוודאי נישט איר ערשט אויפצודעקן...

אָבער באַלד האָט ער פון זיין פאַרטראַגנקייט אַרויס דערזען, זיין קרוב, דעם חברה־מאַן לייביש ברענער. פון זיין אַרבעט אין שפּיטאָל, האָט ער זיי אַלע געקענט. זיי פלעגן זיך יעדעס מאָל

אַרײַנכאַפּן זען, צי עפּעס אַ שווערער חולה איז שוין גרייט פאַר אַ גאַנג...

און כאָטש ס'איז די גויט פון זייער אַרבעט, — האָט עס פון דעסטוועגן ביי אים אויסגעזען ווי אַ מין שפּיאָנירן פאַרן מלאך המוות און ווי, אויך ער, לייביש איז צו אים געקומען זען צי ער איז שוין גרייט.

אַ ברענענדיקער צאָרן איז אין אים אויפגעקומען. ער האָט אויף אים געוואָלט אַ געשריי טאָן. מיט זיינע לעצטע כוחות אַ געשריי טאָן. ער האָט אָבער נישט געשריגן. איצט איז דאָך אַוודאי חל דער „איזה גיבור"... און ווי מעג ער זיך גאָר אָנשטרענגען? וואָס וויל ער צעזעצט ווערן, צי וואָס?

ער האָט געביטן דעם טאָן. און מיט ווייכקייט און איראָניע אַ זאָג געטאָן: „וואָס ר' לייביש, איר זענט מיר שוין געקומען נעמען?...

— וואָס רעדסטו, בערעלע, ווער איז דיר געקומען נעמען. איך בין דיר ווי אַלע געקומען מבקר חולה זיין. און איך וועל נאָך טאַנצן אויף דיין חתונה. וועסט מיט גאָטס הילף זען.

***

ס'איז געקומען דער לעצטער קאָנסאָליום. קרעמפּאָוויטש האָט מיט חשיבות אַריינגעפירט דעם וואַרשעווער פּראָפעסאָר, האָט אים דערציילט די געשיכטע פון דער קראַנקהייט און באַלד איז דער פּראָפעסאָר צוגעטראָטן באַטראַכטן דעם חולה.

דער פּראָפעסאָר, אַ הויכער, מיט גראָע האָר און ברעמען און דורכדרינגנדיקע אויגן, האָט צו בערעלעס האַרץ און פּלייצע צוגעלייגט אַ פאָלירט ווייס רעדל און אויף דעם אָנגעשפּאַרט זיין רעכטן אויער. באַלד האָט ער דאָס רעדל פון זיך אָפּגעוואָרפן און אַרויפלייגנדיק אויפן חולה'ס פּלייצע אַ ווייס שטיקל טוך, האָט ער אים אויפסניי אויסגעהערט.

האָט דערנאָך געציילט דעם קראַנקנס פּולס און אים אַריינגעקוקט אין די אויגן. און אָנווייזנדיק אויף עפּעס קרעמפּאָוויטשן, האָט ער זיך מיט אים אדורכגעוואָרפן מיט לאַטייניש ווערטער. נאָך אים האָט אים קרעמפּאָוויטש ווידער באַטראַכט און דער קאָנסאָליום איז געווען געענדיקט.

ביילטשע איז אַ ציטערנדיקע, ווי פֿאַרן העכסטן בית דין, גע־שטאַנען און זיך צוגעקוקט צום פּראָפֿעסאָרס יעדע באַוועגונג. זי האָט אים מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט דעם סוף פֿון וויזיט. ערשט ווען דאָס אַלץ איז געווען געענדיקט, האָט זי זיך דערנענטערט, אים באַצאָלט און געפֿרעגט ווי עס זעט אויס די לאַגע.

„נאָר גאָט, קען העלפֿן", האָט דער פּראָפֿעסאָר געזאָגט און גלייך גענומען אַרויסגיין. קרעמפּאָוויטש האָט אים באַגלייט צו דער דאָראָזשקע און איז גלייך צוריקגעקומען צום קראַנקן.

ביי ביילטשען איז אויפֿגעקומען אַ גאַנצער שטורעם. אַלץ אין איר האָט זיך ווי אַ ווולקאַן צעשטורעמט. זי האָט אָבער מורא געהאָט אַרויסצופּלאַצן מיט אַ געוויין. האָט זי זיך איינגעהאַלטן. מיט געוואַלט איינגעהאַלטן. האָט קרעמפּאָוויטשן פֿאַרוואָרפֿן מיט פֿראַגן:

— „נו, פּאַניע דאָקטאָזשע, וואָס טוט מען איצט? האָט זי אַ פֿאַרצווייפֿלטע געפֿרעגט.

— ס'איז ליידער גאָרנישטאָ וואָס צו טאָן. מיר האָבן אויס־גענוצט אַלע מיטלען.

— וואָס זשע זאָלן מיר אים לאָזן חלילה?... האָט זי נישט גע־וואָגט צו פֿאַרענדיקן.

— דער קראַנקער האָט אַ שטאַרקן ווילן. ער האַלט זיך זייער גוט. און אַז ער וועט זיך ווייטער אַזוי האַלטן, וועט ער זיך ראַטעווען.

— אפֿשר זאָלן מיר אים שטעלן געהאַקטע באַנקעס?

— שטעלט, האָט קרעמפּאָוויטש ווי מעכאַניש געענטפֿערט.

— וויפֿל זאָל מען שטעלן? צוויי, דריי, פֿיר?

— צוויי, דריי, פֿיר, האָט איר קרעמפּאָוויטש נאָך געזאָגט.

„פֿונדעסטוועגן", האָט קרעמפּאָוויטש געזאָגט: אויב עס וועט עפּעס זיין אַ שינוי צום גוטן, זאָל מען אים גלייך רופֿן. דאָס האָט ער סתם אַזוי געזאָגט, אַליין נישט גלויבנדיק אין זיינע רייד.

דער דאָקטאָר איז אַוועק. ביילטשע האָט גערופֿן חאַנעלע שערער, ער זאָל אויף בערעלעס פּלייצע שטעלן פֿיר געהאַקטע באַנקעס. חאָנעלע, אַ ייִד, אַ דאַרער, מיט אַ שמאָלער, לאַנגער באָרד, האָט מיט ישוב הדעת אַ גלעט געטאָן זיין באָרד און געזאָגט:

„פֿיר באַנקעס, ביילטשע, וועט זיין צו פֿיל. דער קראַנקער איז זייער אָפּגעשוואַכט און מען טאָר ביי אים קיין איבעריקע כוחות

נישט צונעמען. עס וועט זיין געבנוג צוויי. צוויי באַנקעס אויף ביידע זייטן. און גאָט קען אויך העלפן מיט צוויי.

מען האָט אים געשטעלט צוויי געהאַקטע באַנקעס. און ווי מען וואָלט פון אים ס׳לעצטע ביסל כוח אַרויסגעצויגן, איז ער אין אָנמאַכט אויפן קישן אַוועקגעפאַלן און גלייך דעם פאָדעם פון הווה פאַרלוירן. —

אַרויסגעריסן פונעם איצט, — איז ער אינעם עבר געוואָרן איבערגעטראָגן. ער איז דריי יאָר אַלט. דער באַהעלפער טראָגט אים אין חדר. ס׳איז זיין ערשטער רבי. עס שטייט פאַר אים אַ ייד מיט אַ בלאָנד בערדל און גלעט אים איבער זיין קינדעריש קעפל.

אויפן וואַנט העגנט עפעס אַ בילד מיט פונקט אַזאַ קליין בלאָנד בערדל ווי זיין רבי האָט. ער ווייסט נישט צי איז דער אויפן בילד אַ ייד, צי אַ גוי. אַרום חדר געפינט זיך אַ קליין גערטנדל. אַ גער־טנדל, וואו עס וואַקסט גאָרנישט. נאָר וואו די קינדער וואָס זענען פריי פון לערנען שפילן זיך.

אינעם גערטנדל וואַקסט טאַקע גאָרנישט, דערפאַר זענען אין אים דאָ משה רבינוס קיעלעך און פערדעלעך און אַלערליי פליגן און מאָפסן. און יאַנקעלע זאָגט: אַז אויף אַזאַ קיעלע, איז משה רבינו אַנטלאָפן פון מצרים, ווען ער האָט געשלאָגן דעם מצרי. יאַנקעלע, ווייסט אַלץ. ער ווייסט אויך, אַז דער מיטן בערדל אין הדר אויף דער וואַנט, איז נישט קיין ייד, נאָר אַ גוי.

וויזשע קומט אַ גוי אין אַ יידישן חדר? וויל בערעלע וויסן. „נאַרעלע״, מישט זיך שוין אַריין סענדערל. „ס׳איז דאָך דער קיסר. דער קיסר פון גאַנץ רוסלאַנד. און דער קיסר מעג אומעטום זיין אויך אין אַ יידישן חדר. און ער איז אַ שטאַרקער אונדזער קיסר. ער איז אַזוי שטאַרק, אַז ער קען איינגעמען די גאַנצע וועלט״.

„אויך די עשרת השבטים?״ פרעגט בערעלע. „ניין״, ענטפערט יאַנקעלע. די עשרת השבטים קען קיינער נישט איינגעמען. ווייל דער טייך סמבטיון אונטער וועמען זיי וווינען, וואַרפט כסדר מיט שטיינער. און יעדער שטיין איז אַזוי גרויס, אַז ער קען אַוועק־הרגענען אַ פאָלק סאָלדאַטן.

„און דער סמבטיון וועט שוין קיינמאָל נישט אויפהערן צו וואַרפן מיט שטיינער?״ פרעגט ווידער בערעלע. „ער וועט אויפ־הערן, ווען משיח וועט קומען. דאַן אָבער, וועלן מיר צוזאַמען מיט

די עשרת השבטים גיין קיין ארץ ישראל און מיר וועלן מער נישט מורא האָבן פאַר די גוים.

זיין געדאַנק האָט זיך אים איבערגעריסן. אַן אומענדלעכע שוואַכקייט און מידקייט איז אים באַפאַלן. וואו אַלץ אין אים האָט זיך פאַרלוירן. און ער איז ווי אין אַ זומפּ, אין ערגעץ אַ ליידיקייט פאַרזונקען...

ער איז געשטאָרבן און מען טראָגט אים צום בית עולם. אויפן פעלד — שטעלט מען אַוועק זיין ארון לעבן אַ נאָר וואָס אויס־געגראָבענעם קבר. און אָט, וויל מען אים אַרויסנעמען פונעם אָרון און אריינלייגן אינעם קבר.

נאָר דאָ, קומען פון ערגעץ וואו אַרויס זיינע געשטאָרבענע זיידע און באָבע און הייבן אָן שרייען: „וואָס האָט איר אים אַהער־געבראַכט, נעמט אים צו פונדאַנען, דאָ איז נישט זיין אָרט ...

און גלייך נאָך דעם האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט ברייט צעעפנט זיינע אויגן און זיך אינגאַנצן דערפילט דערלייכטערט. דער קאָפּ־ווייטיק איז פאַרשוווּנדן און דער אָטעם איז אים גרינג געוואָרן. און געפילט האָט ער, ווי די גאַנצע משא פון אַלע זיינע קראַנקע טעג וואָלט מיט איין מאָל פון אים געוואָרן אַראָפּגענומען.

ער האָט די נאַכט גוט געשלאָפן. מיט איינמאָל זי אַדורכ־געשלאָפן.

האָט אָבער שטאַרק געשוויצט און איז געווען ווי אין אַ טייך.ביילטשע מיטן דיזשורנעם זענען תיכף צו און אים איבערגעטאָן. די טעמפּעראַטור איז אַראָפּגעפאַלן און דער קריזיס איז געווען געבראָכן.

ער האָט דער מאַמען דערציילט זיין חלום, זאָל זי זיך נאָך איר צער און פּיין, פרייען אין איר גלויבן. — און „אָ״, האָט ביילטשע אַצינד געצאַפּלט פון פרייד: „זכות אבות, דיינע זכות אָבות האָבן דיר געראַטעוועט״.

באַלד איז די שטוב פול געוואָרן מיט באַזוכער. געלויבט צו גאָט, אַ לויב צו גאָט, אַזאַ נס, ס'איז דאָך ווי פונעם קבר אַרויס. חתונה מאַכן דאַרף מען אים, חתונה מאַכן, ביילטשע קרוין, אַ בעל הבית זאָל ער זיין און בויען אַן אייגן הויז״... האָבן די פרומע ווייבער אָפּגעגעבן זייער שבח צום בורא און אויך געפונען פאַר נויטיק ביילטשען צו עצה'ן.

„אָ, ווי דערלעבט מען שוין, אַזוי פיל פון אים זיך אויסגעשטאַ־נען", האָטביילטשע זיי אויף דעם געגנטפערט און זיך אַראָפּ־געריסט פונעם האַרץ.

„אַז דו האָסט דאָס דערלעבט, וועסטו מיט גאָטס הילף אויך דאָס ווייטערדיקע דערלעבן". האָבן זיי איר צוגעוואונטשן.

## קאַפּיטל דריי און דרייסיק

בערעלע איז פאָלשטענדיק געזונט געוואָרן. און ביילטשע האָט זיך צוריק אויף אים אַרויפגעוואָרפן מיט אירע אנשלאָגן. זי האָט ווי די אַנדערע געגלויבט, אַז נאָר דאָס חתונה האָבן קען אים פאַר־היטן פון אַלע זיינע ווייטערדיקע צרות.

די שדכנים האָבן אָפּגעקלאַפּט די שוועלן פון איר הויז און יעדעס מאָל פאַר אים געבראַכט אַ נייעם אָנשלאָג. נאָר בערעלען איז דאָס אַלץ נישט געפעלן געוואָרן. ביילטשע האָט צוליב אים די גאַנצע קראָם פאַרנאַכלעסיקט. איר איבערגעלאָזט אויף איטקעס הענט.

ביז ענדלעך, דאָס קלויבן איז אים שוין אַליין פאַרמיאוסט געוואָרן, און ער איז איינגעגאַנגען אויף אַן אָנשלאָג פון דער פרעמד, פון איינער אַ גרויסער שטאָט. ער איז געפאָרן זען די כלה און זי איז אים געפעלן געוואָרן. ס׳איז געווען אַן איינפאַך מיידל פון מיטל־פאַרמעגלעכע עלטערן. און ער האָט מיט איר געשריבן תנאים.

ווען ער האָט נאָך די תנאים געמאַכט זיין חשבון, האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות. נישט דאָס האָט ער געמיינט. זיין מאַמעס געיעג — און זיין אייגענע איבערקלויבערישקייט, האָט אים צו דעם דערפירט.

ער האָט אָבער פעסט באַשלאָסן מיט איר חתונה צו האָבן. וועט מער זיין וואָרט נישט ברעכן און קיין יידישע טעכטער נישט פאַרשעמען. ער האָט מיט לאה׳ן חתונה געהאַט און צו ביילטשעס פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ.

בערעלע האָט זיך אַריבערגעצויגן אין לאה׳ס שטאָט. איז אַריין אין איר הויז אויף אַלעם פערטיקן. ביילטשע איז געקומען

צו זיינע שמחות און האָט אַ היימגעבראַכט פולע הויפנס נחת. נאָר ער אַליין, האָט פון זיך קיין איבעריקן נחת נישט געהאַט...

איז געוואָרן אַ באַלעבעסל, האָט געמוזט בויגן זיין ווילן פאַר אַנדערע און ווערן סטאַטעטשנער און פרומער. האָט אָבער אויך אין זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און אין זיין לערנען נישט פאַרגעסן.

די נייע שטאָט האָט זיך אויף אים דערקענט. די יידישע געזעל־שאַפט האָט אים אַריינגעצויגן אין איר קרייז. און ער האָט ווי פריער זיך אָנגעהויבן אויסלעבן. נאָר לאה איז פון דעם נישט געווען צו־פרידן.

זי האָט זיך פון זיין אַוועקגיין אין די נעכט, געפילט געטראָפן. האָט נישט געקענט שטילן איר בענקשאַפט און איינזאַמקייט. האָט זיך זייער צוזאַמענלעבן אַנדערש פאָרגעשטעלט און האָט געהאַלטן, אַז אַ מאַן דאַרף בלויז אין זינען האָבן זייערע אייגענע עקזיסטענץ.

בערעלע האָט אָבער אַנדערש געטראַכט. זיינע פריערדיקע געוווינהייטן האָבן אים צוגעשמידט צו זיך און ער האָט זיך נישט געקענט העלפן. און אויך זיינע געפילן צו איר, זענען גאָרנישט אַזעלכע געהייבענע.

און דאָך האָט ער זיך אָנגעהויבן איינצולעבן אין זיין נייער סביבה און אויך צו לאה׳ן זיך צוגעוווינען. סוף כל סוף איז זי אים נישט קיין שלעכט ווייב. זי איז אַ גוטע, פאַרמאָגט אַ פראַקטישן שכל און איז אים ביז צום טויט איבערגעגעבן. און געוווינהייט מאַכט דאָס לעבן...

עס זענען שוין אַריבער אייניקע יאָר זייט ער איז אַוועק פון דער היים. ער פלעגט פון צייט צו צייט אָפּנעמען גרוסן און אויך באַקאַנטע פון דאָרט פלעגן אים אָפּט באַזוכן. האָט געהערט, אַז דער מאַמעס מערכה פאַרבעסערט זיך פון טאָג צו טאָג, פון וואָס ער איז געווען צופרידן.

ס׳האָט אים אַפילו נישט געאַרט, וואָס זי פאַרזעט אים ביים אָפּנעמען אַלטע חובות. „זאָל זי זיך פּאָזשיוויען", האָט ער געטראַכט. אַזעלכע מאַמעס ווי זיינע, וואַלגערן זיך נישט אין די גאַסן, און ווען ווידער וועט זי דאָס אַוועקגעבן, — אירע, אַנדערע קינדער? און וועט ער דען איטקען חתונה מאכן?...

נאָר מיט אַמאָל האָט ער פון איר דערהאַלטן אַ בריוו, וואָס האָט אים שוין פאַרדראָסן. שטאַרק פאַרדראָסן. און ווי ער האָט

איר אַליין נישט געפּרוּווט פֿאַרענטפֿערן, זוכן אויף איר אַ זכות האָט עס אַלץ אין אים דעם פּאַרדרוס נישט געשטילט.

זי האָט אים געשריבן: אַז זי האָט מיט מזל איטקען חתונה געמאַכט. איר חתונה געמאַכט מיט אַ שיינעם, פֿיינעם יונגערמאַן. און דאָס האָט אים אינגאַנצן צעטומלט. ער האָט דאָס נישט געקענט פֿאַרשטיין.

ער האָט איר געקענט מוחל זיין אַלץ. אַלע געלט־חשבונות. כאָטש ער איז שוין נישט קיין מינדער־יאָריקער און איז אַ פֿול־באַרעכטיקטער יורש, און צו דעם אויך אַ גרויסער בעל הוצאה און זיין חלק וואָלט אים גוט צונוץ געקומען.

אָבער וואָס האָט זי אים מורא געהאַט אָנצוזאָגן די בשורה, אַז זיין יונגסטע שוועסטער איז געוואָרן אַ כלה און אים איינלאַדן צו דער חתונה. מען קען דאָך אויך נישט זאָגן, אַז זיין געטרייע מאַמע וואָס האָט זיך פֿון אים אַזוי פֿיל אָנגעליטן, זאָל אים נישט פֿאַרגינען דעם נחת און די פֿרייד.

ווייסט זי דען נישט, אַז ער האָט בתיה׳ן אַליין אַוועקגעגעבן אַן אַנדערן חלק פֿון זיין ירושה? פּשוט איר אַוועקגעגעבן ווי אַ פֿיינעם דרשה־געשאַנק און ער האָט ביז היינט אויף דעם נישט קיין חרטה. ניין, זאָל עס איר וווּיל באַקומען.

נו, איז וואָס זשע האָט זי געקלערט, אַז ער בערעלע וועט זיך קעגנשטעלן אָפּצושרייבן פֿאַר איטקען אַ פֿערטל הויז? ווייסט ער דען נישט, אַז מען מוז זיך פֿאַר אַ מיידל אָנשטרענגען און אַז סוף כל סוף, קומט דאָך איר, איטקען, אויך עפּעס?

איז דערפֿאַר, צוליב דער דאָזיקער מורא, האָט זי אים נישט צווויסן געגעבן פֿון איטקעס שידוך און אים נישט גערופֿן צו דער חתונה? ער קען דאָס נישט פֿאַרשטיין.

און נאָך מער קען ער נישט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי האָט עס געקענט קומען דערצו, אַז אַנשטאָט אַ פֿערטל הויז, ווי איר כוונה איז געווען ביים אָפּשרייבן, איז גאָר אויפֿן נייעם שוואָגער געוואָרן אָפּגעשריבן אַן האַלב הויז, צוליב וואָס זי אַלאַרמירט מיטן בריוו און בעט אים תיכף צו קומען צו פֿאָרן צו פֿאַריכטן די עוולה?

איז דאָס דער מאַמעס אַ בכוונהדיקער־פֿאַרזען, כדי צו באַחשקן דעם חתן צום שידוך און אַצינד, שוין נאָך דער חתונה, דרייט זי

אויף צוריק, אָדער איז דאָס דעם שוואָגערס אַ פּשוטער שווינדל ? ער קען דאָס נישט וויסן.

אין דער אמתן, איז זיין מאַמע קיינמאָל נישט געווען קיין צו גרויסער מאַדים אויף פּויליש, בפּרט אויף „נאַטאַרישע" אָפּשריי־בונגען, וואו ס'איז נויטיק אַ יורידישע סמאַקאַלקע. זי איז אָבער נישט קיין נאַר און געניג פּאַרזיכטיק, זיך נישט צו לאָזן אָפּנאַרן.

אויב זי פאַרשטייט אַליין נישט עפּעס, וועט זי שוין געפינען דעם פּאַסיקן מענטש אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. אויב אַזוי זשע, מיינט עס דאָך, אַז זי האָט עס לכתחילה געטאָן בכוונה, כדי אַריינ־צוקריגן דעם יונגערמאַן. איז פאַרוואָס זשע האָט זי פאָרט מורא געהאַט אים צו רופן אויף דער התונה ?...

די דאָזיקע קלאָרקייט איז אים נויטיק נישט בלויז פאַר זיך, וואָס דאָס איז אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, נאָר דער עיקר, כדי צוּוויסן ווי צו האַנדלען אוןריידן מיטן שוואָגער.

ער האָט פון דעסטוועגן באַשלאָסן צו פאָרן אין זיין שטאָט און דער מאַמען אין דעם אָרויסהעלפן. ער קען דער מאַמען, וואָס פאַר אַ כוונה זי זאָל דערביי נישט האָבן געהאַט, אָפּזאָגן. און פאַר־וואָס ווידער זאָל ער נישט צורעכט מאַכן אַזוי, אַז עס זאָל פאַר יעדן איינעם אויסקומען גלייך און אויסמיידן מחלוקת צווישן אייגענע ?

* * *

ער האָט לאה'ן איבערגעגעבן אַז ער פאָרט אויף אַ שבת צו דער מאַמען. האָט איר אָבער נישט דערציילט צוליב וואָס ער פאָרט.

— האָט מורא געהאַט זיין פּרעסטיזש זאָל ביי איר נישט פאַלן.

זי וועט דאָך טראַכטן : „אַפילו זיין מאַמע האַלט נישט פון אים. איז אים מעביר נחלה און רופט אים אַפילו נישט אויף זיין שוועס־טערס חתונה. גיי לאָז זיך מיט איר אַריין אין מעשיות, וואָס זי וועט סיי ווי סיי נישט פאַרשטיין. איז גלייכער באַלד נישט אָנצוהויבן.

לאה און די שוויגער, אַ טונקעלע, עלטערע, נידעריקע פרוי, זענען פון זיין פאָרן נישט געווען צופרידן. האָבן זיך אַפילו געפילט באַליידיקט. זיי האָבן נישט געקענט באַנעמען, ווי אַזוי מען לאָזט איבער אַ יונג ווייבל מיט אַ קראַם און מען פאָרט אַוועק פונעם

אייגענעם שבת. „דאָס קינד האָט זיך פאַרבענקט נאָך דער מאַמען", האָט לאה אַ פאַרביטערטע, סאַרקאַסטיש זיך אָנגערופן.

זאָל ער פאָרן, זאָל ער פאָרן; האָט ווי מיט גאַל געשפּריצט די שוויגער, סיי ווי סיי גייט ער אַוועק אויף גאַנצע נעכט און לאָזט איבער דאָס ווייב מיט דער שטוב". האָט די שוויגער טילה זיך אַריינגעמישט.

בערעלע האָט פאַרשטאַנען זייערע געפילן, האָט זיך אָבער נישט געקענט העלפן. ער מוז ערשטנס העלפן דער מאַמען. און ער איז אַליין פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס עס קומט דאָרט פאָר און וויל זיך אויך באַקענען מיטן נייעם שוואָגער. און אַז עס וועט אים נאָך געלונגען די זאַך צורעכט מאַכן, איז אַוודאי גוט.

„איך פאָר נאָר אויף אַ טאָג צוויי, איך דאַרף דערליידיקן אַ וויכטיקן ענין". האָט ער זיי געפּרוווט באַרוהיקן.

ער איז געפאָרן און האָט די זאַך צורעכט געמאַכט. באַלד ביי זיין ערשטן שמועס מיט טוביה'ן, דעם נייעם שוואָגער, איז טוביה געווען באַכגיביק און ווייך ווי פּוטער.

„ס'איז געווען אַ טעות", האָט ער דערקלערט. און ער איז גרייט דעם טעות צו פאַריכטן. ער וועט דאָס פּערטל הויז צוריק שרייבן. און בערעלע, הערנדיק דאָס, האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין די סיבות. — צו וואָס צוריק אויפרודערן די געמיטער?... ער דאַרף נאָר האָבן דעם רעזולטאַט. און ער האָט אים. און דאָס איז אַלץ...

ער איז פון זיין וויזיט געווען צופרידן. בפרט אַז ער האָט די זאַך דערליידיקט. און נאָך מער איז ער געווען צופרידן, וואָס ס'איז זיין מאַמען געלונגען צו טאָן אַזאַ פיינעם שידוך.

דאָס לעצטע איז נאָך בעסער ווי דאָס ערשטע. — טוביה, איז אַ ווילער יונגערמאַן אינעם פולן זין פון וואָרט. קען לערנען, איז אַ בעל קורא און זינגער, פון וועמען אַלע אין שטיבל האָבן הנאה און איז אויך אַ יידישער און העברעאישער לערער, מיט גוט וועלט־לעך וויסן.

און איטקע, די מוזשינקע, איז עס פיל גרינגער אָנגעקומען ווי די בכורה חנה'לע, וואָס מוז אויך ערשט, איר מאַן צוהעלפן אין דער פרנסה.

און נאָך מער איז אַצינד זיין מאַמע ביילטשע געווען צופרידן.

בפרט, נאָך בערעלעס פאַריכטן די זאַך. — איר שליחות וואָס זי האָט גענומען אויף זיך, איז פאַרענדיקט. זי האָט אירע קינדער התונה געמאַכט, און מיט כבוד. און זי האָפט, אַז זי וועט מיט גאָטס הילף שוין רוהיק אויסלעבן אירע יאָרן.

## קאַפּיטל פיר און דרייסיק

יודל „באַנק״ איז אין די טעג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געוואָרן באַפרייט. סיי ווי האָט אים דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד געהאַלטן פאַר אַ מאַרטירער. בפרט, אַז ער האָט געהאַלטן אין איין טענה׳ן, אַז ער איז אומשולדיק, אַז מען האָט אויף אים געמאַכט אַ בלבול.

אין די ערשטע טעג פון זיין באַפרייאונג, איז ער ווי געוועזן גליקלעך. נאָר שפּעטער, ווען די צרות פון זיינע וואַנדערונגען און די שוועריקייטן זיך אומצוקערן קיין פוילן, האָבן זיך געשטאַרקט, איז ער געוואָרן אַנטוישט און זיין פריערדיקע באַגייסטערונג האָט זיך אָפּגעקילט.

און דאָך האָט דער ווילן זיך אומצוקערן אַהיים, און אויך זיך נוקם צו זיין אין ביינישן, אים געשטאַרקט. האָט ער געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט, איז געפאָרן און געגאַנגען; ביז ער האָט זיך דער־שלעפּט קיין פוילן.

נאָר אין פוילן איז שוין געווען אַן אַנדערע אָרדענונג. די פריער־דיקע באַטשאַלניקעס זענען נישט געווען. זייערע ערטער האָבן פאַרנומען די דינער פונעם ווייסן אָדלער. — און דעם גאָראָדאָוואָי מיט דער לאַנגער שווערד, האָט פאַרביטן דער פוילישער פּאָליציאַנט מיטן באַגאַן און פּאַלקע.

אויך פיל פון זיינע פריינט זענען נישט געווען. און די וואָס זענען געבליבן, האָבן אים נישט דערקענט. אים פאַרבייגעגאַנגען און נישט געזען. — און אַלץ האָט זיך פאַר אים אַזוי געענדערט, אַזוי אַנדערש געוואָרן...

אויך ביניש איז נישט געווען. האָט נישט געלעבט. און ער האָט נישט געהאַט אין וועמען זיך נוקם צו זיין. און קיינער זעט אים

נישט און דערקענט אים נישט. און אַ גאַנצע איבערקערעניש איז אין אים אויפגעקומען. ער איז אַן אַנדערער געוואָרן...

דאַכט זיך דער זעלבער הויכער, ברייט־פּלייציקער יודל, מיטן ארויסרופערישן בליק. — און דאָך נישט דער זעלבער. רעזיגנירט און פאַרשלאָסן אין זיך, איז ער געגאַנגען ווי אַ זייטיקער, אַ נישט־דאַאיקער...

און מענטשן האָבן ווידער אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר אים. מורא האָבן, נישט פאַר זיין שטאַרקייט, פאַר זיין גבורה; נאָר פאַר זיין רעזיגנירטקייט, פאַר זיין נישט־דאַאיקייט. —

ביז אין איינעם אַ טאָג, האָט זיך דאָס לעבן פון אים אָפּגעטאָן. אָפּגעטאָן אַזוי שטיל, ווי שטיל ער האָט אין די לעצטע טעג געלעבט.

זיין לוויה איז געווען אַ קליינע און אייליקע. ווייניק האָבן זיך אין אים דערמאָנט. און פון זיי, — האָבן אַ טייל צו אים געהאַט טענות. נאָר די אַנדערע האָבן אים באַדויערט: „אַ מאַרטירער געווען. פאַר פרעמדע זינד אָפּגעקומען"...

***

יאַנטשע דאָס הערבעלע, האָט נאָכן אָפּזיצן אין אַ פּוילישער תפיסה, זיך אַנטוישט אין דער רעוואָלוציע. און נאָך יידלס טויט, איז ער געוואָרן אַ בעל תשובה.

און מאַשע שיינמאַן איז באַלד נאָך פּוילנס אויפקום אַוועק קיין פּאַריז. האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ רייכן בייטל־מאַכער און אָנגעהויבן פירן אַ בעלעבאַטיש יידיש הויז.